# שריפטען

א דריי מאָנאַט בוך



פאַרלאַג אַמעריקאַ

הערבסט, 1919.

# אינהאלט:

אל. גוריה:

פאר מיינע פים.

ב. ריווקין:

צו אונזערע שריפטשטעלער.

אל. גירית.

פאַר מיינע פיס.

ווארט —
ווערסט זעהען:
דער לויהן וועט קומען,
אי זיי, אי אונז. —
דער רויך וועט נור פאראיבערגעהן איגנאַנצען,
א שיין טאָן וועט א ליכטיגקייט אין זייערע אויגען,
יענע ליכטיגקייט,
דורך דורות אָפגעהיטענע,
אומעטום געטראָגענע
פון אונז, דעם טויזענט מאָל גע'גוסס'ט פאָלק.
און דעמאָלט
שאנד וועט ברענען זייער רוצח'ש בלוט.
פאר אונזערע פיס
וועט ליגען א צוטראָטענע און אונבאהאָלפענע
זייער דרייסט געוואָרענע מאַכט,
זייער פרייד און לוסט נאָך רויב און בלוט.
דער לויהן וועט קומען
אי זיי, אי אונז.
ווארט,
אהן טרער, אָהן זיפץ,
פארשטיינערט־רוהיג,
זאָלען מיר דאָ שטעהן,
שטעהן און היטען, אויפהאלטען, באשיצען, ליבען
דאָס, וואָס איז פאר אונז געבליבען.
און וואָס מען האָט פון אונז גערויבט און צוגענומען —
בארעכענען, פארצייכענען.
דו, וואָס קומען דארפסט,
דעם לויהן פארטיילען זיי און אונז
זאָלסט קומענדיג עס וויסען —
זאָלסט קומענדיג עס וויסען...

## ב. ריווקין.

### צו אונזערע שריפטשטעלער.

די וואָרט־קינסטלער זענען אונזערע איינציגע טאלאנטען.

אונזערע פּובליציסטען, פּאָליטיקער, פילאָזאָפען זענען טאלאנטלאָז.

דאָס מוזען מיר זאָגען — אין דער איצטיגער, ערנסטער, געפער־ליכער קריטישער צייט — אין דעם קורצען מאָמענט פאר דער קאטא־סטראָפע.

ניט די צייט איצט צו שפּילען זיך מיט ווערטער. אויב עס איז אָנגענומען געווען, אז אין ליטעראטור און וועגען ליטעראטור מעג מען רעדען גלאט אזוי זיך, ארויסזאָגען מיינונגען, וואָס זענען אלץ שענער, וואָס ווערטלאָזער זיי זענען, ווייל ליטעראטור איז א פרייע רעפּובליק. מיט פולער „מיינונגס־פרייהייט" מוז איצט גערעדט ווערען אין פולען ערנסט, געוואויגען און געמאָסטען, מיט הארבער שטרענגקייט צו זיך און ניט זשאלעוועגדיג קיינעם.

מען מוז אפּעלירען — איינפאך אפּעלירען, ווי מען אפּעלירט נאָך הילף פאר די מלחמה־קרבנות — צו די איינציגע מענשען ביי אונז, וועלכע זענען באגאבט מיט שעפערישען טאלאנט — זעהט, טוט וואָס פאר אונז! אין דער איצטיגער צייט ווען קיין אנדערע זענען ניטאָ, וועט א י ה ר מוזען נעמען אויף זיך צו ראטעווען אונז פון חורבן!

דער אפּיל האָט געדארפט אדרעסירט ווערען ניט נאָר צו די וואָרט־קינסטלער נאָר צו אלע אידישע קינסטלער — מאלער, מוזיקער, אויך צו די ארטיסטען פון דער ביהנע. צום באדויערען אָבער, דערגרייכט צו זיי ניט קיין אידיש וואָרט; זיי פּרעטענדירען אפילו ניט אויף קיין אָרט אין אונזער אידישען עפענטליכען און גייסטיגען לעבען.

איך מוז דאָ אָבער פאַרלויפען דעם וועג אַן אַלטער טענה.

ווען איך רוף צו אונזערע וואָרט־קינסטלער, זיי זאָלען אונז טאָן א דינסט, מיינט עס ניט, אַז איך פאָדער נישט אנדערש, זיי זאָלען פאַר־שווענבען זייער בארוף, זיי זאָלען ארויפצווינגען אויף זיך א טענדענ־ציעזע מיסיע — צו זיין די משרתים פון דער צייט.

ליטעראטור לשמה, קונסט לשם קונסט — דאָס איז אַן אַלטער כלל, וואָס בלייבט אַלעמאָל ריכטיג, און מען דאַרף נעגען איהם ניט זינדיגען, אפילו פאַר דער וויסענשאַפט האָט דער כלל א גילטיגקייט: די וויסענ־שאַפט לשם וויסענשאַפט! זי מוז האָבען פאַר די געלערטע א זעלבסט־שטענדיגען אינטערעס, אַן אינטערעס אין זיך, אום זיי זאָלען קענען אָנ־געהן מיט זייער ארבייט ווי געהעריג. זי טאָר ניט אונטערוואַרפען ווע־רען צו אַן אויסערליכען ציל. מען קאָן, צום ביישפּיל, ניט פאָרשען די נאַטור מיט דער הינטער־כונה — צו געפינען א פאַרענטפערונג פאַר דער טעאָלאָגיע.

אָבער דאָס לייקענט דאָך ניט אָפּ דעם פאַקט, אַז נאָכדעם ווי די וויסענשאַפט האָט אָפּגעטאָן איהרם, האָט פאַרענדיגט איהר ציקל, נעמט זי דינגען דער ווירקליכקייט מיט איהרע רעזולטאַטען.

וואָס פאַר א גוואַלדיגען פּראַקטישען נוצען עס ברייננט דער ווירק־ליכקייט אָט די עגאָאיסטישע, אין זיך גופא פאַראינטערעסירטע און פאַרשלאָסענע וויסענשאַפט!

אַזוי שטעהט עס אויך מיט דער שעפערישער ליטעראטור.

שאַפען מוז זי זיך לשמה — וואָס שענער, גאַנצער, אין זיך גופא פאָלקאָמענער זאָל זי זיין, אין פולען איינקלאַנג מיט די ריין עסטעטישע געזעצען.

אָבער דאָס נעמט ניט אוועק איהר ניצליכקייט. דוקא, וואָס בע־סערע ליטעראטור, אַלץ ניצליכער!

איך ריזיקיר צו ווידערהאָלען אַלטע אמת'ען, אָבער מען מוז עס טאָן:

ווען מען זאָגט ליטעראטור לשמה, קונסט לשם קונסט — באַציהט זיך דאָס בלויז אויף דער פאָרם, זי דאַרף זיין פריי, אויסגעהאַלטען און גאַנץ אין זיך אליין, אָהן שום הנחות צו א טענדענץ, אָהן שום זייטיגע פניות.

אָבער דער אינהאַלט פון דער ליטעראטור איז דער אינהאַלט פון

לעבען גופא, וואס אין לעבען איז פאראן, איז פאראן אויך אין דער ליטעראטור, און נאך מער! ווייל דאס לעבען האט ניט קיין פארענדיגטען אינהאלט. דאס לעבען פארמאגט נאר ברעקלעך, און דער שעפער נעמט די ברעקלעך און מאכט פון זיי גאנצע שטיקער, און עס איז ניט צו דערקענען, אז דאס זענען געווען ברעקלעך, ווייל די שטיקער זענען פון איין גוס, ווייל אזוי פארלאנגט די קונסט־טעכניק, די פארם.

און דערמיט דינט די ליטעראטור דעם לעבען; זי גיט דעם לעבענס־אינהאלט א פארם.

און די לעבעדיגע ברעקלעך, וואס מיר רופען מענשען, נעמען אומבאוואוסט פאר זיך אליין איבער די פון דער ליטעראטור געשאפענע פארמען — און וואקסען אריין אין זיי, זייער וואקסען האט איצט א פלאן, א ציל, א אידעע, אהן דעם איז קיין וואקסען ניט. און אזוי ווערען די פארמען — פון דער ליטעראטור — די פורעמס פון לעבען. די ליטעראטור פורעמט, פארמולירט, מולירט דאס לעבען.

דאס באציהט זיך סיי אויף געשטאלטען און סיי אויף געפיהלען. ווארים ברעקלעך מענשען האבען פיצלעך געפיהלען.

סיי די געשטאלטען און סיי די געפיהלען פון די לעבעדיגע מענשען נויטיגען זיך אין דער טבילה פון דער ליטעראטור, צו ווערען גאנצע געשטאלטען און גאנצע געפיהלען.

יא, אלטע רייד, אבער עס איז גוט זיי איבערצוריידען, און איך זאג זיי נאך אמאל: די לעבעדיגע מענשען דערגרייכען זיך אליין ערשט, ווען זיי שטעקען זיך אן מיט געשאפענע געשטאלטען און געפיהלען.

עס איז א טעות, ווען מען מיינט, אז מענשען אנטוויקלען זיך דורך אידעען. אידעען ווייזען נאר די גרענעצען; זיי זענען די וויארסטען, די סלופעס אויף זייער אנטוויקלונג וועג.

אמת, עס קענען אויך זיין טאלאנטען פון געדאנק — יעדע פעהיגקייט ארויסצוברענגען נייעס, מחדש צו זיין — איז טאלאנט — אבער אין בעסטען פאל, אפילו געניאלע דענקער ווייזען נאר דעם וועג, די ריכטונג...

די ליטעראטור — די שמעלץ־גיסעריי פון געשטאלטען און געפיהל־

לען — מאכט אָבער די מענשען ג ע ה ן דעם אָנגעמערקטען אַנטוויק־לונג־וועג און די אָנגעוויזענע ריכטונג.

די ראָלע פון ליטעראַרישען שעפער קאָן צוגעגליכען ווערען צו דער ראָלע פון א בעל־שם אָדער מאָדערנעם היפּנאָטיזיאָר — ער טרייבט ארויס דבוקים און זעצט אריין נייע מענשען; ער פארערדט פון ביין און רעדט אריין גוטס.

דער דענקער קאָן אפשר אויסטראַכטען מענשען; דער שאפער בענשט די אויסגעטראַכטע מענשען, און זיי ווערען בלוט און פלייש און געדייהען אונטער זיין ברכה.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם פארגלייך צווישען שאפער און דענקער. אָבער מיר האָבען דאָך גאָר קיין דענקער ניט. קיין געניאַלע אודאי ניט. און אפילו גאַנץ פּשוט'ע טאַלאַנטען אויך ניט.

און דאָס מוז אויך געזאָגט ווערען וועגען די דענקער פאר דער לי־טעראַטור — די קריטיקער.

אונזערע קריטיקער זענען ניט קיין וועגווייזער, קיין פיהרער, קיין אויסשפּרייטער פון פּערספּעקטיווען.

מיר האָבען ניט געהאַט קיין קריטיקער באַנבערעכער, ניט קיין בע־לינסקים און ניט קיין דאָבראָלובאָווס.

ווען די רוסישע ליטעראַטור איז געוואָרען א וועלט־ליטעראַטור — איז שווער געווען צו זאָגען אויף וועמען עס פאַלט אויס א גרעסערער חלק פאַרדינסט — צי אויף די שאפער, צי אויף די קריטיקער.

אויף אונזערע קריטיקער לאָזט זיך דאָס ניט זאָגען.

[illegible] בעסטע, וואָס זיי האָבען געטאָן, [illegible] — וואָס זיי האָבען ארי־בערגעבראַכט צו אונז עטוואָס [illegible] אייראָפּעאישע מאַנירען.

און דערפאַר איז געקומען, וואָס מיר האָבען נאָך אפילו ניט אַנט־דעקט אונזערע שריפטשטעלער; מיר דאַרפען ערשט נעמען זיך טאָן די פאָר־אַרבייט — אויסצוגעפינען די שפּורען פון געניאַליטעט ביי אונ־זערע טאַלאַנטען.

און דערפאַר איז אויך געקומען, וואָס אונזער ליטעראַטור שטעהט נאָך אַלץ אין פאָרהויף פון דער וועלט־ליטעראַטור; ווען זי וואָלט שוין געדאַרפט לכל הפּחות שטעהן אויף דער מדרגה פון דער סקאַנדינאַווישער.

מיר דארפען זיך ארומקוקען וואו מיר האלטען אין דער וועלט. מיר האלטען פאר א קאטאסטראפע — אלע רעטער זאלען זיך צונויפנעמען!

מען דארף מאכען דעם חשבון הנפש, אונטערפירען די סך־הכל'ען. מען דארף איבעררעדען נאך אמאל, וואס עס איז שוין גערעדט געוואָרען, נאָר מיט א הארבערען מיין; איבערשעצען די ווערטען, נאָר מיט א שטרענגערער כונה. וואס האָט מען אויפגעטאָן און וואס בלייבט נאך צו טאָן, מיט וואָס אָנהויבען דעם נייעם אָנהויב?

דער ערשטער סך הכל איז, אז ביי אונז האָט זיך באשאפען א ליטעראטור אין ריינעם זין פון וואָרט; אָנשטאָט מוסר־ספרים — איז געשאפען געוואָרען א ליטעראטור, וואס האָט איהר צוועק אין זיך; וואס איהר עיקר איז די קונסט פון שרייבען; נימ פרעדיגערייי, נאָר שילדערונג.

אָנשטאָט דעם שטרענג אידישען דינסט צום אמת, האָבען מיר זיך אויסגעלערנט אויך דינען דער גריכישער געטין פון שענקייט.

און אלס אזעלכע, אלס שעהנשילדערונג, האָט די ליטעראטור אונז געטאָן א דינסט, וואָס איז ניט אָפצושאצען. א דאנק איהר זענען מיר אזוי לייכט איבערגעקומען די אָפּראציע, וואָס האָט אונז פון אלטע נייע אידען געמאכט, מיר זענען איבערגעקומען דעם פארצייטיגען אידען אין אונז, מיר זענען אומבאמערקט אריבערגעשפרונגען א גאנצען דור.

אָנשטאָט דעם אבסטראקטען און פרוכטלאָזען משכיל'ישען קאמף מיט דעם אבערגלויבען, האָט די אידישע ליטעראטור אין איהר ערשטער פעריאָדע — דורך מענדעלי'ן, שלום עליכמ'ען, פרצ'ען, און שפּעטער דורך אש'ען און רייזינ'ען אונז געוויזען אונזער אייגענע געשטאלט פון א זייט, געמאכט אונז פאר אויסערליכע באָאבאכטער פון זיך אליין. זענען מיר דערהויבען געוואָרען און מנצח געווען — „איבערוואונדען" — דעם פארצייטיגען אידען אין אונז, אזוי גיך, ווי מיר האָבען דעם אלטען אידען פארשטאנען, האָבען מיר איהם מוחל געווען, און אזוי זענען מיר מיט איהם פארטיג געוואָרען.

ספּעציעל גרויס איז רייזינ'ס פארדינסט. ער האָט גענומען דעם ערגסטען סאָרט אידען — דעם ליטוואק — דעם נפש פון קאָפּ און געדאנק — און האָט איהם געמאכט פאר א גאנצען מענשען, נאך מער: פאר א פּאָעטישען מענשען. אויך אזוי האָבען מיר זיך גאנץ פריינדליך צעזעגענט מיט איהם — און פּטור.

אלזאָ, דאָס איז דער פארדינסט פון דער אידישער ליטעראטור — זי האָט געמאכט די אידען פאר מענשען; זי האָט זיי געגעבען גלייכבאַרעכטיגונג.

אָבער גלייכבארעכטיגונג איז ניט גענוג; מיט אונזער גאנצער אידישער גלייכבארעכטיגונג געהען מיר אונטער; מען דארף אונז געבען וועלט־באדייטונג, און פאר דעם דארפען מיר זיך איצט ווענדען צו די איינציגע שעפערישע גייסטער — די קינסטלער פון וואָרט.

דאָס איז אייער פליכט; איהר טאָרט זי ניט אויסווייכען. מיר שטעהען פאר א חורבן; טוט, וואָס די רוסישע שריפטשטעלער האָבען געטאָן אונטער'ן צאר; וואָס די פוילישע האָבען געטאָן, כדי צו קאָנסערווירען דאָס פוילישע פאָלק פאר דער קינפטיגער פוילישער רעפובליק; און וואָס די סקאנדינאווישער האָבען געטאָן, כדי זייערע פאָר מיליאָן זאָלען זיך אָנזעהן, ווי א גרויס פאָלק.

דאָס אידישע לעבען גיט ריזיגע מעגליכקייטען. מיר זענען א פאָלק פון דער גאנצער וועלט, צעוואָרפען צווישען פארשידענע פעלקער און קלאסען; מיר שטעהען אויף די אויבערשטע און אונטערשטע געזעלשאפטליכע שטאפלען; מיר שפילען די העכסטע און נידריגסטע ראָלען.

מיר זענען א פאָלק פון דער גאנצער וועלט און אונזער ראָמאן קאָן האָבען די גאנצע וועלט פאר א ראם; אונזערע מאָטיווען קאָנען זיין וועלט־מאָטיווען און אונזערע לידער — לידער פון דער גאנצער מענשהייט.

אונזערע פּראָבלעמען זענען די טיפסטע, און אין פארגלייך מיט אונזערע, זענען די טראגישע ווידערשפּרוכען פון דאָסטאָיעווסקי'ס העלדען נארישע קינדער־זאָרג.

דאָס קרומע און לאָמע, צעריסענע און צעשויבערטע אידישע לעבען שוויבעלט און גריבעלט מיט ברוכשטיקער — האלבע און פערטעל — געשטאלטען — וואָס קאָנען קיינמאָל ניט פארענטפערט ווערען; אָבער די לעבעדיגע ברוכשטיקער זענען אָנגעוויזונגען אויף גרויסע מענשען, אָנדייטונגען אויף העלדען מיט וועלט־באדייטונג.

מיט אזעלכע האלבע מענשען איז פול די אידישע אינטעליגענץ.

דער רעאליזם אליין איז ניט גענוג פאר דעם צוועק. ער קאָן ניט פארפרוכפערען די אידישע ברוכשטיקער מיט די אילוזיעס, וואָס זענען

גויטיג פאר זייער תקון. עס מוז געשלאָסען ווערען א שותפות צווישען רעאליזם און ראָמאנטיזם; דער רעאליזם זאָל געבען די ברוכשטיקער, און דער ראָמאנטיזם די אילוזיעס.

לאָמיר אזא פאָרם אָנרופען נעא־רעאליזם; בעסער עס גאָרניט אָנ־רופען דערווייל מיט א נאָמען..

מיט דעם רעאליזם וועט אונז ניט אויסקומען צו קעמפען שווער, וואָרים צום גליק, האָט דער אידישער רעאליזם ניט קיין צו פעסטע טראַ־דיציעס, און עס וועט זיין לייכט זי צו ברעכען. ער האָט ביי אונז פון אָנפאנג אָהן א מום געהאט — א שעהנשרייבערשער געוויין...

און צום גליק איז דער אָנהויב שוין געמאכט געוואָרען: אונזער רעאליזם האָט אין זיינע בעסטע מאָמענטען שוין איבערגעטראָטען זיינע גרענעצען, דער אידישער שאפונג־אינסטינקט, וועלכער שאפט ווי גאָט דורך זיינע נביאים, — אין סימבאָלען, — האָט זיך שטארק געלאָזט פיהלען. אָנשטאָט צו געבען לעבען־טיפען, ווי דער פשוט'ער רעאליזם איז זיך נוהג, האָט ער גאָר געגעבען פארקערפערטע כלל־געשטאלטען:

דער סימבאָליזירטער אידישער בטחון אין „מענדעלי'ן", פון וועלכען ביי שלום עליכמ'ען זענען געבאָרען געוואָרען צוויי זיהן: טביה דער יושב אוהל און מנחם מענדעל דער נע־ונד'ניק.

עס האָט נאָר געפעהלט, דאכט זיך, א געהעריגער סוזשעט, די דריי זאָלען ווערען וועלט־געשטאלטען, ווי סערוואנטעס'עס דאָן קיכאָט.

אונזערע שריפטשטעלער האָבען נאָך אויף אנדערע אורחים עובר געווען אויפ'ן רעאליזם: ביי פרצ'ען איז דער רעאליזם אָנגעווייניגט מיט דעם טרויבענזאפט פון ראָמאנטיזם.

אויך זיינע גרענעצען זענען געבראָכען.

ביי די מיטעליעריגע און אינגערע אידישע שריפטשטעלער מערקט זיך א פארמעסטען זיך אויף א ברייטערען פארנעם, ווי דער קאָפּירענדער רעאליזם ערלויבט. שלום אש האָט אין זיין טרילאָגי „מערי" (דער דריטער טייל דארף ערשט געשריבען ווערען) געגעבען א טיפ פון א אידיש אדעליג מיידעל, וואָס איהר צניעות, ביים אויפלייזען זיך אין זינדיגקייט, איז געווען די באוועגענדע קראפט פון ניט איין, אָהן גוזמא, אידישע און ניט אידישער רעוואָלוציאָנערע פארטיי־מאשין אין רוסלאנד און פוילען.

דאָס איז א געוועב אויף א ברייטען שטח פון רוים.

אפּאטאשו האָט אין זיינע „פּוילישע וועלדער" ארומגעכאפּט אין ברייטע מאסען־שטריכען דריי אידישע דורות אין פּוילען — דורות פון סוחרים, חסידים און רביים — און האָט דערגרייכט ביז צו א פערטען דור, וואָס געהט ערשט געבאָרען ווערען.

א געוועב אויף א ברייטען שטח פון צייט.

איגנאטאָוו האָט פּארוואָרפען אן אילוזיע און א לעגענדע פון היינט אין דער צוקונפט אריין — די ברוך־געשטאלט פון זיין ראָמאן „אין קעסעל גרוב".

ער האָט אויך אויפגעהויבען אלטע אידישע נסים — אין „פארבאָר־גענעם ליכט" — און גענומען אויסזויגען פון זיי א היינטוועלטיגען זין.

ער האָט די געגענוואָרט פארוועבט מיט פארגאנגענהייט און צו־קונפט — מיט ניסים און אילוזיעס — דאָס איז שוין א שניט פון עכט אידישען שאפען — און דאָס אלץ אָהן דער איינלאדונג און דער דער־מאָנונג פון די קריטיקער, אָהן דעם זיי זאָלען אָנווייזען דעם וועג און מיטגעבען שוואונג אויף דער רייזע.

און ווידער, אויך ניט געבעטען, אפשר גאָר געשטערט פון די קרי־טיקער, האָט פינסקי אָנגעהויבען ארויסלייענען גאנצע סוזשעטען פון אונזער פארגאנגענהייט און צוקונפט.

יהואָש, אומבאמערקט פאר די קריטיקער, באזינגט שוין פון יאָרענ־לאנג דעם אידישען העלד, וואָס איז באפּאנצערט מיט ליבע און גלויבען — א מין בידריגערע מדרגה פון משיח'ן.

און אין דעם פארשידענארטיגען כאָר פון אונזערע יונגע פּאָעטען הערען זיך כסדר אָפּקלאנגען פון מעסיאנישע שטימונגען.

*　*　*

דער רעאליזם באארבייט א באגרענעצט פעלד, זייענדיג לעבענ־געטריי, מוז ער זיך באנוגענען מיט קליין־געוויקסיגע מענשעלעך, וואָרים אין דער געגעבענער ווירקליכקייט ווערט קיין העכערער מענש ניט פאר־ענטפערט נאָר די צוקונפט פארענטפערט איהם.

בפרט ביי אידען. אָהן געשיכטע און אָהן צוקונפט קאָן אפילו דער קלענסטער איד ניט פארשטאנען ווערען.

דאָס אידישע לעבען גיט נאָר ליידיגע פאָרמען, וואָס מוזען אויס־געפילט ווערען; נאָר ברוכשטיקער, וואָס מוזען דערגענצט ווערען.

צו דעם איד, ווי ער איז, מוז צוקומען אן אילוזיע, צו מאַכען פון איהם א פולע געשטאַלט.

און די אידישע שאַפער האָבען פון וואַנען צו שעפּען אילוזיעס אויף צו פאַרענדיגען די פון לעבען אָנגעהויבענע געשטאַלטען. אי דעם אי־דישען פאָלק־באַוואוסטזיין איז דאָ אן אוצר, וואָס איז אָפען פאַר יעדען, וואָס האָט אין זיך שאַפענדע לעבענקראַפט; אן אוצר, וואָס האָט אויס־געטיילט, טיילט און וועט אויסטיילען געשטאַלטען נאָך געשטאַלטען, וואָס פליצט און וועט פלייצען מיט שטימונגען און איבערשטימונגען — שטימונגען און געשטאַלטען, דערהויבענדע, דערלייזענדע, אָנשטעקענדע, היפּנאָטיזירענדע, פאַרוואַנדלענדע און פאַרקלערענדע — פאַר אונז אידען און פאַר אלע פעלקער — און דער אוצר און די קוואַל איז די משיח־געשטאַלט.

ווי דאָס קריגעל אונטער אליהו הנביא׳ס האַנט האָט זיך ניט גע־וואָלט אויסשעפּען פון אויל — אזוי וועט אויך ווירקען די אָנרירונג מיט׳ן הארצען צו דעם ערלייזונג־שטראָם, וואָס פלייצט פון דער משיח־געשטאַלט — עס וועלען נעמען קוועלען געשטאַלטען אויף געשטאַלטען, און אלע וועלען טראָגען דעם ערלייזענדען סמן אויף זיך.

עס איז פאַראַן שוין א היבשע צאָל געשטאַלטען אזעלכע אין אונזער ליטעראַטור. עס שימערט פון זיי סימבאָלישעס, נביא׳ישעס. זיי זאָגען וואָס אָן. נאָך א רגע און זיי וועלען ברייננגען א דערקוויקענדע בשורה, א לאַבונג פאַר דער אויסגעלימטענער אידישער נשמה. נאָך א רגע, און זיי וועלען א מופת באַווייזען. זיי וועלען אונז בענשען און מיר וועלען אויפגעריכט ווערען און אויסגעלייזט ווערען.

פו דער ליטעראַטור וועלען זיי זיך אריבערפלאַנצען אין לעבען, לויט דעם פעסטגעזעצטען כלל: דאָס לעבען שאַפט נאָך דער ליטעראַטור!

ווענדט זיך, אידישע טאַלאַנטען, צום קול וואָס רופט אייך — צו דעם קול פון משיח! די צייט שרייט; א חורבן געהט אויף אונז! און משיח קומט ניט!

העלפט אונז זיך ראַטעווען פון חורבן, איהר באַרופענע, פון גאָט געבענשטע מיט טאַלאַנט!

נפתלי גראָס:

איצט ווייס איך שוין.

ר. אייזלאַנד:

טאַרנאָוו.

מאַני לייב:

הערבסט.

## נפתלי גראָס.

### איצט ווייס איך שוין.

איצט ווייס איך שוין,
ווען ס׳טרעפט אמאָל און ס׳הויבט ביי מיר אין קאָפּ
אָן רוישען. און ס׳צעטראָגען אין גאלאָפּ
זיך גאנצע מחנות רייטער
אין לאנגע בונטע רייהען
מיט פאָנען און געשרייען,
ארויף, אראָפּ,
אויף אלע טויזענט וועגען, וואָס ביי מיר אין קאָפּ,
דאן ווייס איך שוין:
פון ווייטען קומט אָן א געשפאן
געפיהרט פון זיבען רייהען שטאָלצע פערד,
עס שפריצען פונקען אונטער זייערע טריט.
פאָראוים און ביי די זייטען
רייטען גאנצע מחנות רייטער;
און צופוס פאָראוים און ביי די זייטען
לויפען טויזענט שקלאפען,
האלב־נאקעטע און באָרוועסע;
פון הינטען,
אין שטופעניש און אין געדרענג,
לויפט נאָך דאָס פאָלק.
און יעדער וויל איין בליק כאָטש כאפען אין געשפאן,
אויף דעם, וואָס זיצט דאָרט אין געשפאן.
און אלעם ציהט זיך ווי א רוישענדיגער שטראָם אנטקעגען זונענשיין
און ווי א שיפעל אויף דעם שטראָם,
וואָס ציהט זיך קעגען זונענשיין

טראָגט זיך אין דער מיטען דער געשפאַן,
און קיינעם פאלט ניט איין,
אז אפשר זיצט גאָר קיינער ניט אין דעם געשפאַן.

---

איצט ווייס איך שוין,
אין דעם געשפאַן זיץ איך אליין.
זיץ אויבענאָן
אין בגדי־מלכות אָנגעטאָן.
מיין שווארצער קאָפּ טראָגט הויך א קרוין
מיין בליק איז שטרענג באפעהלעריש,
ווי ס'פּאסט פאר אזא קעניג אין א קרוין.
און איך באפעהל: —
מען שטעלט זיך אָפּ.
און ס'שטעלט זיך אָפּ דער גאנצער צוג.
כ'וויל זעהן דאָס פאָלק,
דאָס פאָלק וואָס לויפט פון הינטען נאָך
אין שטופעניש און אין געדרענג.
איך בין אליין א זוהן פון פאָלק!
כ'וויל זעהן דאָס פאָלק,
און ווייזען זיך פאר איהם אליין,
ווי ס'פּאסט פאר אזא קעניג אין א קרוין.
איך הויב זיך אויף אויף דעם געשפאַן
און מורמעל וואָס צום פאָלק,
ווי ס'פּאסט פאר אזא קעניג אין א קרוין.
דאָס פאָלק ווערט ווילד פון פרייד,
און ווילדער אלץ
און שרייט און יובעלט —
און איך דערזעה פאר זיך
חיות, חיות, חיות!
אין אלערליי געשטאלטען חיות.

---

מיין קעניגליכער בליק באפעהלט:

דער צוג ציהט ווייטער:
פּאַראויס און ביי די זייטען
רייטען גאַנצע מחנות רייטער,
עס שפּריצען פונקען אונטער זייערע טריט.
און צופוס פּאַראויס און ביי די זייטען
לויפען טויזענט שקלאַפען
האַלב־נאַקעטע און באָרוועסע;
פון הינטען
אין שטופּעניש און אין געדרענג
לויפט נאָך דאָס פאָלק,
און איך צעווישען זיי, מיט זיי
לויף נאָך
און וויל איין בליק כאַטש כאַפּען אין געשפּאַן,
אויף דעם, וואָס זיצט דאָרט אין געשפּאַן,
ביז אַלץ פאַרהילט זיך אין אַ נעפּעל
און פאַרשווינדט,
פאַרשווינדט וואו אויף די טויזענט וועגען, וואָס ביי מיר אין קאָפּ.

## ר. אייזלאַנד.

טאַרנאָוו.

I

עס שמעקט מיט זאפראן, נעגעלעך און ענגלישען געווירץ,
מיט זיסע צוקערוואַרג און שאַרפען קימעל,
מיט ריחות פון געוואַנדען און מיט ראָסט פון אייזען
און מיט דער קעלט פון לאַנגע שטאַבעס שטאָל;
מיט זעק און צוגעפוילטע שטרוי,
מיט קוישען, שאַכטלען און מיט קאַסטענס, וואָס דערצעהלען
פון ווייטע שטעדט און פרעמדע מענשען,
און מעהר פון אַלץ פון יענער וואונדערליכער שטאָדט,
וואָס איז געוועזן מיין שענסטער קינדער חלום,
דער טויער צו דער גרויסער ווייטער וועלט —
טאַרנאָוו.

דו ביזט ניט איבעריג גרויס און ניט איבעריג שען
דו ליעבסטע מיינע פון די שטעדט.
צווישען בערגער צוויי ביזטו צונויפגעדריקט,
ווי א ריעזען פויגעל, מיט צוויי לאַנגע אויסגעשפּרייטע
און צוגעשפּיצטע פליגעל, איינער רעכטס און איינער לינקס.
נאָר גרויס ביזטו
מיט דעם שטאָלץ אין טראָט פון די סוחרים דיינע,
און גרויס ביזטו אויך מיט דעם רעש פון טויזענדער,
וואָס קומען האַנדלען צו דיר אין דיינע טויערען.
און גרעסער נאָך פון אַלץ
מיט דיין ברייטען אָטעם
וואָס שפּרייט זיך אויס אויף וועגען און הויכט אָן לעבען
אין פערציג שטעדט און דערפאַר הונדערטער אַרום.

און שען ביזטו מיט דיינע טעכטער,
די שענסטע פון גאליציענס שענע טעכטער,
און שען ביזטו אויך מיט דעם בלויען גלאנץ
איבער דיינע רויטע דעכער.
דאָך שענער נאָך פון אלץ
מיט דיינע גרינע פייערען, וואָס צינדען זיך אין רייהען,
אין די אויגען פון א אינגעל,
וואָס קוקט אויף דיר פון בארג.
און שענער נאָך און גרעסער,
אין דעם ציטער פון מיינע קינדערשע חלומות.

## II

עס שמעקט מיט זאפראן, נעגעלעך און ענגלישען געווירץ,
מיט קופּעס קאלטע שטיינער און פריש געשיילטע קלעצער,
וואו אינגלעך טומלען רייטענדיג
און אינגלעך טומלען אויף שפּיץ־פינגער לויפענדיג,
אין זומערדיגע אָווענדען,
ווען ס׳גליהען אלע שויבען אינ׳ם מארק,
און ס׳גליהען זייערע קינדער הערצער
אין אָרימקייט און פרייד.
און ס׳וואקסט דער טומעל און עס וואקסט די פרייד,
ביז ס׳ווערען אלע פּנים׳ר ווי סאזשע שווארץ,
און מידע זעצט מען זיך אין רעדלעך אוים,
און מיט א מידקייט אינ׳ם קול דערצעהלט מען זיך:
פון כשופמאכער און פון רויבער־באנדעס,
פון ליכטלעך, וואָס פארפיהרען, און מתים אין דער שוהל;
פון אוצרות און פון היילען, פון גרויסען פוילען־אויפשטאנד,
פון גזרת ת״ח און גאָנטא, און טייכען אידיש בלוט.
עס נעמט א שווערע שטילקייט אלעמען ארום,
און פון די גרויסע אויגען קוקט א צער ארויס.
און פלוצים נעמט מען זיך דערצעהלען,

פון אלטען שלאָס אין קראָקאָ, און קײזער שלאָס אין װיען,
פון מלכות׳דיגען הויף אין טשאָרטקאָװ,
און רבינ׳ס קלויז אין סאַנדז.
און הויבט מען שטעדט אָן צעהלען, װאקסט פלוצים טארנאָװ אויס,
און אלע אויגען גלאנצען אויף
און װענדען זיך צום ברײטען װעג װאָס פיהרט קיין טארנאָװ.
און אלע הערצער אָטעמען מיט פרייד:
„אונזער טארנאָװ!"

און פרייטאָג נאכט,
װען ס׳זיצט א אינגעל ביי זיין טאטענס טיש,
און ס׳שמעקט מיט װײן און ס׳שמעקט מיט פיש,
און ס׳שמעקט מיט פרישע חלה און מיט זייד און אטלאס.
און צעהן לייכטער לייכטען אויפ׳ן טיש,
און צעהן שאָטענס טאנצען אויף די װענט,
און ס׳גלעט דער טאטע שטיל זיין שװארצע באָרד
און ס׳טונקט דער אורח זיין המוציא אינ׳ם בראָנפען,
און טונקט א פינגער אין די ברעקלעך איין,
און קייט בנעימות,
און קייענדיג דערצעהלט ער זיך א מעשה נאָך א מעשה,
און װי עס לעבען אידען אויף דער גרויסער װעלט:
אין קראקאָ זענען אידען גוט און פרום,
אין װארשא איז אין יעדען הויף א שוהל,
אין לעמבערג האָט מען ליעב א סך צו עסען,
און שטאָלצע זענען די קבצנים פון לובלין,
פארשייט אביסעל זענען שוין די רישער אידען,
אין װיען איז טרפה דאָך א יעדער שטיין,
אין דאנציג זעהט מען שוין קיין אידען ניט.
און װאקסען װאקסט איצט טארנאָװ.
דאָס אינגעל הערכט און קװעלט אין זיך פאר פרייד:
„אונזער טארנאָװ!"

דער אורח גיסט א צווייטע גלעזעל אָן,
פארקוועטשט די אויגען און פארבייסט,
און קייענדיג דערצעהלט ער ווייטער:
ווי ס׳וואקסט און וואקסט די שפע דאָרט,
און ס׳וואקסען אויף גבירים,
מיט ברייטע הערצער און מיט ברייטע הענט,
איין מכנים אורח שלאָפט אליין דאָרט אויף דער הוילער ערד
און זיינע אורחים ווי די שררות ליגען אין זיין בעט.
דאָס איגנעל האָרכט און קוועלט אין זיך פאר פרייד:
„אונזער טארנאָוו!"

עס פארען שוין די טעלער אויפ׳ן טיש,
דעם אורח׳ס רייד פארקלינגען אין דעם קלאנג פון טעלער לעפעל,
אין אינגעלס הארצען קוועלט און קוועלט נאָך אלץ די פרייד:
„אונזער טארנאָוו!"
ער ווייס דאָרט בויט א שוהל זיך דרייסיג יאָהר,
און ס׳שטעהען אלץ נאָך הוילע ווענט,
דאָרט איז אן אלטע הייל־פאראן,
וואו ס׳ליגט אן אוצר פון קדמונים אָן,
און נאָר דער למד־וואָווניק אין דער גרויסער קלויז,
ער איז דער איינציגער, וואָס ווייס דעם וועג אהין,
נאָר זאָגען וויל ער קיינעם נים.

זיין מאמע שרייט אויף איהם: וואָס עסט ער נים!
ווי אויף א גולם קוקען אויף איהם זיינע אלע ברידער,
און א פארשעמטער כאפט ער שנעל א לעפעל נאָך א לעפעל,
דאָך ברענען אלץ די אויגען זיינע נאָך,
און שטיל אין זיך הערט ער דעם למד־וואָווניק׳ס רייד,
וואָס גיט דעם סוד איהם איבער,
און ס׳עפענט זיך פאר אידם די אלטע הייל,
וואו ס׳בליצט פון טעפ ארויס דאָס גאָלד
און ס׳בליצט פון טעפ ארויס דאָס זילבער,
און עדעלשטיינער און קרישטאָלען בלענדען זיינע אויגען.

# III

עס שמעקט מיט זאפראן, נעגעלעך און ענגלישען געווירץ. —
מיט צאנקענדיגע ליכט און טריפענדיגען חלב,
מיט ווארימקייט פון אויוועז און ווארימקייט פון רייד,
וואָס טריפען, טריפען פון דעם זיידענס מויל ארויס,
ווי שווערע טראָפּענס האָניג: —
פון אידען חשובים, אידען גרויסע שררות,
פון פראכט אמאָליגען און היינטיגע שווערע צייטען,
און פון פרנסות ביטערע, און וואָס עס קאן זיך טרעפען:
פון וועלף, וואָס קוקען הונגעריג פון וואלד ארויס,
און פון גזלנים וועלכע לויערען אויף בריקעס פול מיט סחורה,
פון א ליץ, א דייטשעל מיט א לאנגע צונג,
און פון א קאלטער, שטורעמדיגער ווינטער נאכט,
ווען ס'האָט א שד פארפיהרט זיין שליטען
אין א כשוף קרייז:
— עס טראָגט א ווינט פון אלע זייטען
שניי אין גאנצע הורבעס אָן,
און וואָיענדיג פארשיט ער איהם די אויגען
און וואָיענדיג פארשיט ער איהם דעם וועג,
דאָס פערדיל הויבט מיט שווערקייט קוים די פיס,
און ס'וואקסען צעפּלעך אייז אָן אויף דער באָרד,
און ס'וואקסען צעפּלעך אייז אָן אויפ'ן מויל,
און ס'שניידט די פיס און ס'שטעכט די פינגער,
און ס'שנייט און שנייט און שנייט,
און ניט מען זעהט א ליכט און מען זעהט א וועג. —

ביים אויווען אין א ווינקעל זיצט דאָס איינגעל צונויפגעדרעהטערהייט,
און האָרכט און האָרכט און וואַרט דעם סוף צו הערען,
כאָטש ער ווייס אירם שוין פון לאַנג.
און ווייס שוין אויך, געשעהן איז דאָס
אין יענעם גרויסען ווילדען וואַלד,
וואָס ציהט א מייל זיך רעכטס, און ציהט א מייל זיך לינקס
ביי יענעם וועג דורך וואַנען ס'קומען סוחרים
און ס'קומען גוטע אידען,
און אורחים, „אייניקלעך",
און וואַנדערער פון גאָר דער וועלט
ביים וועג, וואָס פיהרט פון טאַרנאָוו.

איין ליכטעל צאַנקט נאָך קוים, און ס'קלעפּען זיך די אויגען,
און ס'טריפען שווערער נאָך דעם זיידענס רייד,
און איצט דערצעהלען זיי פון מחלוקות צווישען גוטע אידען,
וואָס האָבען שטעדט פארוויסט און מענשען טאָרבעס אָנגעהאָנגען;
און פון דעם גרויסען פייער צווישען סאַדאגור און סאַנדז.
ווי ס'פלעגט דער אַלטער, בייזער סאַנדזער הימלען שפּאַלטען
און טופען מיט זיין לאָמען פוס,
און שעלטען זיין באהעלפער, און שעלטען אַלע די,
וואָס האָבען זיך קיין סאַדאגור געקעהרט;
און פון זיין זוהן, דעם רידניקער, דעם שלעכטען,
דעם קלוגען אחיתופל, לאַנג און שוואַרץ
און ביז דעם אויג באַוואַקסען.
מיט אויגען ווי פון שטאָל און מיט א האַרץ פון שטיין. —
א גלעט די שווערע באָרד,
א טרייסעל מיט דעם שטריימעל אין דער ברייט,
און ס'האָבען חסידים שויבען אויסגעזעצט,
און קעפּ געשפּאָלטען,
און שטעדט געברענט,
און מענשען ביז צום בעטעל ברויט געבראַכט.
און ס'האָבען זיהן געשטעלט זיך געגען טאַטעס,

און ווייבער האָבען פון די מענער זיך געשיידט,
און יונגע איידעמס האָבען אלץ געוואָרפען,
פאַרלאָזען ווייב און קינד,
געלאָזט זיך אין דער וועלט אריין,
צעטיילט זיך אין צוויי מחנות, גרייט זיך צו פאַרטיליגען. —
אויך ראָפּטיץ איז אריין אין שפּיעל,
פאַרלוירען דאָרט דאָס לעצטע ביסעל גלאַנץ,
ארוים — צעריסען, אָהן איין גאַנצען אבר,
פאַרבליבען איז איהר נאָר א חכמה׳לע,
א שעהנער ניגון און א מחנה אייניקלעך,
וואָס האָבען זיך צעזייט אויף אַלע וועגען,
אין זייערע קאַפּטאַנעס מיט סטראָקעס
און מיט די ווייסע הויזען.
געשטאַנען אין א זייט איז בלויז דאָס קלוגע בעלז,
דאָס קלוגע בעלז מיט איהרע ספּאָדיקעס
מיט איהרע בעקעשעס פון קאַטון,
און מיט דעם ווילדען ברען.
און כאָטש דאָס איינגעל שלאָפט שוין לאַנג,
זיין מאַמע האָט פון איהם די שטיוועל אָפּגעצויגען,
דאָס העמד איהם אויסגעטאָן,
א וואַרימען געלעגט אין בעט,
און איז מיט ווייכע טריט פאַרשוואונדען,
דאָך הערט ער נאָך ווי ס׳טריפען שווער דעם זיידענס רייד,
און איהם איז גוט.
און אלעס מישט אין איינעם זיך צונויף:
דער אלטער סאַנדזער, ווי זיין שטייגער, שטאָלץ און בייז;
דער סאַדאַגורער מילד און עדעל מיט זיינע ווייכע אויגען;
דער קלוגער בעלזער מיט א לאַנגע ליולקע אינ׳ם מויל;
די ראָפּשיצער אין קאַפּטאַנעס אָהן קלאַפּען,
מיט אויפגעשטעלטע בלויע סאַמעט קראַגענס,
מיט סאַמעטענע מאַנקעטען,
און ברייטע שווארצע אטלאַס גאַרטלען.

און פּלוצים וואַקסען אויס:
א פריצה׳לע, א דייטשעל מיט א לאַנגע צונג,
און ס׳ציהט א לאַנגע שורה וועגען אויף א באַרג אַרויף,
און ווייט פון הינטען ווערען הייזער קלענער אַלץ און ענגער,
און ס׳צינדען גרינע פייערען זיך אין לאַנגע רייהען,
און ס׳צינדען גרינע פייערען זיך אין זיינע אויגען. — — — —

עס שמעקט מיט זאַפּראַן, נעגעלעך און ענגלישען געווירץ,
מיט זיסע צוקערוואַרג און שאַרפען קימעל,
מיט ריחות פון געוואַנדען און מיט ראָסט פון אייזען
און מיט דער קעלט פון לאַנגע שטאַבעם שטאָל;
מיט זעק און צוגעפוילטע שטרוי,
מיט קוישען, שאַכטלען און מיט קאַסטענס, וואָס דערצעהלען
פון ווייטע שטעדט און פרעמדע מענשען,
און מעהר פון אַלץ פון יענער וואונדערליכער שטאָדט,
וואָס איז געווען מיין שענסטער קינדער חלום,
דער טויער צו דער גרויסער ווייטער וועלט —
טאַרנאָוו,

## מאני לייב.

**הערבסט.**

מיין הערבסט אין בלייכען גאָלד. די זון איז ווייס און קאַלט,
מיין זון איז טרויעריג. דער פּארק איז גרוי און אַלט,
און שטיל. נאָר אין זיין שטילקייט, ווי זיין לעצטער זיפץ,
דאָס לעצטע, געלע, שאָרכענדיגע בלעטעל פאַלט.
דאָס לעצטע בלעטעל פאַלט.

פארלאָזען איז דער פּארק. נאָר אויף אַן אַלטען באַנק,
אַן אומבאַקאַנטער זיצט. אין גרויען, גרוי און קראַנק
געבויגען אויף זיין שטעקען נידעריג דעם קאָפּ
ווי פון דער שווערער האַנט פון עפּעס אַ געדאַנק.
געדאַנק אין גרויען הערבסט! —

אָ, רוה אין גרויען הערבסט! וואו רוהט דיין ווייטער ברעג?
אין יענער בלינדער ערד פון אויפגעפּראַלטע טעג?
אין יענעם קלוגען הימעל מיט זיין שטילער זון?
אין יענעם אָוונד מיט זיין שטערען אויף דעם וועג?
אין אָוונד אויף דעם וועג.

ניין, ניין... אין ווילדען וויינריב: דאָרטען ביי דעם פּלויט,
מיט שוואַרצע דערנער קריכט ער אויסגעשפּרייט און רויט,
און קלעטערט אום אין פּאַרק, ווי לעצטע טראָפּענס בלוט,
אויף בעטענדיגע ליפּען אין דער שעה פון טויט.
אַ פּילגערגאַרטע שעה!

דער טויט איז שעהן. און שעהנער ביי דעם קליינעם קינד.
נאָר ביי דעם קבר׳ל די מאַמע יאָמערט בלינד.

און דאָרטען דורך דאָס גרין, וואוהין די זון פארגעהט
דעם טאטענס אויגען לייטערען זיין שווערע זינד.
  נאָר אייביג איז די זינד.

די זינד פון טאטעס: סם, ווי שטאָל פון שארפען שווערד.
מיט ווילדע גראָזען שפראָצט זי פון דעם זיידענס ערד,
  און פון די טעכטערס אויגען בליהט זי בלוי און שווארץ,
און ברוינט זיך פון די אייניקלעכ׳ס געקרויזטע בערד.
  און בלוטיגט אין געבורט.

און טראָפּענס פון דער מאַמעס ווייסער מילך ארוים,
און שמייכעלט פון די וויגען, וואקסט פון וויגען אוים,
  און טאנצט אין גאסען לידער אין די קינדער טעג
און בליהט אויף ווי א לאנדיש אין דער כלה׳ס שוים.
  און אייביג ווײנט די נאכט.

אהן בערד, ווי בלייכע ווייבער שלייכען זיי ארום.
אויף אלע בלינדע וועגען נישטערען זיי שטום.
  מיט שרעק, אין אלטע טעמפּלען קוקען זיי אריין,
וואו דער געוויר׳ץ פון זיידענס תפילה פלאַטערט פרום.
  און זיי, וואָס ווייסען זיי!

זאָל תפילה טאָן די פרוי, דער נביא און דער נאר.
די פרוי, פאר איהרע טרערען, איהר דערגרייכטען שכר.
  דער נביא פאר דעם נאר. דער נאר פאר זיינע הענט,
וואָס שרייען מיט די אָדערען פאר גאָט אין צער.
  און מיר אין אונזער צער. —

אריבער אלטע ספרים זיצען מיר פארבלענדט,
מיט בלייכע קעפּ געלעהנט אויף דינע ווייסע הענט
  און זוכען דאָרט דאָס ווארט, וואָס אין דעם שטויב פון טעג,
האָט אין זיין שטומען כשוף זיך אליין פארברענט.
  נאָר אייביג איז דאָס וואָרט.

ווייל פון דער זונה׳ס אויגען האָט דאָס וואָרט גערעדט,

אין אָוועגדען, אויף ראָגס אין ברענענדיגע שטעדט,
און אויף די מערק פון בעטלערס לעכערדיגען זאַק,
און פון די סימבאָלען ביים מיסטישען פּאָעט.
אין סימבאָלען פון אַלץ.

דער לייז אין בלויען פעלד. די קנייטשען אויף א מאַנס געזיכט.
אויף זומפען פייערלעך. אין ווייטע פענסטער ליכט.
דער באַיאָנעט וואָס שטעכט אין הארצען פון דער זון.
און די לבנה וואָס אין בלייכע הויכען קריכט.
לבנה ליכט אין הערבסט!

אויף אונזער קראנקער שיף די טרויעריגע פאָהן.
די נאַכט. דער גרויער האפען צינדט זיך נאָהענט אָן,
די פייערען. די ערד. אויף אונזער ליבער ערד,
ווי קינדער בלייבען מיר, און דארפען עפּעס טאָן,
און גליקליך שמייכלען מיר.

זאָל שמייכלען אונז דער האפען אין דיין שטילען לאנד!
און דאָרטען רוהט דיין שטאָדט. באקאנט און אומבאקאנט.
דיין הונט. דיין הויף. דער לאָמפּ. דיין רוה. און רייד און רייד
און אין דיין קאלטער האנט א ווארטענדיגע האנט.
נאָר איינזאם איז א האנט.

די גראָבע גרינע לאָדען האָט די נאכט פארמאכט.
און אויף דעם ווייסען בעט דאָס בלייכע אינגעל וואכט.
די אויגען אין דער פינסטער גארען ווארטען שטום
אויף יענער גוטער ליעבער זעהונג פון דער נאַכט.
נאָר איינזאם איז א האנט.

ביים שוואכען וואָרצעל פון דיין אינגעלשען פארלאנג
ליגט שטיל געקנוילט די זעהונג ווי א שווארצע שלאנג,
נאָר אז דער אָוועגט ווייגט ביים גרינעם קרייז פון לאָמפּ, —
אין יעדען לייכטען שאָרך אין יעדען ווייטען קלאנג,
דיין זעהונג שלייכט פארביי.

און ווייכע צימערען, און שעמעוודיגע רייד,
און רוה פון בלויען זייד אין וועהענדיגען קלייד,
און הענט ווי ווייסע לאנדישען וואָס וואקסען אין דער נאכט,
און ביים לבנה שיין די תפילה'דיגע פרייד.
און ווייסע הייסע נעכט.

און נעכט ביי ווייסע ליכט. די אויגען רויט ווי וויין.
און וויין אין שווארצע נעכט פון ערשט דערקענטע פיין.
דער רויטער פינטעלע וואָס דרעהט דעם קראקאוויאק,
און צימבעלט, צימבעלט, צימבעלט ביז ער דרימעלט איין,
ביים שוועל פון גרויען הערבסט.

א בלעטעל פאלט. אין שלייערען פון דינעם רויך,
אין וואָלקענדלעך סאנדאלען נידערט לייכט און ווייך
די קראנקע נאכט. איהר פאקעל אויף די בלייכע טרעפ
געהט אויף דורך נעבעל די לבנה אין דער הויך.
און ווידער זיפצט דער פארק?

דאָס זיפצט די קראנקע נאכט. דער פארק איז אלט און גרוי,
דאָס זיפצען ווייטע טריט, און שטילערער פון טוי,
פארשטארבען ווייט אין פארק. דער אומבאקאנטער האָרכט.
א פרוי... און ווערט פארשוואונדען ערגעץ מיט דער פרוי...
אָ, הערבסט אין בלייבען גאָלד!


לידער
וועלט פון
פאלענדיגע
שטערן
געצייכנט און געשריבן
פון ב.קאפמאן

# I

**אין דער וועלט פון פאלענדיגע שטערען.**

עס האָט ווילד געשטורעמט. אין דעם רוים פון אומענדליכען נעבעל האָבען גרויסע מזלות ארומגעוואָרפען זייערע גיגאַנטישע גופים. און אזוי ווי זיי וואָלטען געווען פארווירטע נשמות האָבען זיי זיך געוואָרפען פון אייביגע וויסטעניִשען דורך פוסטע רוימען און זייִנען געפאַלען אין אומענדליכע אָפּגרונטען. — טיף אין זייערע שטורעמדיגע ברוסטען איז געזעסען דער שיקזאַל — דער גבור אוריה, און איז דאָס געווען דער, וואָס האָט זיי אזוי געפירט און געטריבען דורך די געצעלטען פון פוסטע וויסטעניִשען מיט זיין הארטער בייִנערדיגער האַנט.

די נשמה, דער ברענענדיגער קוגעל, וואָס איז פאַר׳משפט צו אייביגען פלאַם, הויבט אָן צו קלאָגען:

„וועה, געבאָרען פון פלאַם, און אין פלאַם מוז איך שפּייזען מיין האר מיט דאָס וואָס איז בלויז איך אליין.„

„אָ, געשלאָגענער גוף, פארוואס זאָל אלץ ארום מיר זיין פינסטער, און וואַרפען א באלויכטענעם שאָטען פון פיין אויף מיין ברעם!

„פארוואָס זאָל פינסטערניש שפּוקען פון זיין פוסטער הייל, און אין קאַלטען שטאָלץ אויפהענגען זיין לאָמפּ פון נקמה פאַר מיינע אויגען.

„וועה, איך דער ליכטיגסטער שטערן פון אייביגקייט מוז ברענען פאַר א זינד ניט באוואוסט צו קיינעם און מיר.

„וועה, איך דער פלאַם פון ליכטיגסטען שיין — פינקלענדיג ריין, ניט באפלעקט פון ערדישע זאכען, מוז זיך דרעהען דורך דעם רוים א ברענענדיגער פיין. האָב איך דען ניט געוואָלט צעשמעלצען אָט יענע גראָבע שטיק ערד אין מיין געשטאַלט?“

אזוי שרייט דער ברענענדיגער קוגעל און הערט אויף פון צייט צו צייט, אָבער זיין דרעהען זיך אין דעם ווילדען ראַנד הערט קיינמאָל ניט אויף.

עס שליסט זיך אויף דער טראַכט פון אַן אנדער גרויסען שטערען, און א קול שרייט אויף אין דער לופט מיט אייזערנעם געקלאַנג:

„אָ, מוטער, מיין מוטער, בין איך דען די זינדיגע הור אין די אָרעמס פון הייליגען גייסט?

„ווער וועט שיטען זאמד אין מיינע אויגען און וועט ווארפען די די שולד אויפ׳ן שטויב?

„ווער וועט פארשטעלען די ערד וואָס ווייזט ווי א שפּיגעל אונזער פאלענדיג געשטאלט?

„בין איך די פארמאטערטע נשמה פון אייביגען טויט פאר׳משפּט צו שפּייזען מיין געשלאָגען הארץ מיט פארלאָרענע האָפנונגען?

„און וואו איז דאָס ליכט, וואָס בויגט ניט זיין שאָטען אויפ׳ן צווייטען זייט פון מיין געשטאלט? עי, איך די פארשאָלטענע בין די געבענשטע, ווארים פון מיר זאָל שפּראָצען דאָס גאנצע לעבען, וואָס זאָל לאָכען פון דעם אייביגען ליכט; וואו איז ער, וואָס וועט מיך פאר׳משפּט׳ען און זיך אליין אויסהיטען פון אייגענעם משפּט? ווער זאָל רופען דעם זין פון מיין גרויסער ליבע — וואנזין? ווער קאָן ליבען דאָס וואָס איז ניטאָ? דו אייביגער, פייערדיגער קוגעל ביזט געשפּייזט מיט מיין ליבע, דאריבער בין איך דער גאָט פון דיין זיין און דו דער טרעגער פון מיין פּיין.

„וואָרים פון מיין הארצען רייסטו ארויס מיין קינד און זעצט עס אריין אין דיין בוזים, אָבער א מוטער שטארבט קיינמאָל ניט, און אימער־צו זעהט זי דאָס בלוט, וואָס האָט פארלאָזען איר טראכט שטארבען אין איר אייגען געשטאלט. אָ פרייד, אָ פרייד, געבענשט איז זי כאָטש זי וויים עס ניט, וואָרים זי איז די מוטער פון לעבען און ליכט.“

עס ווערט שטיל און עס שפּרייטען זיך אויס די פינגער פון א דריטען גייסט, שפּרייטען זיך אין ווילדען עקסטאז און ברענען אין דעם געצעלט פון וואנזיניגער אומאָרדנונג, און פילע שטערן טאנצען זיך פאנאנדער ארום זיין פלאמענדיגען פנים. און א שעפּעלע באווייזט זיך אין הימעל און בלייבט שטעהן אין די שטראַלען פון דער זון, און זיין ווייסע וואָל ווערט אין גאנצען גאָלדיג. און א פאסטוך מיט א גרינער צווייג אין האנט געהט נאָך דער שאָף און צייגט אים אָן דעם וועג. און ווען זיי קומען צו א קוואל טרינקען זיי פון זיין וואסער, און געהען ווייטער אין שלום דורך דער וועלט פון ווילדער אומאָרדנונג.

# II

בן וועגו.

ווען דער פרימארגען האט אין מזרח געפארבט מיט גאלד דעם הי־מעל און די ערד, איז דער נביא בן וועגו ארויף אויף איינעם פון די בערג, וואס זיינען געלעגען דריי מיילען פון דער שטאדט אין וועלכע ער פלעגט צייטענווייז פארברענגען, און ער האט זיך געווענדט צו זיינע נאכפאלגער, וואס זיינען שוין אלע געווען אויבען און האבען געווארט אויף אים. און ער האט צו זיי אזוי געזאגט: איצט, אז דער גוף האט אפגענוצט די זאמען פון לעבען, ליגט דער גייסט שוין אין דער טראכט פון באשאפונג און א ניי לעבען ווערט געבוירען. דאך דאס וואס ווערט געבוירען ווערען פון דעם גייסט ווערט אין קיין פאל ניט זיין אנדערש פון דעם, וואס ווערט געבוירען פון דעם גוף. ווארים דאס וואס איז באוואוסט דעם גייסט איז אויך באוואוסט דעם קערפער. טוט ניט א קערפערליכע וואונד פייניגען די נשמה? — און ליידעט דען ניט דער קערפער ווען דער גייסט איז אין פיינען?

איך, זייענדיג דער אויסדרוק פון גאט — בין גאט. און ווער זאל וואגען לאכען פון דעם, וואס איז אים ניט באקאנט! טראגט דען ניט דער ווארים אויף זיך דעם זיגעל פון דעם פארבארגענעם אזוי גוט ווי די זון? דאך זאג איך צו אייך, בויגט זיך ניט צום קראנקען צו לערנען פון אים, נאר לערנט זיך פון דעם לייב. כאטש דער ים באשטעהט פון וואסער טראפענס, דאך דער וואס שפילט זיך מיט זייפען בלאזען — און דער וואס באוועגט די כוואליעס פון דעם ים — זיינען בלויז דאס מיט וואס זיי באשעפטיגען זיך. דאך איז א לעבעדיגער ווארים מערער אין געשטאלט פון גאט, ווי אן אנגעשטאפטער לייב. און דאס געזאנג פון דער נאכטיגאל פיל זיסער, ווי דאס רוישען פון דעם בלאז־זאק.

אט זעהט, איך האב געזונגען פון ליבע מיט דעם קלאנג פון ליבע, און ניט איך און ניט דער מענש האבען דאס פארשטאנען. האב איך

גענומען זינגען פון ליבע מיט דעם קלאנג פון האס, און אי איך, אי דער מענש האבען דאס פארשטאנען. און איצט ווען איך זינג פון האס איז דאס אין דעם קלאנג פון ליבע. איך זאג דאס כדי אלע זאלען וויסען, — עס קען ניט האסען דער, וואס קען ניט ליבען. און מאכט זאל באווייזען ווערען מיט צארטקייט. דאס וואס איך מיין איז ניט די פאר'חלוש'קייט פון די אויסגעמאטערטע, נאר דאס הארץ פון א שאף אין דער ברוסט פון א לייב.

און ווען דו קוקסט אויף דער זון פארגעס ניט די ערד, סיידען דו ווילסט אויך פארגעסען די זון אויף וועלכער דו קוקסט.

דער נביא ווערט שטיל, זעצט זיך אויף א פעלז, קוקט אריין אין דער זון פאר א ווייל. נאר באלד ווענדט ער זיך ווידער צו זיינע צוהערער.

וועה מיר, איך פארזייה פרוכטבארע בלומענשטויב אין דער ערד, דאך וואקסען אויף דערנער. פרוכטבאר זיינען מיינע קערנער, דאך קענען זיי ניט באפרוכטפערען די אויסגעדארטע ערד. ווי גערן וואלט איך געלינדערט דעם מענשענ'ס קומער אויף מיין שטייגער; דאך וואס איז די גוטסקייט פון ליכט, וואס ווערט געבראכט צום נאכטפויגעל, ווען ליכט מאכט אים בלינד.

איך פרעג אייך נאר, וואס באטייטען די טוי טראפען, וואס פאלען אויף אייער פארטריקענט לאנד? קענען וועה־טרערען דערקוויקען א הארץ פון שטיין? צו וואס פארשווענדען די גאלדענע אקער־צייט אויף א שניטצייט וואס קומט ניט.

ארויס! ארויס! און אויף אייער וועג זאלט איר געפינען די טריט פון אייערע עלטערען. דאך דעם וועג וואס איר געהט טרעטען זאל ניט אנגעצייגט ווערען אייערע קינדער. נאר זיי אליין זאלען זיין פאראור־טיילט צו זוכען דעם וועג, ביז זייער גייסט וועט ענדליך טרעטען איבער דער ערד, — הערשער ריין פון שטויב.

נאך פרעג איך אייך, וואס פאר א פלאם ציהט אייך צו מיין ליכט? איז עס ניט אייער אייגען ליכט? איז ניט דער שקלאף, וואס זוכט צו באפרייען זיך, שוין א הער, כאטש נאך אין קייטען? און דער וואס איז באשטראפט מיט וועה, און אפילו אויפ'ן קרייץ, **איז דאך א שקלאף, כאטש אלע רופען אים הער!**

דאָך ווער עס האָט ליב די זון מוז אויך ליב האָבען איר היץ. ווער איר דען ליב האָבען דעם דופט און האסען די בלום?

פארוואָס טרעט איר דען אויף די באטויטע וועגען מיט קנאכלען געשמיט אין אייזען? פארוואָס שפרייט איר פאנאנדער טרויער־בלומען אויף אייער וועג צו פרייד?

דער נביא ווערט ווידער שטיל און שווייגט א צייט, נאָכדעם הויבט ער אויף זיין קול און זאָגט: אין שטילע טוי־שטונדען האָב איך גערדיקט מיינע ליפען צו א יונגער לילי און בין אזוי איינגעשלאָפען. — א גבור אין די ארעמס פון אן עופ׳עלע. און איך בין געווען דאָס עופ׳עלע און דאָס עופ׳עלע דער גבור. איך שלאָף און איך ערוואך, און טויט און לעבען זיצען צוגלייך אין מיר, און איך בין טויט און איך בין לעבען. ווייל איך וויים דעם טאָג פון מיין געבורט און זעה די שטונדע פון מיין טויט, — דאָך זעה איך ניט דאָס שטארבען פון מיין נשמה. ווייל איך בין ווי די כוואליע, וואָס פארגעהט אין ים און איך בין דער ים, וואָס ראטעוועט די פארגעהענדיגע כוואליע.

און איך בין ניט דער וועמען איינער קען פאר׳משפט׳ען אָדער בענ־שען. בלויז איך אליין מעג עס. ווארים איך בין ניט זיין שקלאף און אויך ניט זיין זוהן, נאָר איך אליין בין מיין באשאפער און אויך מיין שקלאף. דער וואָס ווער וואגען אויפשטעהן קעגען מיר, זאָל ווערען פארלויירען — און ביז ער ווערט ניט טרעטען דעם וועג, וואָס איך האָב פאר אים אויפגעלעגט, זאָל ער בלאָנדזשען אין פינסטערניש, און ווען ליכט ווערט ענדליך פאלען אויף זיין וועג, זאָל ער געפינען מיך אין זיך, און דאן זיך אליין אלס דעם פאָטער פון באשאפער.

ווערענדיג מיין זוהן אין גייסט און ניט אין גוף, זאָל ער ניט זיין דער פאָטער פון מיר, ווארים איך האָב אים שוין באגריפען ווען ער האָט מיך באגריפען, דעריבער לעבט מיין זוהן אין מיר און איך אין מיין זוהן. האָב איך דען ניט געזאָגט דאָס לעבען און טויט וואוינען אין מיר צוזאַ־מען, און יוגענד און עלטער און אייביגקייט! געווים איך בין דער פאָטער און זעה מיין קינד שפאצירען אין די וואָלקענס — און איך בין דער פאָטער פון די וואָלקענס.

נאָר איך טו זוכען פארגעבונג בלויז אויף דער ברוסט פון מיין אייגען הארץ, ווארים בלויז דאָרטען זיצט דער, וועלכער האָט די מאכט

מיר צו פארגעבען. און אין מיינע טרויעריגע מינוטען זינג איך א ליד צו אים.

איצט זאָגט מיר, פאַרוואָס קרעהט דער האָן אין פרימאָרגען? וועקט ניט ליידענשאפט אלעס צום לעבען? הויבט זיך ניט אָן די קלוגשאפט ביי דעם ברעג פון דער נארישקייט?

א טויב איז אריינגעפאלען אין שטייג פון א לייב און האָט ניט גע־וואוסט פון איר קראפט, ביז דער לייב האָט געצייגט זיין שוואכקייט, ווארים די קראפט פון פלייש איז שוואך ווען עס וויל כאפען דאָס געפליגעלטע.

דאָס גאנצע לעבען ווערט געבוירען אין די אָרעמס פון טויט. איך אָבער בין ניט געבוירען געוואָרען אין די אָרעמס פון טויט. נאָר אין דעם טראכט פון לעבען, ביז אַן אנדער גייסט וועט אויפשטעהן, ניט גרעסער און ניט קלענער פון מיר צו פאָלגען אין מיין ליכט, וואָס זאָל אויך זיין זיין ליכט, נאָר כאָטש זייענדיג מיין קינד זאָל ער ניט זיין מיין פאָטער, נאָר אזוי ווי איך זאָל ער זיין דער פאָטער פון מיין זוהן און פון זיך אליין, וואָרים איצט איז געקומען דער טאָג ווען די פרוכט פון דער ערשטער קלוגשאפט האָט דערגרייכט איר פאָלקאָמענהייט, און דאָס וואָס ווערט געבוירען איינמאָל שליסט אויף דעם טראכט אויף אייביג.

דער וואָס וועט קומען נאָך מיר, זאָל, אזוי ווי איך, זיין דער ערשטער אויף אריינצוקומען אין די טירען פון דעם גאנצען שכל, און אלע וואָס וועלען נאָכפאָלגען אים זאָלען עס טאָן אויף דעם אייגענעם שטייגער. און אזוי ווי איך, זאָלען זיי אלע אויך זיין די לעצטע. וואָרים יעדערער איז דער קרייז וועמענס אָנפאנג און אויסלאָז ליגט אין אים אליין.

זייענדיג פארמאטערט פון זיין געשפרעך, איז דער נביא צו צו א קוואל און האָט זיך אָנגעטרונקען און האָט שוין געוואָלט פאנאנדערלאָזען זיינע נאָכפאָלגער, ווען איינער פון זיי האָט צו אים צוגעטראָגען פרוכט, זאָגענדיג: אָ, לערער, דערקוויק דיין הארץ מיט דעם. און דער נביא האָט אים געענטפערט און געזאָגט: די פרוכט, וואָס דאָס קינד עסט, איז שוין געווען פארזוכט ביי דער מוטער, ווילסטו דאָס קינד זאָל פיטערען די מוטער? דעריבער פון די שפייז וואָס דו אָפערסט מיר, עס איך, אָבער איך פיהל ניט דעם ריכטיגען טעם אין דעם. וואָרים דאָס וואָס איז גוט פאר דיין גומען איז ניט גוט פאר מיינעם, און כאָטש דער אָדלער, ווען

ער איז הונגעריג, מוז ער זיך ארונטערלאָזען צו דער ערד און ווי דער וואָרים זוכען זיין שפייז, איז דאָך זיין היים לעבען די הימלען. און זאָג מיר נאָר, וואָס פאר א שוואלב קאָן אויפפאסען אויף די קינדער פון הימעל פייגעל? איך האָב אָבער אָפט געזעהן א שלאנג ארומגעוויקעלט ארום א בלומען שטרויך און וויגען פון זיין הארץ. קומט דעריבער איר אלע אין מיין וויינגאָרטען וואו איך וועל אייך צייגען אזוינע פרוכטען, וואָס וועלען פארזיסען די טעמים פון אייער עסען. נאָר אפילו דאָרטען זאָלען מיר צו לאנג ניט שטעהן.

# III

דער איינזאמער גרייז.

די זון האט געברענט היים מיט אן אומבאפלעקטען ליכט, און ווי דער הארינגער קאפ פון א ווילד באוואקסענעם אלטען, איז די זון געווען באגראבען אין א ים פון שטראלען.

דער ווינט האט געריטען אויף זיינע דינע פליגלען, וואס זיינען געווען אויסגעשפרייט איבער דעם שלאפענדיגען וואלד.

חיות און פייגעל זיינען אריינגעקראכען אין זייערע נארעס און נעסטען אויסצומיידען די הייסע שטונדען פון טאג.

פון אריבער דעם בארג האט זיך געהערט א פאסטוך שפילען אויף אן אלטמאדישען פייפעל.

אויף דעם גאלדענעם ראנד פון הימעל האבען זיך באוויזען די ליניען פון א גרויסען גרייז. ער האט ארויפגעקוקט צו דעם לופטיגען דאך איבער אים און האט דארט דערזעהן מחנות הימעלשע פרויען שלאפען אויף ווייכע וואלקענס, און פון דער ברוסט פון דעם איינזאמען אלטען זיינען ארויס זיפצען און קלאנגען און קולות, וואס זיינען אונז אלעמען באוואוסט: —

ליידיג זיינען מיינע פעלדער פון ליליען, א הימעל, דערנער וואקסען דארטען, וואו בלומען וועלען מער קיינמאל ניט בליהען. פוסט איז מיין הארץ אזוי ווי מיינע פעלדער.

הויב מיך אויף פון אט דעם שטויב, א הייליגער גייסט, גיב פליגלען מיין נשמה, הויב מיך אויף פון אט דער פארהארטעוועטער ערד צו די קרייזען פון דער זון.

ווארום זאל דער געשלאגענער אדלער האסען די ערד, וואס גיט אים א היים און ליב האבען דעם הימעל, וואס האט אים ארויסגעטריבען? ווי גרויס איז די ערד, אויף וועלכער איך שטעה. דאך מיין בליק איז געפיניגט פון נאך פיל גרעסערע קרייזען. מיינע אויגען דעקלעך זיינען

שווער פון די שאטענס, וואס זיצען אויף זיי, דאך ווערען מיינע אויגען דורכגעשטאכען מיט א ליכט, וואס שטראמט ארויין אין זיי. מיין בלוט לויפט דורך מיין הארצען אין ווילדע שטראמען, שלאגענדיג מיינע שלייפען ווי די שטורעמדיגע כוואליעס, וואס וואשען אפ דעם זאמד פון דעם גאלדענעם ברעג. קומער האט זיך באזעצט אין די היילען פון מיין הארצען לויערנדיג אויף מיין נשמה, ווי א הונגעריגער פויגעל אויף א טויטען גוף. דאך אין מיינע אויערען קלינגען די זיסע טענער פון ליבע און געזאנג, און אין מיין געדאנק זעה איך געשטאלטען פון א רייצענדיגער שענקייט, איך חלוש נאך זיי, איך פאל מיט מורא אין באוואונדערונג פאר זייער הימעלשען גלאנץ.

מיינע יוגענד טעג זיינען פארגאנגען אין נעצען פון גאלדענע חלומות און בילדער. מיט פילע טעכטער וועמעס דופט האט ווי דער פרילינג טוי באדעקט די וואנט פון מיין אלאבאסטער פאלאץ, האב איך פארבראכט טעג און נעכט; פילע מאל האב איך געוואנדערט אין די קילע קרייזען פון דער לבנה און זיך געבאדען אין דער ברענענדיגער לאווא פון דער זון, איך בין געשלאפען אויף זילבערנע וואלקענס אין די הימלען, און אויף געלעגערס פון בליהונג אויף דער ערד, און אין די קאראלען בעטען פון די טיפע ים'ען. איך בין געגאנגען איבער דעם ערדקוגעל פון עק צו עק צווישען מחנות הימעלשע פרויען, און מיט געזאנג, וואס איז ביז מיר קיינמאל פריהער ניט געהערט געווארען. און דאך איצט, שטעהענדיג אויף אט דעם בארג מיט א געבויגטען קאפ, און אין אן עלטער, וואס האט אויסגעוועבט פון מיינע האר זילבערנע פעדים, ווייטאג איך דאך פאר זאכען, וואס איך קאן ניט גרייכען, און מיין אומבאזעטיגטע נשמה איז נאך אלץ פארשקלאפט. א וועה, ווען וועל איך געפינען רוה און פרידען, א הימעל!

# IV

## האָס ליד פון טוטא

### 1.

א שטילקייט האָט ארומגעכאפט מיין הארץ און מיין נשמה איז אין אויפשטאנד. אָ, זאָג מיר, בין איך אייביגקייט, און האלט איך די אייביגקייט אין מיין האנט? בין איך ניט נידריגער פון דער זון און מוז איך ניט ארויפקוקען צו זיין ליכט איבער מיין קאָפּ! דאָך ווי אָפט פון אָט דעם בארג זעה איך אָט דעם ברענענדיגען אָדלער — די זון — זינקען אונטער מיינע פיס, און זיין פלאמענדיגען קאָפּ ווערען בלאס אין דער נאכט. נאָר איך טו זיך אויך דעמאָלט פרעהען, ווייל דער פיין פון דעם גיבור איז דאָפּעלט שווער, און די טרערען פון א דערוואקסענעם פיל ביטערער ווי פון א זויגקינד. דאריבער איז וואָס איך זוך איז ניט פרייד, נאָר דעם וויסען פון פרייד, און דורך דעם מוז איך פארזוכען אויך פון דער פרוכט פון פיין, ווארים דער וואס האָט מורא פאר דעם שטאָך פון דעם דאָרן זאָל קיינמאָל ניט וויסען פון דעם בלומענדופט. קוק נאָר איצט. אין מיין האנט האלט איך א פערלמוטערנע שיסעל פול מיט גאָלדענעם שטויב און מיט דימענטען. קוק און זעה, דאָס איז דער אָפּפון מיין געליבטער.

איך האָב געלויערט אין פעלדער פון קאָרענשוועסטערלעך פון פיילכען און איבער בערג פון ליליעס, נאָר קיינע פון די קאָרענשוועסטערלעך, פיילכען און ליליעס האָבען זיך ניט געקאָנט פארגלייכען מיט דער שענקייט פון מיין געליבטע.

איך האָב געוואנדערט אין די הימלען צווישען די ליכטיגסטע שטערען, דאָך קיינער פון זיי האָט זיך ניט געקאָנט פארגלייכען מיט דעם גלאַנץ פון מיין געליבטער׳ס אויגען. ווארים זייער ליכט איז ווי דער שמייכעל פון דעם מאָרגען שטערן. ווי דער ערשטער שטראל אין מזרח. און קיין זילבערנער וואָלקען, און קיין שניי שטויבעל איידער עס פאלט נאָך צו דער ערד איז אזוי ציטערדיג און אזוי ווייס ווי די בריסט פון

מיין געליבטער. און זעה נאָר אירע היפטען, זיי זיינען ווי די בערגלעך אין דעם לאַנד אירמאַ וואוהין עס ציהען די פרייע וואנדערער צו טרינ־קען פון דעם הייליגען קוואל, און דער קוואל פון איר לעבען איז ווי דער קריסטאַלענער טייך אין דעם טאָל פון אייביגקייט.

אָ, טרייסט מיך ניט מיט אזוי פיל פרייד, און וועק ניט מיין געליב־טע. פרידען אָטעמט זיין דופטיגען טוי פון איר לייב און יעדער אָטעם בלייבט הענגען אַ שטערן אין דעם רוים.

## V

### דאס ליד פון טומא

און איך האב געהערט א שטימע שרייען.

דער וואס זוכט דעם האפט פון דער וועלט זאל קוקען אין דעם רוים פון דער וועלט, ווארים דער אויסגעהוילטער רוים איז אנגעפילט מיט די געהיימנישען פון לעבען — פונקט אזוי ווי די דעק פון טויט האלט אונ־טער זיך דעם האפט פון לעבען.

געבענשט זאלען זיין די וואס בלאנדזשען און מידען דאך ניט איין זייער קערפער, ווארים זיי זענען געגליכען צו דער זון, ארום וועלכער עס מוזען זיך דרעהען אלע שטערן. געווויס, זיי זענען ווי דער בוים, וואס שיסט זיינע צווייגען אויף אלע זייטען, דאך שטעהט ער אליין אויף איין ארט.

נאר דער וואלד האט געענטפערט:

ערוואך, ערוואך, איך בין דער ווינט, וואס ברענגט די בין צו דער בלום, איך בין דאס ליכט, וואס פארנארט דאס זומער פליגעלע פון איר פוסטען לעבען כדי צו פארלירען עס אין פייער. ווארים גארניט ווערט געבוירען, וואס זאל ניט זיין פאראורטיילט צום טויט. דאס וואס שטארבט קיינמאל — איז קיינמאל ניט געבוירען געווארען.

די זון איז געשטאנען אין מזרח, און גאלדיג איז געווען דער הימעל, און ליכטיג איז געווען דער טאג מיט גאלד און זונענשיין. איבער פעל־דער פון מאן האב איך שפאצירט מיט מיין געליבטער, און גליקליך איז געווען מיין ליבסטע און גליקליך בין איך געווען.

א שעפעלע האט זיך באוויזען אויף א וואלקען מעקענדיג און אן עזעלע האט זיך געבאדען אין זון. און א לייב האט שפאצירט ארום דעם קינד און האט זיך געשפילט מיט'ן קינד. און איך האב געזעהן אלע מענער און אלע פרויען שפאצירען אין הימעל אנגעטאן אין זייערע יום־טוב'דיגע קליידער. און איך האב זיי געהערט זינגען אזוי: געבענשט זאל זיין דיין טאג פון ליכט, וואס ווייסט אין זיין גאנג ניט פון קיין שאטען; געבענשט זאלען זיין די, וואס ערוואכען ניט אין מיטען נאכט

צו בלאָנדזשען אין דער פינסטערניש. מיר, וועלכע זיינען אין די הימלען — זיינען דאָ מער ניטאָ, נאָר איר, וואָס טרעט אויף דער ערד, זייט אין די הימלען. ווארים בלויז אין דעם קעניגרייך פון די קלוגע געפינט זיך דער נאר. פונקט ווי אונטער דעמזעלבען דאך וואוינט דער בעל הבית און דער קנעכט. אָבער, וועה, די הונגעריגע קענען ניט העלפען די פאר'חלוש'טע און אין דעם הויז פון די פארדאָרבענע וועט איר ניט געפינען קיין מיטלייד.

גיט גרויסקייט צו די, וואָס געהען אין די וועגען פון ליבע. וואָרים די טירען פון אייביגקייט זאָלען זיין אָפען פאר זיי, און די פרוכט פון אייביגען אמת זאָל זיין אימער פריש אין זייער הארצען. זינגט, פייגעל, זינגט, ווארים זיס איז דאָס לעבען אין דעם גאָרטען פון ליבע.

די פליגלען פון אייביגקייט האָבען זיך אויסגעשפרייט און מיין געליבטע און איך זיינען אויפגעכאפט געוואָרען און זיינען געטראָגען געוואָרען דורך דעם לויטערען רוים ארום דער זון, איבער זילבערנע וואָלקענס און דורך פאנטאסטישע לאבירינטען, און הייליגע זיינען אונז געקומען אקעגען און האָבען אונז געבענשט אויף אונזער וועג.

# VI

נאָכטראַכטונגען פון אַ צוריקגעצויגענעם גבור.

אויפהייבענדיג זיינע הענט צום הימעל רעדט דער צוריקגעצויגענער גבור זיינע נאָכטראַכטונגען מיט אַ רוהיג קול, וואָס איז געפּארבט מיט שטילע זיפצען, דאָך אָפט צעשטערט פון קולות, וואָס רייסען זיך ארויס הויך, אויפגעטרייסעלט פון זיין טיפען פיין.

אָ יהוה, ווי קען דער הונגעריגער ליב זוכען שפייז פאר זיך, זייענדיג פארהונגערט צום טויט?

וואו זאָל די טויב זוכען איר פּאָר ניט וויסענדיג דעם וועג?

אין מיין גאָרטען האָבען בלומען געבליהט. איך האָב זיי ארומגעריסען. איצט בלאָנדזשע איך צווישען ריטער און דערנער. ווארום זאָל די שאָף, זייענדיג דאָס קינד פון ליבע, געשאָכטען ווערען אויפ'ן מזבח פון ליבע?

אָ יהוה, זאָג מיר, פון וועמעס בלוט ווערט די רויז אזוי בלוטיג רויט, און וועמעס זילבערנע נשמה קוקט ארויס פון דער ווייסער לילי, וואָס ווערט קיינמאָל ניט רויט פון כעס?

איך האָב אָפּגעריסען אַ בלום כדי זי ליב צו האָבען, איז זי אָבער גע־שטאָרבען דורך מיין ליבע. איך האָב געלאָזין אַ צווייטע וואקסען, איז זי געשטאָרבען אין איינזאַמען פיין.

און מיין הארץ איז געוואָרען דער גן עדן, וואו מיידלעך ווערען גע־בוירען און איך זעה ווי זיי ליגען אלע טויט. און דורך די טירען פון טויט האָב איך דערזעהן לעבען.

ווארים ווער עס גיט קיין טויט זאָל אויך ניט געבען קיין לעבען, און דער וואָס גיט טויט זאָל אויך געבען לעבען.

צעבראָכען איז די לירע אויף וועלכער איך האָב געזונגען מיין ליד פון פרייד, איצט וועל איך ארויסריידען מיין הארץ פון לייד.

ווארים אין דעם באלויכטענעם געצעלט פון חכמה זיצט די שלאנג פון ערפארונג פול מיט טויטען גיפט.

עס זיפצט מיין נשמה: — דריק צו דיינע קארשען ליפען צו מיינע ליפען, מיין געליבטע, ווארים איך בין דורשטיג נאך בלוט. זאל דער דופטיגער אטעם פון דיין בוזים טויטען מיין נשמה, ווארים איך בין הונגעריג נאך טויט, און קיין זאך טויט ניט אזוי ווי דער אטעם פון לעבען.

הער צו, אויף אט דעם בארג זאל קיין שטערבליכער זיך ניט ווייזען פאר מיינע אויגען, ווארים זיילען פון אייביגקייט זאלען אים שלאגען טויט.

קיין יונגפרוי זאל זיפצען נאך ליבע, ווארים טויט זאל זיין איר באלוינונג. איך שטעה איצט אין די שטראלען פון דער זון, און ליכט זאל בייגעקומען ווערען פון ליכט.

קומט איר אלע אין מיינע ארעמס כדי איך זאל אייך קענען ליב האבען. אבער די וועלכע ווייסען ניט פון ליבע, דארף איך ניט — בלויז די הונגעריגע שפייז איך.

אויף אט דער הויך זאל קיין פרוי זיך ניט ווייזען, סיידען אין ליבע, ווארים אויב ניט אין ליבע ווערט זי געטויט.

ער איז שטיל געווארען און האט זיך צוריקגעקערט צו זיין הייל, און זיין הארץ איז געוועזן שווער פון זעלבסטפארוואורף. אבער ער האט עס ניט געצערטעלט. נאר אויפהייבענדיג א בלום פון לעבען זיינע פיס און ארויפלעגענדיג זי אויף זיין ברוסט האט ער זיך אוועקגעלעגט צו חלום'ען. דער זיסער דופט האט געקילט זיינע שלייפען און אים פארוויגט צום שלאף.

ווען ער האט ערוואכט איז די זון געשטאנען גאלדיג איבער זיין קאפ און דער טאג איז געוועזן פרוכטבאר מיט ליכט.

זיסע קלאנגען פון פאסטוכער, וואס האבען געשפילט אין די טאלען האבען זיך געטראגען איבער דעם ווינט צוזאמען מיט די ווידערקלאנגען פון נאכטיגאלען, וואס האבען געזונגען אין ווייטערדיגע וועלדער.

דאס הארץ פון דעם צוריקגעצויגענעם גבור איז געוועזן אנגעפילט מיט פרייד און ער האט אנגעהויבען צו זינגען זיינע נאכטראכטונגען:

געבענשט בין איך כאטש איך בין אין שאטען פון טויט, ווייל אין מייז הארצען שטעהט דער בוים פון אייביגקייט.

זים זיינען די פלאנצונגען, וואס וואקסען אין מיין וויינגארטען, ווארים זיי זיינען פון די זאמען פון ליבע.

איך זיץ אונטער דעם בוים פון לעבען און שפייז זיך מיט פרוכט פון אייביגקייט.

געבענשט זאל זיין דאס שעפעלע, וואס שלאפט לעבען מיין זייט, ווארים עס פילט מיך אן מיט דער פרייד פון א קינד.

איצט פיל אן מיין בעכער מיט רויטען וויין, ווארים איך בין פאר׳-קנס׳ט צו מיין אינגסטער כלה. אויף דער ברוסט פון דער וואונדערבא-רער מיידעל לעג איך מיין מידען קאפ און פיהל ווי דער ווינט פון טויט בייט זיך אום אין דעם דופט פון לעבען.

א, פארוואס זאל דער אטעם פון אירע בריסט הענגען ווי אן אנגע-צונדענער לאמפ אין נעבעל, און ציהען מיך צו זיין ליכט, ווי דער טויט פייער ציהט דאס פליגעלע? דאך אהן א בלום, א קליינע בלימעל — ווי פוסט וואלט געווען מיין גארטען! איך ברען א קוש אויף איר באק, און זעה אן עופה׳לע אין גאט׳ס געשטאלט טאנצט פאר מיינע אויגען. איך קוק אריין אין איר אויג, דארטען זיצט אייביגקייט פאר מיר און דיר.

א, וואונדערבארע טאכטער, לאז מיך פארזוכען פון דיין פרוכט און לאז מיך זיין דער טרייער גערטנער פון דיין מיידעלש פעלד. לאז מיך געהן דורך דעם טאל פון לעבען, וואס ליגט צווישען צוויי בערג, אייביג גרין. לאז מיך טרינקען פון דעם קוואל פון לעבען, וואס פליסט אונטער דיין אלאבאסטער צודעק, און אין מיינע אויגען לאז אריינשטראמען דאס ליכט פון דיינע אנגעצונדענע אויגען, וואס ברענען ניט מיט זינד. לאז מיין נשמה ווערען אנגעצונדען פון לויטער ליבע.

וועה, וועה.

ער הערט אויף און א שטילקייט ווערט ארום אים.

# VII

**אין דעם וואלד פון אזאדאס.**

שטראלען פון דער זון האָבען צוריקגעשאָסען זייער ליכט צום הי־מעל, ווי נאָר זיי זיינען געפאלען אויף די גאָלדענע שפּיזען, וועלכע האָבען ארומגערינגעלט דעם וואלד אזאָדאס.

דער איינזאמער אלטער פון דעם וואלד אזאָדאס איז געשטאנען אויף דעם שפּיץ פון א בארג און די טרערען פון זיינע אויגען האָבען אָנגעפילט דעם טאָל מיט א בלוטיגען טייך.

פון הימעל האָט זיך ארונטערגעלאָזען א פרוי, איר פּנים איז געווען בלייך ווי א ליליע קווייט און איר מויל — רויט ווי בלוט. זי איז אריינגעפאלען טיף צווישען די ווייכע גראָזען, וואָס אין דעם פעלד פון עבים, ביי דער זייט פון א שלאָפּעדיגער שאף. דער וויינענדיגער אלטער האָט אין איר דערקאָנט זיין טאָכטער.

מאָדנע קולות האָבען גענומען ציטערען אויף דעם רוקען פון טאָג, וועבענדיג א ניט באמערקבארע געוועב פון ווידערקלאנגען:

אָ מענש, לאָז ניט דאָס הארץ דיינס בלוטיגען ביז דער מעסער וואָס וועט דאָס דורכשטעכען זאָל ארויסגעצויגען ווערען ווייס ווי אלבאסטער.

פיל אָן דיין בעכער מיט די עמבריאָ טראָפּענס פון דיין נשמה און טרינק דעם ווייז פון דיין טויט.

דערשלאָג אויף טויט דעם, וואָס שפּייזט זיך מיט זיין אייגען הארץ. זאָל ער ווערען שפּייז פאר אנדערע.

אָ מענש, ווייז אויפ'ן טויט פון דעם זויגקינד.

דער טאָג זאָל מער קיינמאָל ניט זיין ליכטיג. די זון זאָל שטעהן אין איר בלוטיגען ראנד דורך דער לענג פון דער נאכט. דער לעמפּערט, וואָס פּיטערט זיך אויף דעם גראָז פון דעם בארג זאָל פארוואנדעלט ווערען אין

גראָז. און די טויב, וואָס האַלט זיך אויף איבער׳ן ים, זאָל ווערן א קאָראַל פאַר דעם טויבער׳ס האַנט.

עס איז אזא צייט.

איצט צעשפּרייט דו אַליין דיינע אָרעמס, א הייליגער אַלטער, און זאָל אויף דיין ברוסט פאַרקומען דער ווילען פון גאָט. זאָל איצט דיין טאָכטער ווערן א גייסט און איר טויט זאָל ווערן דאָס געצעלט פון די אומשולדיגע.

איך זעה דעם טאָג פון וואַנען אויפשטעהן פון דער קאַלטער נאַכט, אויפפרעסענדיג אונזער גאַנצע פרוכט.

ווען דו קומסט צום טויער פון וויסען, א מענש, היט זיך פאַר דער האַנט פון טויט.

פאַרברען דיין גראָז. זאָל די ערד ווערן טרוקען. אויף דעם פעל־זיגען באָדען זאָל דער לייב וואָגלען אין זיין הונגער, ביז זיין פלייש זאָל ווערן די שפּייז פאַר אַנדערע. די שלאַנג זאָל זיך זיגזאַגיג שלייכען אי־בער דעם טרוקענעם פעלד און זאָל אריינקריכען אין איר נעסט צו שטאַר־בען פון הונגער.

אָ, וואונדערבאַרע טאָכטער, די שאָף האָט געגנוג געזויגען דיין מילך, לאָז איר איצט זיך פיטערען אויף דעם גרינעם באַרג.

פאַרוואָס זאָל איך זיין געשלאָגען מיט וועה, ווען דאָס ליד פון ליבע און פרייד טראָגט זיך פאַרביי מיין אויער אין אַן אוועקטליכען דונער?

איצט, מיין טייערסטע געליבטע, פאַרדעק דיין פּנים מיט דעם שלייי־ער פון דיין לייב, איך זאָל קאָנען באַוואונדערען דיין ריכטיגען איך.

דער דופּט פון דיין לייב, אָ וואונדערבאַרע טאָכטער, פאַר׳שיכור׳ט מיין שווערען געדאַנק און א מערדערישער פאַרלאַנג, וואָס איז געשפּייזט פון מיין ליבע שוועבט אַרויף צו מיין האַרצען.

זינג דאָס ליד פון ליבע, אָ מענש, ביז דו וועסט אַרויסהויבען דעם אָטעם פון לעבען אין א וואונדערליך ליד.


וואוהין געהסטו טיין זוהן?

י. טאַפּעל:

מלחמה־לידער.

מאַקס וועבער:

ניו יאָרק און אַנדערע לידער.

אל גוריה:

הערבסט.



# I

## י. טאַפּעל

דאָס ליד פון א יונגפרוי וואָס איר געליבטער איז אוועק אין קריג.

שטעהט אויף איהר נעפּלען, וואָס אויף די בערג
איבער מיין מוטער׳ס הויז.
דער פויגעל, וואָס וויל קומען צו מיר
איז פארפאלען אין א וואָלקען, וואָס נידערט
אויף מיין מוטער׳ס הויז.

אָ, וואָלקען, וואָלקען, צעברעך דיין האַרץ —
דער פויגעל וועט קומען און ברענגען א צווייגעל צום פלאַנצען
לעבען מיין מוטער׳ס הויז.

דער גרויער וואָלקען האָט צעבראָכען דאָס גוטע האַרץ
און דער נעפּאלענער שניי איז געבליבען שלאָפען אין די ווייסע פענסטער
פון מיין מוטער׳ס הויז.

אָ, שניי, שניי פון דעם גרויען וואָלקען!
דאָס צווייגעל ליגט קאַלט אין דיינע ווייסע אָרעמס,
פארגיסענדיג א גאָלדענע טרער.
אָ, שניי, שניי, וויין מיט מיר.

א ים האָט אויפגעפּראַלט און געשריען און געשטורעמט
ארום מיין מוטער׳ס הויז —
א ים מיט בלוט נעמט פּלייצען ארום
און צעברעכט דעם דאַך און די ווענט און אלץ
פון מיין מוטער׳ס הויז.

## II

דאס ליד פון א זויגקינד וועמעס פאטער איז געפאלען אין קריג.

די מילך פון דער ברוסט פון מיין מוטער
איז זילבער באטרויערט מיט רויט,
און פון דער גלייכגילט פון מיין מוטער
ווייס איך מיין פאטער איז טויט;

אז דער ים האט פארגאסען די ברעגען, —
זיינע פעסטע זאמדיגע ווענט,
און ווייט איבער די ליבליכע גאלדענע ברעגען
צעשפרייט זיינע וואסערדיגע הענט;

אז דאס ליכט פון דעם גאנצען פיל שטונדיגען טאג
איז די גרויס פון א ליכטעל
און דאס פארשפראכענע לעבען פון א לאנגען טאג
צאנקט און געהט אויס ווי א ליכטעל.

## מאקס וועבער

### די זון

אָה זון דיר איז געגעבען געוואָרען דער כח צו מאכען אלץ זעהעוודיג,
אונטער די שטראלען פון דיין ליכט
ליגט די גרויסע שטאָט פון קוביסטישע פאָרמען — ניו יאָרק.

### דער אויגענבליק

קובען, — קובען, — קובען, — קובען.
הויך, נידריג, און הויך, און העכער, העכער,
ווייט, ווייט ארויס, ארויס, ארויס, ווייט,
פלאַכען, פלאַכען, פלאַכען.
קאָלירען, לאָמפען, שילדען, פייפערייען, גלעקער, סיגנאלען, קאָלירען
פלאַכען, פלאַכען, פלאַכען.
אויגען, אויגען, פענסטער אויגען, אויגען, אויגען,
נאָזלעכער, נאָזלעכער, קוימעננאָזלעכער,
אָטעמענדיג, ברענענדיג, פייפענדיג,
גרוילענדיג, פאפענדיג, אָטעמענדיג, פאפענדיג,
מיליאָנען זאכען אויף זאכען,
ביליאָנען זאכען אויף זאכען
פאר'ן אויג, דאָס אויג פון זיין,
ביז דער שארף פון האָרסאָן,
שווימענדיג אָהן אן אָפהאלט, אָהן א סוף,
ווייטער, ווייטער, ווייטער, ווייטער.

## גאָלד.

גאָלד, גאָלד, גאָלד. —
אויף די מענשען, אויף די הייזער גאָלד.
גאָלד אויף די ביימער,
גאָלד אויף די ווענט,
גאָלד, גאָלד, גאָלד.
אויף די קוימענס, אויף די בלעטער, גאָלד. —
גאָלד אין דעם ליכט,
גאָלד אין דער לופט,
גאָלד, גאָלד, גאָלד.
די זון האָט געשפּאָלטען דעם הימעל
און א גאָלדענע וועלט האָט זי אָנגעצונדען.
גאָלד, גאָלד, גאָלד. —
יעדעס בלעטעל א צירונג,
יעדער בוים א בונט בלומען,
פון גאָלד, גאָלד, גאָלד.
גאָלדענע גאַסען,
גאָלדענע מענשען,
גאָלדען וואסער,
גאָלד, גאָלד, גאָלד.
אלץ איז גאָלד. —
אלץ וואָס די זון האָט מיט אירע שטראַלען געקושט
איז גאָלד, גאָלד, גאָלד.
די זון איז אין מיין הארץ,
די זון איז אין מיינע אויגען,
די זון אין מיין בלוט,
די זון, זון, זון.
איך בין אין דער וועלט,
די זון איז מיט מיר,
הא, די זון, זון, זון. —
גאָלד, גאָלד, גאָלד.

אזוינע „פרומע“, מייסטענס קאטויליקען, זענען דא גאר ווינציג. די ארמיי־אויטאריטעטען האבען געמוזט קומען צו הילף די קירכ־„פאטערס“. און פארזארגען זיי מיט „שוהלגעהער“, ווייל עס פלעגט אלעמאל זיין גוואלדיג פוסט ביי די גאטעס־דינסטען.

זונטאג פריה איז דא א באזונדערע שטונדע, ספעציעל באשטימט געווארען פון דער מיליטערישער מאכט פאר תפלה־טאז. עס דערהערט זיך דער „טשוירטש־קאלל“, מען מושטירט אוים די קאמפאניע, ווי צו א געוועהנליכער מיליטערישער „פארמיישאן“, און מען מארשירט צו דער נאהענסטער K. of C. אדער Y. M. C. A. אז מען וויל ניט געהן און מען בלייבט איבער אין דער קאמפאניע־גאס — די „גאט'ס שעה“ איז דאך כלומרשט פרייוויליג — קריגט מען דארטען פארשי־דענע ארבייט. נו, און אז שוין הארעווען, — טא זאל עס זיין ביי דעם גלח'ס רעדע.

אויף י ע נ ע ר זייט, וואו די סאלדאטען קומט אוים איבערצולעבען די אמת'ע טויט־אנגסטען און מלחמה־העלענישען און וואו די סאלדאטען דארפען עס ווערען בעסער — און זיי ווערען טאקע עטוואס טיפער און איינגעשלאסענער. די מענשען וואס האבען דעם טויט אנגעקוקט נאהענט — איז אויך ניט צו באמערקען קיין אקסעלערירטען רעליגיעזען געפיהל. די סאלדאטען קוקען אויף די פארשידענע מיסיאנערען, גלחים און רעוור־רענס פון אויבען־אויף, ווי אויף טויגעניכטסען, לא־יוצלח'ס. א סך באַ־טראכטען זיי ווי „סלעקערס“.

עס איז דא בלויז איין וועג, אויף וועלכען די פראפעסיאנעלע גאט־פארזארגער קאנען ווערען פאפולער צווישען סאלדאטען, און דאס איז — אויב זיי פארזארגען זיי מיט שרייב־פאפיר, טאבאק, און קענדי. וואס דאס איז טאקע די הויפט־ארבייט פון די רעווערענדס און טשעפליינס. ווען די סאלדאטען האבען א פרייע מינוט, וועלען זיי ליבערשט געהן אין דער סאלוויישאן־ארמיי געביידע, וואו שעהנע, געזונטע מיידלעך באדינען זיי מיט הייסער קאפע און „דאנאטס“, און ניט צו א רעליגי־עזען דינסט.

עס איז אין דער איצטיגער מלחמה ניט געווען צו זעהן דאס באַ־קאנטע „העלדישע“ בילד פון דעם פריסט, וואס געהט פאראוים פאר די קריגער און פיהרט די מחנות צום שלאכט. די סאלדאטען וואלטען

זילבער.

און גאָט קומט און נעמט דאָס גאָלד אוועק,
און גיסט אויס די נאכט אינגאנצען פון זילבער.
זילבער ליכט — בלאָס גרוי בלוי קאָלירט ליכט.
און בוימער היינגען פאנאַנדער דער נאכט׳ס בלעטערדיג געוועב
אויף דער בלאָס גרוי בלויער ברוסט פון נאכט
און דער בריליאַנטען הימעל פון נאכט דורך אַלץ
א שפּיגעל — דאָס פּנים פון גאָט!
און דורך דעם ברעגלאָזען שטח
שיק איך מיין דערטרונקען קול
באגלייט פון די זומערדיגע אָרקעסטראַלע כוואַליעס פון נאכט.
איבער און אריבער,
ספערען אויף ספערען,
ספערען אויף ספערען טאָג און נאכט,
גרייבענדיג, רופענדיג, בעטענדיג,
פאר דעם אומבאוואוסטען גיט סופ׳יגען סוף.

בודהא.

א קליינער בודהא איז פון כינא געקומען,
די גרויס פון מיין קליינעם פינגער
דעם בודהא האָב איך אין מיין האַנט פארמאַכט.
און א וועלט מיט שעהנקייט פארדעקט.
איך האָב מיין האנט געעפענט,
און זעה —
די שכינה, רוה און ליכט.

דער לייב.

א כינעזישער סקולפּטאָר פון דעם אלטען כינא
האָט א קליינעם לייב אין שטיין אויסגעהאקט.
דער לייב איז אין אן עליפּטישען צירקעל געלעגען
און בארירט די נאָז מיט דעם עק.
איך שטעל מיר פאָר
דער סקולפּטאָר האָט געוואָלט
דעם צירקעל פון באוואוסטזיין אין שטיין באהאלטען.

שלאָפען די צוויי יונגע פארליבטע
ניט געשטערט פון די טרויעריגע געדאנקען פון פארגאנגענהייט —
פארגעסענדיג די פארגאנגענהייט.
היינט, איצט, אין דער מינוט אָטעמען זיי פון דאָס ניי.
זים און זיסער ווערט זייער צונויפגעוואקסענער אָטעם
ווי דער פרישער טוי. און אָטעם פון אָט דעם גאָלדענעם
הימלישען זומער מאָרגען.
איך גרים דיך אָ, גליקליך קליין הייזעל.
דיינע ווענט, דיין פונדאמענט און די ערד אונטער דיר
און די בוימער, בלומען, ווילדע פלאנצען און די פעלזען,
וואָס ארום דיר,

און די פרישע לופט און דאָס קרישטאָל ריינע ליכט.
גליקליך קליין הייזעל, באשיידען קליין הייזעל, אויסדערוויילט
קליין הייזעל,
איך גרים דיך נאָכאמאָל אין דעם פריהען זומער מאָרגען.
איך גרים דיך — גיב שוץ און פרידען צו די צוויי געליבטע. —
אָ גליקליך קליין הייזעל צו מיר און צו דער, וואָס איך ליב.

## אַל גוריה.

**הערבסט.**

איך וויג זיך הין און הער.
טאָג איז נאָך פאראן,
און האָפנונג אויך, —
ווי שעהן זי האָט זיך דאָס צעשפּילט אין מיר. —
דאָס בלוט אין מיינע אָדערען שפרינגט און זינגט מיט פרייד:
עס, ס'וועט נאָך געבען גליק אָט דער איצט אָנגעצונדענער הערבסט
אין דיינע אויגען.
און אויך אין רויך פון מיין ציגאר, זיך קרייזלענדיג אין נעפּעל־גרוי
פאר מיינע אויגען,
זעה איך דאָס אייגענע און וויים, אז דאָס וועט זיין אזוי:
אז געבען וועט נאָך גליק אָט דער איצט אָנגעצונדענער הערבסט אין
דיינע אויגען.

I.

# רעליגיע

אין א שבת־אבענט האב איך מיך ארויסגע׳גנב׳עט פון קעמפ. איבער עפעס א קאפריז פונ׳ם עלטסטען סארדזשענט האבען מיר ניט געטארט פארלאזען די קאמפאני־גאס. אונזער קאמפאני־גאס איז געווען די לעצ־טע אינ׳ם קעמפ ביים זוים, אויף א שפיץ בארג. האב איך מיך ארויס־גע׳גנב׳עט און זיך געלאזען געהן בארג־אראפ צו אין טאל.

דער טאל איז ליידיג און ברייט. זעלטען וואו א הויז, וועלכען מען זעהט בלויז ביינאכט, ווען עס צינדען זיך אן די לאמפען. איך בין געגאנגען אליין און זיך גערוהיגט אינ׳ם אבענט.

און אזוי טראכטענדיג אינ׳ם אבענט, דערטראגט זיך צו מיר דער שטילער שאלען פון א גלאק, א קירכען־גלאק. נאר די קירכע זעהט מען ניט, ערגעץ אין א ווייטען דארף מסתמא. עס איז מיר וואונדערליך אויפ׳ן הארצען. גלאן־גלאן... און איך האב מיך שוין געהאט פארגעסען אז עס זענען נאך דא געבעט־הייזער אויף דער וועלט.

איך בין שוין אזוי לאנג אין קעמפ, און איך האב נאך ביז אהער ניט פארנומען קיין קירכען־גלאק. פילייכט איז עס דערפאר, האב איך געטראכט, ווייל אונזער קעמפ איז פארווארפען און ווייט פון א מענש־ליכען ישוב. נאר דעם אמת געזאגט איז מיר ביז אהער גאר קיינמאל ניט איינגעפאלען אפילו צו טראכטען וועגען דעם, ווייל עס איז מיר גאר פון געדאנק ארויס אז עס זענען נאך דא געבעט־הייזער אויף דער וועלט.

איצטער איז שבת צו נאכט, ערב זונטאג. אט דעריבער קלינגט עס אין קלויסטער. לאז איך מיך ארונטער טיפער אין טאל, פאזע דעם איינ־ציגען וועג, און געה נאך נאך דעם ווייטליכען גלין־גלאן. איך וועל געהן אזוי לאנג, ביז איך וועל אנטרעפען די קירך. און איך האב מיך גערדרעהט

און געקירעוועט איבער די באַטויטע פעלדער, און מיינע פיס זענען נאַס געוואָרען.

צו דער קירך בין איך אָנגעקומען עטוואָס שפּעטליך. עס איז געווען אַ דאָרפישע קירך, אַ שטיינערנע, אַן אַלטע, און די ווענט מיט'ן דאַך היפשלעך מיט מאָך און ווילד־גראַז באַוואַקסען. עס איז געווען דאָס גע־בעט־הויז פאַר עמליכע נאָהענטע דערפער, אַזוי האָב איך איבערגעלעזען דאָס בלעטעל ביים טיר.

פאַרוואָס האָב איך עס איז קירך ניט געוואָלט אַריינגעהן? איך טו עס אַלע מאָל מיט אַזוי פיעל שטילער פרייד און רוה־דערוואַרטעניש. אפשר איז עס געווען מיין יוניפאָרם. וועלכע וואָלט דאַרטען אַזאַ חשיבות'דיגער און אָנגעליינטער גאַסט געווען. אַז עס וואָלט אַביסעל סענסאַציע און רוה־צושטערעריי פאַרשאַפט, און אפשר — די דעראינערונג פון געוויסע טעג און אָבענטען אויפ'ן סאָלדאַטישען אופן פאַרבראַכטע, וואָס האָבען מיך שוין ניט ראוי געמאַכט פאַר דעם?

געבליבען בין איך דרויסען, ביי דער קירך, וואָס האָט מיט די פענס־טער אומעטיג געלויכטען אין די הערבסטיג־אָפּגעשניטענע פעלדער. מיך אָנגעשפּאַרט אַן אַ בוים, און אינעווייניג אַריינגעקוקט.

איך האָב געזעהען: אַ קליינער עולם איז אין קירך צונויפגעקומען, שיטער איבער די פּלעצער זיך צוזעצט. אויבען־אַן, אויף דער בימה, שטעהט אַ טרומנע אַ ווייסע מיט קרענצלעך בלומען אַרומגעלייגט. דער גלח שטעהט איבער דעם און זאָגט עפּעס אַ תפילה. און די אין די ערשטע רייהען ווישען זיך די אויגען און די נעזער מיט נאַס־געוואָרענע טאַשענ־טיכלעך.

עס איז אַ קירך אַ שטיינערנע און אַן אָפּגעזונדערטע צווישען פעל־דער און דאַרטען האָט דער גלאָק געקלונגען און אָנגעזאָגט דער שכנות'־שאַפט אַז מען פיהרט אַ מת צו דער קבורה.

---

מען זאָגט: נאָך אַ מלחמה — אַ טיפערער גלויבען. נאָך ליידען — אַ פאַרשטאַרקטער רעליגיעזער געפיהל.

דאָס איז ניט אמת — ניט בדרך כלל.

אויף ווי ווייט עס איז יאָ אמת, קאָן עס בלויז אָנגעווענדעט ווערען

אויף איינצעלנע יחידים, אויף אזוינע וועמעס לעבען איז אן אינערליך לעבען, א נשמה־לעבען הויפזעכליך. און אויך ביי די — איז עס ניט קיין מוז. אן עקסטרעמער אנטשידענער איבערגאנג קומט יא פאר, אן איבערגאנג אדער צו טיפען גלויבען, אדער — צו אונערהערטער, פאר־צווייגטער און פארטיפטער זינד.

ביי די „אויסדערוועהלטע" אזוי, א פשיטא שוין ביי די מאסען, ביי די 99 פראצענט. דערהויפט נאך ווען די ליידען זענען ניט פון אן אינער־ליכען גייסטיגען סארט, נאר פון אן אויסערליכען, פיזישען. און אזוינע זענען די ליידען, וואס די סאלדאטען — וואס דאס מיינט ביי איצטיגער צייט כמעט די גאנצע יונג־און־מיטעליעהריגע־מאנסבילשע וועלט, — האבען דורכגעלעבט אין דעם אקארשט פארענדיגטען—אפשר...—וועלט־קריעג.

ביי אידען, זיכער מעהר ווי ביי די ניט־אידען, קאן מען אפילו יא אנווייזען אויף גרויסע כוואליעס פון גלויבען, אין וועלכע זיי פלעגען זיך ארונטערטוקען אין דער צייט פון, און דערהויפט באלד נאך גרויסע יסורים'דיגע איבערלעבונגען. אבער דאס איז דערפאר, ווייל דאס אידישע לעבען איז געווען איינגעשרומפען און באגרעניצט, און ק י י ן א נ־ד ע ר א ו י ס וו ע ג א י ז נ י ט ג ע וו ע ן.

דער דראנג נאך א האסטיגערן, טומעלדיגערן און שארפער־אנרעגענ־דיגען לעבען, וועלכער קאן אזוי גוט געשטילט ווערען אין עקסטאטישער רעליגיעזיטעט, ווי אין עקסטאטישער זינד, פלעגט געוועהנליך — ג ע־וו ע ה נ ל י ך בלויז: אויך אין גאר די אלטע צייטען אזוי גוט ווי אין מיטען־אלטער פלעגט עס פאסירען אז גרויסע פאלקס־יסורים זאלען ביי די אידען נאכגעפאלגט ווערען דורך נעגאטיווער רעליגיאזי־טעט, דורך זינד און צולאזונג. דערמאנט זיך אז דער ערשטער צייט פון גלות בבל, אז די צייט פון פאר'ן צווייטען חורבן, אז די פראנקיסטען־באווע־גונג, און נאך אנדערע, וועלכע זענען אפילו ניט רעקארדירט געווארען דורך די אידישען אננאליסטען — דער דאזיגער דראנג פלעגט געוועהנליך, ניט האבענדיג קיין אנדער אויסוועג, געפינען זיין באפרידיגונג אין די אמונה־כוואליעס וואס פלעגען אנפלייצען.

א ראיה האט איהר:

פאר די לעצטע צוואנציג יאהר, ווען דאס אידישע לעבען איז די

אייראָפּעאישע מזרח־לענדער איז געוואָרען ברייטער, פילצוויייגער און זועלטליכער, האבען די ברייטע שיכטען פאָלק געפונען טאַקע אן אנדער פארגעסעניש און אן אנדער נארקאָטיש־פארטומלענדיגע היילונג—אין זינד און אויסגעלאסענהייט. האט איהר באמערקט עפּעס גרויסע רעליגיעזע באַ־וועגונגען — סיי טיפע און סיי אויבערפלעכליכע—צווישען די ב ר יי ט ע שיכטען פאָלק, נאָך די פורעניות־יאָהרען פון 1905־1906? פון יחידים און שעהן־גייסטער — און ביי אונז זענען זיי געווען נאָך ווענינער ווי ביי די שכנים, און א בלויזער אפּקלאַנג — איז דאָך דאָ ניט די רייד.

דאָס גרויסע פאָלק האָט זיך דאן א וואָרף געטאָן צום צווייטען עקסטרעם, צו דער הפוכ׳דיגער פאָרם פון רעליגיאזיטעט — צו זינד און אויסגעלאזענהייט. און אויך ווי ווייט מיר קריגען איצטער ריכטיגע ידיעות פון רוסלאַנד, זענען אויך איצט, נאָך דעם כמעט אומפארגלייכליכען חורבן פון די לעצטע פיער יאָהר, צו באמערקען סימפּטאָמען — און טאַקע מעהר ווי בלויזע סימפּטאָמען—פון מאָראלישער פאנאנדערפאַלונג, פון אן אומקעהרען זיך צו אן אונמאָראלישען, אדער אמאָראלישען צושטאַנד.

אויב ביי אידען — דער קוועקזילבער פון דער וועלט — איז אזוי — איז שוין זיכער קיין בעסערס נ י ט צו דערווארטען ביי די ניט־אידען...

---

איז א נומער „אטלאַנטיק מאָנטהלי" וואס איז מיר דורך א וואונדער אין די הענט אריינגעפאלען, האָב איך געלעזען אן ארטיקעל, וואו דער שרייבער פארנעמט זיך ספּעציעל מיט א שטודיע פון אָט דער פראַגע: דער פראַגע פון דער געגענזייטיגער ווירקונג פון מלחמה און רעליגיע. דער ארטיקעל איז געווען אזוי אמת׳דיג און אזוי איינגעשטימט האָט דער מחבר מיט מיינע מיינונגען איבער דער זאַך, אז איך האָב ניט גע־פינען פאר נויטיג איהם איבערצולייענען ביז צום סוף. דער אויטאָר האָט געשטודירט די פראגע אויפ׳ן פלאַץ, אויף די מלחמה־פעלדער, און הינטער די טרענטשעס.

דער קריג האָט די סאָלדאטען ניט געמאכט פרומער, אפילו ניט אין אן אויבערפלעכליכען זין, אין דעם זין פון בלויזען געהן אין קירך אריין. איך געדענק, אויף ד ע ר זייט, ווי די סאָלדאטען פלעגען אפּשפּאָטען פון איינעם, וואס האָט געוואלט אום זונטאג געהן אין קירך אריין. און

אײנס.

א בלאט, א בין, א פליג —
ווען איך בין אליין,
זענען זיי מיינע ליבע חברים.
צו דער פליג בין איך א פליג,
צו דעם בלאט בין איך א בלאט,
צו דער בין בין איך א בין,
און צום סוף זענען מיר אלע אײנס.

צו אַ בלעטעל.

טאנץ, מיין בלעטעל, טאנץ,
דיין פלאטערען שמייכעלט צו די ווינטען.
טאנץ, מיין בלעטעל, טאנץ —
פון אלע וועלדער קומסטו.
טאנץ, מיין בלעטעל, טאנץ —
דו טרייסעלסט די וועלט.

באַניטע ליבע.

אײנזאם און אָפגעשיידט פעלד, צווישען די האָזיגע וויאָלעטען
און צונויפגעפלאָכטענע בערג
געבאָדען אין דער שטילקייט און קיהלקייט פון דער פריהער
מאָרגען לופט און ליכט.

אויף דיר זיצט א קליין באשיידען הייזעל,
איינפאך פאָרמירט און געבויט און שטיל און רייך אין פארב.
עס זיצט, ווי עס וואָלט געווען געפלאנצט פון א מענשענס האנט.
און איז צונויפגעוואקסען, געזאפטיגט און געזעטיגט מיט דעם
לויף פון די טעג.
אין דיר שלאָפען צוויי פארליבטע — זיי ליגען אָנגערירט ברוסט
צו ברוסט,
אָטעמענדיג ריטמיש ווי זיי וואָלטען געווען אײנס,
און זענען געוואקסען מיט דיר, אָ קליין באשיידען הייזעל.

אַ געבענשט קליין הייזעל, אויסדערוויילט קליין הייזעל,
אין אײנעם פון דיינע קליינע קאמערען

זיך פון אזוינס אויסגעלאכט. זיי זענען קליגער געווארען, די סאלדאטען.

צוליב וואס ארומרינגלען די דערוואכונג פון דער מענשליכער חיה מיט דעם אפשיין פון הייליגקייט און העכערען גלויבען? דאס האט מען דא, צווישען די איבערגעבליבענע, גערעט פון דער הויכקייט און הייליג־קייט פונ׳ם צוועק. צווישען די סאלדאטען, וויפיל איך פלעג מיך ניט באמיהען ארויפצוברייינגען א סך פון זיי אויף אזא מין סארט געשפרעך, איז עס מיר ניט געלונגען. מען פלעגט אייך אנקוקען אדער מיט א קלו־גען שמייכעלע — „ווענעמען דערצעהלסטו דא מעשיות?“ אדער — מיט א פאראכטליכען, פיינדליכען קוק, ווי אויף א קריכענדיגען היפאקריט — “צוליעב וואס אט דער דאזיגער אנשטעל פון א וצדקתך?“

מיר שלאגען זיך, ווייל — מיר זענען פנים אל פנים מיט׳ן טויט. די אין אונז דרימלענדיגע בעסטיע איז אויפגעוועקט געווארען. איז וויל מען נאר ז י ך ריינוואשען און רעכטפערטיגען, איז — „אויב איינער קומט דיך הרג׳ענען, טא פעדער זיך ד ו. און הרג׳ע איהם“.

גראב ווערען די מענשען אין די טרענטשעס, רויה, חיה׳דיג און פרי־מיטיוו. רעליגיע איז צו איידעל פאר זיי און צו אומפארשטענדליך. איך קען ניט רעפראדוצירען די עפיטעטען מיט וועלכע די קעמפער פאר א בע־סערער מענשהייט פלעגען אנרופען די רעליגיעזע פארשטעהער. דאס איז אונטער די אויגען. און א י ן די אויגען — אפשפאט און א פון־אויבען ארונטער׳דיגער קוק.

---

אין איינעם פון די קעמפס האט מיט מיר צוזאמען געדינט, אין דער זעלבער קאמפאניע, א געוועזענער יונגער פאסטאר. ער האט פארלאזען די קאנגרעגיישאן, און זיך אנגעשלאסען אן דער ארמיי, אלס א געוועהנלי־כער סאלדאט, ניט קיין „טשעפליין“. ער האט געוואלט זיין צוזאמען און צווישען די סאלדאטען.

ער איז געווען זעהר איידעל און געהאט אויך א וועלטליכע בילדונג. ער איז געווען זעהר צוגעלאזען צו די סאלדאטען. פלעגט טאן פאר זיי אלע קלייניגקייטען. ווען מען צוגענעהט א קנעפעל, ווען עפעס פאריכט. לעבען וועמען געזעסען, אין אן אומעטיגער מינוט, און געטרויסט, גע־זאגט א גוט ווארט.

די איבעריגע סאלדאטען, פארגעבט ווי זיי זענען פריהער געווען

און אוממענשליכער ווי זיי זענען נאך שפעטער געווארען, האט זיך עס בשום אופן אויפ'ן קאפ ניט געלעגט זיין אויפפיהרונג. עס איז געווען אזוי להיפך פון זייערע אנגענומענע באגריפען פון „מענשליכקייט". דער פאסטאר איז געווען צו גוט און צוגעלאזען. איז עס מעגליך אז א מענש זאל אזוי זיין אומאייגענוציג? זיי זענען לסוף געקומען צו אזא מיינונג וועגען איהם:

— דער פאסטאר איז א האמאסעקסואליסט.

פון דאן אן האבען זיך עס אנגעהויבען פארשידענע רדיפות און נגישות אויפ'ן פאסטאר. מען האט איהם געמאכט מאוס'ע אנבאטען, און אין איין אבענט האב איך פון אומגעזעהענע הענט געקראגען א התחלה אויף א פאר קלעפ, און א צוזאג אויף נאך — דערפאר וואס איך האב מיך א פאר מאל אנגענומען פאר איהם.

---

און אז מען וויל שוין יא, אין דער צייט פון א קורצען אורלויב. אויסצוימען די אינסטינקטען און פארטויבען זיי — די אויסגעצאמטע. איז פארוואס עפעס אין רעליגיע? ס'איז דא אן אנדער אויסוועג — נאר דאס געהערט זיך שוין אן צום קאפיטעל „ליעבע".

און ווערט מען פארוואונדעט, זענען עס די „נוירסעס", וועלכע רינגלען ארום מיט פיזישען קאמפארט, די אנגעלזנגסטע געסט.

אבער דאס רעליגיעזע געפיהל נעמט זיך אויך אפ זיין צינש — אין מאנכע פאלען.

עס קומט אן דער טויט. איז ער פלוצלונג — טא זאל ער זיין גע־בענשט. נאר ער צ י ה ט זיך א סך מאל. זיכער איז ער אין קומען — נאר ער צייגערט, און צוזאמען מיט די פייניגענדיגע פלאמען, וועלכע ברענען דעם לייב, צינדען זיך אויך אן פייערלעך אין דער העליש — זיך מוטשענדיגער נשמה. און די אויגען, אינ'ם אנבליק פונ'ם טויט, עפע־נען זיך פאנאנדער און ווערען ברייטער, און ווערימלעך הויבען אן גלי־הען.

מיר שטארבען שוין זייט אזא לאנגער צייט! נאר ווער ווייס עס אויף זיכער וואס עס טוט זיך אויף יענער זייט לעבען?... מען וויל זיך

פארזארגען מיט אלץ, מיט אַ מחילה אויך, אויף אלע אופנים, טאמער. אפשר.

טאַ זאָל קומען גאָט'ס מאַן און זאָל געבען זיין ברכה, אדער פאר־געבונג — אפשר?

דאן, ווען צוליב דער דער רעליגיע דאַרף מען זיך פון גארניט אפ־זאגען.

---

דאס איז אלץ — אויבערפלעכליך. נו, פיליכט איז אפשר די רע־ליגיעזע דערוואכונג פארהוילען, באהאלטען, במסתרים? אפשר זענען דא אומגעזעהענע רעליגיעזע־ציטערן אין דער אינערליכסטער טיעף, וועלכע בלויז אן איידעל אויג, פון אַ קינסטלערישער אַפּטיק, קאן באמערקען?

עס וואָלט זיך בעסער געוואָלט גלויבען, אז עס איז אזוי. עס איז דאָך באַרוהיגענדער און אנגענעמער צו גלויבען, און אזוי קאָלט און פרעמד־אבשטויסענדיג ניט צו גלויבען.

עס האָט זיך אזוי ניט געוואָלט זעהן דאס, וואָס איך האָב געזעהן. איך האָב די שולד פון ד'ער מאָס'קייט פון דער וועלט אויף זיך געפּרואווט אַרויפוואַרפען. עס איז דאָך שוין בעסער און טרייסטענדיגער צו זעהן איינעם א מאָס'ען און א פארלאָרענעם — זאָל זיין אפילו אז איך אליין בין דאס דער „איינער" — איידער אַ גאַנצע וועלט א מאָס'ע און א צופאלענדיגע...

איך האָב מיר געזאָגט:

אפשר בין איך נאָך ניט דערוואַקסען. ביי מיר איז דער נשמה האָט זיך נאָך ניט אויסגעלייטערט, איז נאָך מוטנע, קיין גייסטיגע איינ־סטאַלירונג איז נאָך ניט פארגעקומען — איז במילא שפיגעלט זיך די וועלט אפּ אין מיר אויך אזא, א מוטנע.

נאָר טעג אויף טעג, וואָכען אויף וואָכען, חדשים אויף חדשים פון באָאַבאַכטונגען פון דעם לעבען ארום מיר, צווישען די וואָס זענען אמנאָהענסטע געשטאַנען צום קריעג און צו די גרויסע געשעהענישען — די „גרויסקייט" זייערע זייענדיג א נעגאַטיווע און אַ תהו־ובהו צושטע־רענדיגע — חבר'שע געשפּרעכען און טאָג־טעגליכע צונויפקומען זיך מיט סאָלדאַטען פון די פארשידענסטע מינים, האָבען מיר נאָך שאַרפער ווער־

ווייזען, אז די קלאַרקייט איז מיינע, און מיט איהר זעה איך עס די מוט־נעקייט פון דער וועלט.

די מלחמה — אויף ווי ווייט מיר איז באקאנט — האַט בלויז א פאַר גרויסע און זעהערישע ביכער ארויסגעבראכט. און אויב אז אזא קינסטלער ווי באַרביוס, האַט פון דער צופאַלעניש אויך געקענט ארויסקלייבען עטליכע נשמה־שיינקייטען, ווי די וואס געפינען זיך אין זיין „א פייער", איז עס צו פארדאנקען, ערשטענס, דער גרויסער אומגע־וועהנליכקייט פון די אומשטענדען, אונטער וועלכע באַרביוס האַט זיינע באַאבאַכטונגען געמאַכט, די גרויסע פייניגונגען און נשמה־וועהטאַגען פון א פאַר פון זיינע „העלדען" — ווייל עס דוכט זיך שוין אזוי שטאַרק. אז זיין בוך איז מעהר אן אויסגעדיכטעטער ראָמאַן, ווי א באשרייבונג פון אמת'ע איבערלעבונגען און פאסירונגען — אַבער דער עיקר, ווייל באַרביוס'עס קינסטלערישע איינגעשפּארטקייט—רופט עס „ווילען" — ווייל זיך ניט אונטערגעבען דער פארצווייפלונג וואָס רינגעלט איהם ארום, ווייל באַוואוסטזיניג זוכט ער א רעטונג, אן אַנהאַלט. און דער פארפלייצעניש ארום איהם.

עס ווילט זיך אזוי דעם קינסטלער ניט זעהען — און אין די מערסטע פאַלען קאן ער זיך אזא אינטעלעקטועלען לוקסוס ניט ערלויבען. אויב ער וויל ניט זיך צוריקציהען און אריינפאַלען אין א שווייגעניש פאר א לאַנגער און לאַנגער צייט — עס ווילט זיך איהם אזוי ניט זעהען די וועלט ווי זי איז איצט, ווייל דאן — צוליעב וואס? אז אינזעלע פון האַפנונג ווילט זיך איהם נאָך דאָ און דאָרט, אין דער איצטיגער פאר־פלייצעניש דערזעהען.

עס איז באַרביוס'עס קינסטלערישער ווילען, ניט אויג. וואָס האַט די דערלייזענדיגע נשמה־אויפציטערונגען אויף די פאַרגאַסענע. מיט בלוט און קויט, שלאַכטפעלדער פראנקרייכס דערזעהען. לאַגיש האַט דער לעצטער, בשורה'דיג קאַפּיטעל פון זיין בוך קיין בארעכטיגונג. ער האַט אַבער יאָ א בארעכטיגונג — פסיכאָלאָגיש. זיין, באַרביוס'עס, קינסטלערישער עקסיסטענץ איז אין געפאהר. ער קאַן זיך ניט ערלויבען דערטרונקען ווערען אין דעם בלוטיגען קויט וואס פארכלוניעט די וועלט! און ער חלומ'ט אוים דאס, וואס ס'איז ניטאָ, דאס,

וואָס איז בלויז אין ז י י ן נשמה־לעבעז פארהוילעז. דאָס, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין.

און איך אָבער גיט דאָ איבער דאָס, וואָס איך האַ ב געזעהען. ניט דאָס וואָס עס וואָלט זיך מיר ג ע ו ו אָ ל ט זעהן.

---

רעליגיע, אויף ווי ווייט זי האָט עקסיסטירט אין דער ארמיי, איז געווען איינגאַנצען אונטער דעם יאָך פון דער לעצטער. אַמאָל, מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, אין די „פינסטערע“ צייטען, פלעגט רעליגיע, און איהרע פּאַרשטעהער, האָבען נאָך שוואונג, פאַנטאַזיע, די שענקייט פון דעם קאַמף פון אַ רעליגיעזען קעגען אַ וועלטליכען דעספּאָטיזם, פון וועלכע צוויי דער ערשטער איז זיכער דער אנגענעמסטער און מעהר פרידען־ און רוח־ברייינגענדער. עס איז געווען דאַן דער שטאַרקער ווילען ארויפצוצווינגען די אייגענע מאַכט איבער דער וועלטליכער. עס איז געווען אַן א י ד ע אַ ל — זאָל זיין אַן איינג־הערציגער און אַ שמאָלקעפיגער.

איצטער, דערהויפּט אין די פאַרגעשריטענע — המ! — לענדער, איז — גאָר ניטאָ. אַ פּשוט׳ע קאַנצעלאַריע, אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע, איין מויל וואָס רעדט, וויל — איין האַנט, וואָס שפּייזט.

די אמונה איז אַ יורד. נאָר אַהן דעם שטאָלץ און דעם יחוס־לעבען פון אַ יורד. דער גלויבען — דער אָפיציעלער, דער פאַרזאָרגערישער אײַ־בערהויפּט — איז אַן אָפּגעריסענער בעטלער, אָפּגעריסען ניט אַזוי פון דרויסען, ווי פון אינווענינג.

דער ערגסטער סאָרט בעטלער.

אפשר איז ניטאָ קיין רעליגיע אויך ניט אין צייט פון פרידען, נאָר געווים ניט אין מלחמה־צייטען. ניטאָ קיין סימנים פון רעליגיעזע דערוואַכונג ביי די מאַסען, ניטאָ קיין ברעקעל פאַרלאַנג צו אויפהאַלטען און ווייטער כאָווען דאָס ביסעל איידעל־נשמה׳דיגס, וואָס עס איז נאָך דאָ פאַרהוילען אין מענשען.

פון וואַנען וועט עס דער ט י פ ע ר ע ר גלויבען קומען?...

---

איין זונטאָג פריהמאָרגען איז ביי מיר איינמאָל געווען אַ שטאַרקער פאַרלאַנג זיך צו הייליגען און ווייבע, גוט־ערדעלע ווערטער הערען. עס

מאַכט ניט וואָס פּרעמד און אויבענאויפיג בלויז זענען די ווערטער אויף די ליפּען פון דעם זאַגער. ווײל איך די אויגען האַלטען פאַרמאַכט, און דאָס האַרץ אָפען.

ווייל געווען איז עס דער ערשטער זונטאָג נאָכ׳ן חתמ׳ענען פון׳ם פרידענשטילשטאַנד, און א האָפנונג האָט זיך ווידער אָנגעהויבען בלייבען.

האָב איך צוזאַמען מיט די איבעריגע דעם „קירכען־רוף" געענט־פערט, אין „פּאַרמיישאַן" זיך אַריינגעשטעלט, און געמאַרשירט, איינס־צוויי־דריי־פיער, און אַט געפינען מיר זיך אויף א גרויסען לעדיגען פּלאַץ. לעבען א געביידע פון דער „יאַנג מען׳ס קריסטשען אַסאָסיאיישאַן".

א זונטאָג איז עס געווען א ליכטיגער, א וואַרימער ווינטער־טאָג אין א דרום׳דיגען שטאָאַט. און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט פרייד ביי דעם אָנזעהן פון אזוי פיעל מתפּללים מיט אנטבלויזטע און אַנגעבויגענע קעפּ. און דער אַרויסקומען פון׳ם גלח, אין די ריין־ווייסע בגדי־כהונה אָנגעטאָן, איז געווען ווי דאָס ערשיינען פון א ווייסער טויב אין דער בלויער לופט.

מיינע אויגען האָב איך געהאַלטען פאַרמאַכט, אבער ניט מיינע אויערן. און געהערט האָבען זיי ווערטער גאַליגע זיך שיטענדיג, וועלכע האָבען זיך ווי שאַרפער שראָט אין מיין לייב איינגעגעסען. עס זענען צוגעקלויבען געוואָרען פּאַסיגע פּסוקים פון תהלים און שטעלען פון עוואַנ־געליום, לויט וועלכע דייטשלאַנד איז דער שונא פון גאָט און משיח׳ן, און דאַרף דעריבער גע׳רודפ׳ט ווערען עד חרמה. עס האָט געשפּריצט מיט שנאה און ביטערקייט צו דעם פיינט, וועלכע קריסטוס אַליין האָט שוין געהייסען פיינט האָבען.

און דאָס אַלץ, ווען דער פרידען איז שוין פּראַקטיש ערקלערט גע־וואָרען, און דער „פיינט", א דערשלאָגענער און אויסגעבלוטיגטער, איז שוין געלעגען אונטער די פיס. אויב ניט אין נאָמען פון דער באַריהמטער אַמעריקאַנער ספּאָרטסמענשאַפט, איז דאָך כאָטש אינ׳ם נאָמען פון דער אַלעמען־פאַרגעבענדער קריסטליכער רעליגיע האָט מען געמאָגט גרויסמוטיג זיין!

---

און איינמאָל אין א פרייטאָג־צו־נאַכט, האָב איך מיך דערמאָנט פּלוצ־לונג — אַז עס איז פרייטאָג־צו־נאַכט, און עס האָט זיך מיר פאַרביינקט

צו זיין צווישען אידען, אין א שוהל, און זיין נאָהענט לעבען די, וואס זענען מקבל שבת. איך האָב מיך געלאָזט גלייך אין וועג.

דער קעמפּ איז א גרויסער און א פּיעלנאָסיגער. איין גאַס עהנליך אויף דער אנדערער, ווי איין מענשען — אויף דעם צווייטען. דערהויפּט פאר א נייעם אונגעניטען אויג. און איך בין ערשט געהאט אנגעקומען אין דעם דאָזיגען קעמפּ, און נאָך ניט באַקאַנט געווען מיט די וועגען.

איך האָב מיך אין דער פינסטערניש — מען האָט די עלעקטרישע לאָמפּען פריהער אויסגעלאשען, ווייל מען האָט געשפּאָרט ליכט — גע־לאָזט זוכען די געביידע פון דער „דזשואיש וועלפיער באָארד“. איך האָב מיך אנגעהויבען נאָכפרעגען ביי דעם, ביי יענעם. מען ווייסט ניט. ס'איז דא ערגעץ, נאָר מען קען מיר ניט זאָגען וואו.

דערהער איך אין דער טונקעל א שטים פון א סאָלדאט, וואס רעדט רוסיש. ווייס איך, אז עס איז א איד. געה איך צו איהם צו און פרעג איהם אין ענגליש: „ברודער, וואו איז די „דזשואיש וועלפיער באָארד?“

ווייזט ער מיר אז אין דער ווייטקייט פון די פעלדער אויף א רייה פייערן. איינער פון זיי, א בלייכע עלעקטרישע לאָמפּ, איז די „וועלפיער בילדינג“. „געה“, זאָגט דער ברודער־סאָלדאט צו מיר אהער, און דער־נאָך דעם אהער, ביז וואנען דו וועסט אנקומען צו דעם פּלאץ וואס דו זוכסט“.

איך האָב מיך געלאָזט גערן. האָב געבלאָנדזשעט א שטיק צייט צווישען די פעלדער, צוגראָבענע, צואַקערטע, צוטאָפּטשעטע פעלדער. פול מיט גראָבענס און טרענטשעס, וואו מען לערענט זיך „טרענטש־וואָר פייר“. דער פייער פון דער „וועלפיער בילדינג“ איז געווען אזוי עהנליך אויף די אנדערע ווייטליכע פייערן, און מיט גארניט זיך אונטערשיידט פון די איבעריגע, פלעג איך אלץ אנטרעפען אז אן אנדער פּלאץ.

מיין עקשנות האָט אויפגעברענט אין מיר. „איך וועל באַדאי ביז'ן טאָג אין די פעלדער בלאָנדזשען, און אהינצו, צו א אידישען מקום־קדוש. אנקומען“. און געדוכט האָב איך זיך מיר ווי אז אמאָליגער איד, מיינער אז עלטער־זיידע, וואס האָט, צוליב זיינע געצוואונגענע געשעפטען צווי־שען גוים, די צייט אקוראט ניט אויסגערעכענט, און דא, אויף זיין וועגעלע צווישען וואלד, מיט אמאָל דערזעהן, ווי די ערב־שבת'דיגע זון זעצט

זיך שווין. ער איילט זיך איצט, שמייסט זיין פארשוויצט און שוימענ־דיגען פערד, און זוכט א קרעטשמע אין פרעמדען וואלד, אויף איבער שבת...

---

לסוף בין איך אהין אָנגעקומען. עס איז דאמאלסט געווען אין דער צייט פון דער „שפּאַנישער אינפלוענציא" קיין גאַטעס־דינסטען אינע־ווייניג אין דער געביידע האָט מען ניט ערלויבט. די פרייטאג־צו־נאכטיגע „סוירוויסעם" פלעגט מען דעריבער אפּהאלטען אויפ'ן „פּארטש".

אויפ'ן „פּארטש" איז געווען גוואלדיג טומעלדיג, ווי אויף א יריד. אין א ווינקעל איז געשטאַנען א יונגערמאנטשיק, אנגעטאן אין א טלית, און האט מיט א משונה־הייזעריגען קול זיך גע'חזנ'ט. די עברי האט ער ארויסגעזאגט עמ־הארציש, אהן און אפּזין. עס פארשטעהט זיך, אז קיי־נער האט ניט פארשטאַנען וואס ער דאווענט און וואס ער בעט ביי גאט, ווייל כמעט קיינער פון די אנוועזענדע האט ניט פארשטאַנען די שפראך. אין וועלכער ער האט גאט געבעטען, אויסער סיידען דעם היימישען נגון.

עס איז געווען קלאָר:

מען איז ניט געקומען גאט בעטען, און דאס הארץ אין תפלה אויס־גיסען. עס איז געווען אזוי וואכעדיג אויפ'ן „פּארטש". פארשידענע קופּקעלעך האבען זיך געקליבען אין אלע ווינקלען, און הויך אויפ'ן קול גערעדט, דערצעהלט זיך די „טראבעלס", געשפּיגען, זיך געלאנגווייליגט. זיך אין דער הויך געערגערט, וואס דער „חזן" „ציהט" אזוי לאנג. עס איז שוין צייט געהן שלאפען. וואס נודיעט ער? —

און מען האט זיך מיט'ן רוקען צו איהם אומגעקעהרט, און אייגער דעם אנדערען דערצעהלט עפּעס, און „אפּוינטמענטס" אויף זונטאג גע־מאכט.

און ער, דער „חזן" — איך האב גראד געקענט דעם יונגערמאן: א ניו־יארקער, א קלייזעל־טוער ביי די אפּיציעלע ציוניסטען. פון ציווילען לעבען נאך קאן איך איהם אלס א ציניקער נובל־פּה'ניק און גאטס־לעסטערער. ביי וועמען טרפה־עסען איז א געוועהנליכע אידישע זאך — דער דאזיגער שליח צבור פאר גאט האט זיך גאנץ קנאפּ אויסגעמאכט פון דער אונאויפמערקזאמקייט פון זיין עדה, אבי ער האט אליין גרויס הנאה געהאט פון זיין קול־נגינה, און אין דער טומעלדיגער, קהל'דיגער.

פארקויטיגטער און אנגעשפיגענער לופט פון׳ם „פארטש“, האט זיך אין דער נאכט אריין זיין ציקלענדיגע שטים גלייכגילטיג־העזה׳דיג זיך גע־טראגען:

— קומי צאי מתוך ההפכה...

דער עולם האט געשפיגען און גענעניצט.

---

עס איז דא א טייל פון דער אמעריקאנער נאציע, וועלכער איז געזינ־טער, סיי אין גוף און סיי אין דער נשמה, פון דעם איבעריגען גרעסטען טייל. זיי זענען נאך ווייניג אנגערירט פון דער גרויס־שטאדטישער צולא־געגהייט, און איבערגעשפיצטקייט, זענען זיי במילא אויך גלויביגער. און געזינטער, און גאנצער, ווי די לאנגע פאסען נאכ־מיידעלשער ערד, פון וואנען זיי קומען.

צו זיי קוקען ארוים די אויגען פון די אלע, וועלכע עס ווערט אומע־טיג ביים אנבליק פון דעם קייטיגען מוטנעם און טומעלדיגען רעגען. וואס דראהט צו פארפלייצען אמעריקא, אמעריקא וואס איז נאך ביז מיט א 50 יאהר צוריק געווען געזונט, פריי און גייסטיג, און אזוי פיעל שענע נשמות דער וועלט געגעבען.

דער קייטיגער רעגען פון אינדוסטריעלען דעספאטיזם, טעכנישער ציוויליזאציע און מאשינען־קולטור.

דאס זענען די קינדער פון דער וויטליכער און פעלזיגער וועסט און נארט־וועסט.

עס פלעגט מיר זיין א פרייד און א טרייסט, און א נשמה־פארגניגען מיט זיי זיך צונויפקומען. ווי איך וואלט אין דער קיהלקייט פון א גרוי־סען טראכטענדיגען וואלד אריינגעגאנגען.

נאר ווייניג זענען זיי געווען.

זיי פלעגען אין א זונטאג־פריהמארגען זיך צונויפקלייבען אין דער „ווייי“ געביידע, מיט די קליינע געבעט־ביכלעך אין די הענט, און פלעגען אלע אין כאר זינגען קירכען־הימנען. שטיל, בנעימות׳דיג, פייערליך, מיט תפלה א י ן דער נשמה, פלעגען זיי ווי שטיקער הארץ זייערע אין דער זונטאג־ליכטיגקייט אויסזינגען. זיי האבען ניט געדעקלאמירט די תפלות און א שפראך אן אומפארשטענדליכער, וועמעס הייליגקייט איז וואכעדיג

געוואָרען. נאָר ג ע ב ע ט ע ן האָבען זיי ווי אײנפּאַכע, אמת׳ע מענשען בעטען גאָט. א ו י ס ג ע ז ו נ ג ע ן האָבען זיי זייערע תפלה־געפּיהלען אין זייערער אייגענער שפּראַך...

און איך — מיך האָט מען איינגעלאָרען מיט אַזאַ אײדעלקייט — אפשר יאָ און אפשר ניט געוואוסט, אַז איך בין אַ איך — אויבענאַן. נאָר געבליבען בין איך אַן דער זייט מיט׳ן געבעט־בוך אין האַנט. איך האָב אַ תפלה געטאָן געוואָלט, אַ עס איז מיר ניט אַנגעשטאַנען. ווי אַן עקר, וועלכער קומט צו זיין שכן אין הויז אַריין, און מיט אַ טרויער אין האַרצען און אַ פאַרדראָס פאַר זיין ניט־פאַרגינערישקייט, מוז ער העפ־ליך צושמייכלען, ווען דער שכן לויבט פאַר איהם זיינע קינדער — אַזוי בין איך שווייגענדיג ביי דער זייט געזעסען, און דערביי אַן אַ פּקורסישען געדאַנק געטראַכט:

— ביי אונז, אַז מען דאַוועניט שוין, פאַרוואָס זאָל מען עס ניט טאָן אין אַ פאַרשטענדליכער שפּראַך, און טאַקע ב ע ט ע ן גאָט, ניט טומ־לען בלויז צו איהם זאָגען, וואָס מען ווייס אַליין ניט וואָס זיי באַדייטען? שוין בעסער זיינען די טעמפּעל־אידען.

און מיט אַ טרויעריגער פרייד, האָט זיך מיר די זונטאָג־ליכטיגקייט פאַר די אויגען געטראָגען...

---

נאָך?

צוליעב וואָס? — די, וואָס ז ע ה ע ן, ווייסען עס שוין בדרך כלל פון לאַנג, און די, וואָס זעהען ניט...

II.

# ליעבע

ליעבע. ניט ביז אדם לחורו, נאר — ביז אדם לחוה.

ליעבע צווישען מענש און מענש אין צייט פון קריעג?...

ניט קיין ליעבע, נאר שנאה. שנאה, די חיה'דיגסטע, די בעסטיאַ־ לישסטע, וואס די בייזעסטע, קראַנקסטע מענשליכע פאַנטאַזיע קאָן זיך גאר ניט פאַרשטעלען. אַן אוממענשליכע—און אפשר טאקע א מענשליכע? — פיינדשאַפט, א גיפטיגקייט, וואס האט אין איהר הנאה־פאַרשאַפענים דערגרייכט ביז צו יענער בלייכער, לייכט־פאַרשווינדענדיגער ליניע, וואס איז די זיך־גרינג־אַפּווישענדיגע גרעניץ צווישען געשלעכטליכער ליעבע און געשלעכטליכער שנאה.

די מלחמה האט ארויסגעבראַכט און אקצענטירט דעם קריגערישען מיסטעריען און פיינדשאַפט צו דעם מיט־מענשען, וואס איז צו אַלע צייטען—אַפילו „פרידליכע" — פאַרהוילען אין דער מענשליכער טיף. ביי וועמען ביז א גרעסערען, און ביי וועמען ביז א קלענערען גראד. נאר איצ־ טער, אין דער צייט פונ'ם אפענעם קריעג, איז די שנאה פון מענ־ שען צו מענשען ביז א פּאַראַקסיזם דערגאַנגען, און מענשען האבען אין דער גיפטיגקייט א סאַדיסטישע הנאה אנגעהויבען געפינען.

---

וואס עס איז פארגעקומען אויפ'ן שלאַכטפעלד, די אומבאשרייבליכע גרוילען, וואס די דורכשניטליכע זעלנערישע נשמה האט דורכגעמאַכט, וועט שוין קיינמאל ניט באַקאַנט ווערען. שוין דערפאר אליין, וואס די איבערלעבונגען, פון אזא אומגעוועהנליכער, ביז־אהער נאך ניט געזעהע־ נער גרויס, קאָנען מיט בלויז גרויסע שוועריגקייטען אין ווערטער אנגע־ קליידט ווערען. און אויך דאָן בלייבט ביי דעם דערצעהלער דער ביטערער,

אנטוישטער נאָכגעפיהל, אז די ווערטער זענען אזו יבלייך און פארבלאָז אין פארגלייכעניש מיט דאס, וואס ער האָט איבערגעלעבט, אז ער וואָלט שוין גלייכער געטאָן, ווען ער וואָלט געשוויגען.

זיי, די איבערלעבונגען קאָנען מיט שוועריגקייטען איבערגעגעבען ווערען אפילו דורכ׳ן קינסטלער, וואס האָט די מתנה פון ארטיקולאציע, בפרט נאָך דורך דעם דורכשניטליכען, געוועהנליכען מענש, וועלכער איז אין דעם פרט א שטומע חיה.

דאָס, וואס איז ביז אהער איבערגעגעבען געווארען אין די פארשי־דענע מלחמה־ביכער — און עס איז געווען א גאַנצע פארפלייצונג פון אזעלכע ביכער, ווייל די פּראָפעסיאָנעלע „שרייבער" האָבען זיך ווי ראָבען אויף די טויטע קערפּערם ארויפגעכאַפּט, און אלץ צו געלט געמאַכט — איז, מיט א דריי־פיער אויסנאַמען בלויז, פאַלש און טענדענציעז. די מייסטע שרייבער האָבען געהאַט די — דערקענבארע אדער ניט דער־קענבארע—כונה צו גלאָריפיצירען דאָס, וואס מען מוז צוגעבען, נויטיגט זיך זעהר און זעהר שטאַרק אין גלאָריפיקאציע.

א שטיק צייט האָב איך מיך געפונען אין באַראַקס צוזאַמען מיט א גאַנצע קאָמפּאַניע פארוואונדעטע סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך דאָ גע־היילט, און געוואָרט מען זאָל זיי אַפּשיקען אהיים. אין די רעגענדיגע טעג און אין די אבענדען פלעגען זיי, אין פריידען און א לייכטזיניג־גלייכגילטיגען טאָן — אפשר אַז אַנגעצויגענעם בלויז, ווי עס איז נאַ־טירליך פאר א מענשען, וואס האָט אמת־טיפע איבערלעבונגען דורכגע־מאַכט, און ציטערט אינערליך איבער זיי, און, אין זיין סענסיטיוויטעט, וויל זעהר ניט, אז מען זאָל איהם באַטראַכטען פאר ווייך און סענטי־מענטאל — איבערגעבען פארשידענע עפּיזאָדען פון זייער טרענטש־לעבען.

א מעשה מיט א סאָלדאַט, וואס האָט אין אַן איינגענומענעם טרענטש א טויטען דייטשען אָפיציר געפונען, מיט שעהנע לאַקירטע שטיוועל אויף די פיס, האָבען זיך איהם, דעם לעבעדיגען, די שטיוועל פארגלוסט. האָט ער זיי געפּרוּאווט ארונטערציהען, ניט געקענט, ווייל דעם טויטען׳ס פיס, אויפגעשוואָלענע זענען גרויס און שטייף געווארען. האָט ער מיט׳ן טרענטש־מעסער די פיס איהם אָפּגעשניטען, און די באַשטיוועלטע פיס

מיט זיך אין דער טרענטש־קאַנורע צוגענומען. און אַלעמאָל, ווען ער פלעגט נאר האבן א פרייע מינוט, פלעגט ער געדולדיג מיט'ן מעסער דאס שטינקעדיגע, פארוועריטע און בלוי־פוילענדיגע פלייש פון די שטי־ װעל אויסקאלופען, ביזקעל, אין איינעם א ליכטיגען טאג, האט ער זיי שוין געקאנט אויף זיינע אייגענע פיס אנמעסטען, און ווי א קינד זיך פון גליק דערביי צושמייכעלט.

א מעשה מיט אן אנדער סאלדאט וואס האט א דייטשען קאמעראד געפאנגען גענומען. האט ער איהם אויפ'ן וועג צו די הויפט־קווארטירען אלע קעשענעס אויסגעליידיגט. געפונען בלויז א שעהנעם היימישען מעסערל און א מואלעט־שפיגעלע. לויט די מיליטערישע אוסטאוען איז הפנים ניט ערלויבט צו אויסבייטלען א געפאנגענעם. האט ער זיך מורא געהאט, אז דער געפאנגענער זאל זיך אויף איהם פאר די העכערע אפי־ צערען ניט באקלאגען, און מען וועט נאך ביי איהם דאס מעסערל מיט'ן שפיגעלע צוריק צונעמען. נא, מיט איין לעבען װעניגער — ער האט איהם דעם באגנעט אין ברוסט אריינגעשטעקט — „און אלץ איז שוין געווען אלל־רייט".

נאך?

---

דאס איז אויפ'ן שלאכט־פעלד, וואו מען קאן נאך א זכות געפינען.

און אין דער היים, צווישען די איבערגעבליבענע?

באלד נאך אמעריקא'ס אריינטרעטען אין דעם וועלטליכען קריג, האט זי דא אויפגעהויבען א וואקכאנאליע פון שנאה און פון פרעמדענ־ פארפאלגונגען, צו וועלכע עס איז ניט צו געפינען קיין גלייכען אין די איי־ ראפעאישע לענדער. און אין אייראפא, דארפט איהר וויסען זיין, האט מען זיך מיט „פרעמדע" אויך ניט אויף די הענט ארומגעטראגען.

מען האט אנגעהויבען רודף זיין די „דייטשען". און די פרעמדע איבערהויפט. די „פרעמדע" פרעסע און די „פרעמדע" שפראכען — אסור אויב איך וויים, פארוואס ענגליש איז עס ניט קיין פרעמדע שפראך אין אמעריקא? — אין ניו־יארק האט די באארד און עדיוקיישאן אויפ־ געהערט צו געבען לעקטשורס אין פרעמדע שפראכען, לעקטשורס, וועמעס צוועק עס איז אייגענטליך געוועזען צו אמעריקאניזירען די „פרעמדע".

איינער האט דעם אנדערען חושד געווען, פארדעכטיגט, נאכגעשפיאנעוועט. איינער האט דעם אנדערן געוואלט אריבערשטייגען אין דער שנאה וואס מען פלעגט — אויף א „פריידליכען אופן—ארויסווייזען צום „שונא" אין דער היים. מען האט זיך געכלוניעט און געטרונקען, דא אין פיינדשאפט און אין גיפט, דער פרעזידענט האט אזש געדארפט בעטען זיך און ווארנען, אז מען זאל צו עקסצעסען ניט קומען, אין אייראפא — צווישען די „פארבינדעטע", אין ענגלאנד און אין פראנקרייך — האט מען זיך אזש אנגעהויבען שרעקען און זארגען זיך איבער דעם שווין צו־אינטענסיווער באוועגונג פאר דעמאקראטיע, וואס האט זיך ביי אונז אין לאנד אנגעהויבען.

איך וויל מיך דא וועגען דעם ניט פארשפרייטען. די, וואס ווילען האבען, כאטש א בלייכען באגריף, וועגען מענשענ־ליעבע אין דער צייט פון מלחמה, זאלען זיי איבערלייענען דזשארדזש קריעל'ס ארטיקעל אין „עוורי באדי'ס מעגעזין" פאר'ן מאנאט אפריל, 1919. דער ארטיקעל איז געשריבען ניט פון א סאציאליסט, ניט פון א ראדיקאל, נאר פון א רעגירונגס־באאמטען, דעם טשערמאן פון דער קאמיטע אן פאבליק אינפארמיישאן, א קאמיטע וועלכע איז ספעציעל געגרינדעט געווארען פאר דעם צוועק צו פארשפרייטען פאטריאטיזם, און דערווייזען אמעריקא'ס גערעכטע אורזאכען אין אנשליסענדיג זיך אין דעם קריעג. דער ארטיקעל, איהר פארשטעהט שוין אליין, איז זיכער א געמעסיגטער, נאר — ער איז גענוג.

---

קריעג און מענשענליעבע.

איך וועל עס ניט פארגעסען.

עס איז געווען אין דער צייט פון די אוניווערסיטעטס וואקאנציעס צוליב'ן איסטער־יום־טוב. איך בין נאך דאן קיין סאלדאט ניט געווען. איך בין איינגעלאדען געווארען פון מיינעם א פריינט, א שוהל־חבר, צו זיי אהיים אויף פסח. די לעצטע טעג פונ'ם אידישען פסח זענען גראד אויסגעפאלען צוזאמען מיט די ערשטע פונ'ם קריסטליכען.

עס איז געווען פריהלינג. א שטילע, שעהנע שטאט אין דער מיטעלוועסט, איינגעטונקט אין זיך פונאנדערבליהענדיגע גערטנער. און דער

טאָג, זונטאג, דער אַנהויב פונ'ם קריסטליכען פסח, איז געווען א ליכטיגער און א ווארימער, — א פסח'דיגער.

מיר, מיין חבר און איך, זענען אריינגעגאנגען אין א קירך, ביי־וואוינען דעם גאָטעס־דיענסט, און דער עיקר הערען דעם ארגעל שפּילען די פּאסיאנס־מוזיק. געזוכט האבען מיר א קאטוילישע קירך, ווייל דארטען איז דער פסח'דיגער גאָטעס־דיענסט דער שעהנסטער און דער איינדרוקס־פולסטער. נאר אזא איז ניט געווען אין דער נאכבארשאפט, זענען מיר אריין אין אן עפּיסקאפּאלישער קירך, וואס איז כמעט עהנליך אויף דער קאטוילישער.

די לופט איז געווען שטיל און ווירציג. אנגעזאפּט שווער מיט'ן איינ־שכור'נדיגען ריח פונ'ם ווייערך. וואס איז געברענט געווארען אין די לעמפּלעך אויף דער בימה. דורך די שווערע געמאָלענע פענסטער, האבען זיך אריינגעבראכען זונען־זיילען, פארשידען־געפארבטע. די מתפללים האבען געהאט בלומען אין זייערע לאַצען. עס האָט זיך אין די אויגען געוואָרפען א ווייסקייט. די קינדער, יונגע אינגלעך און מיידלעך, זענען געווען אנגעטאָן אין ווייס. דער כאָר — אין ווייסען. דער גלח — אין א ווייסער ריאסע, און די גאנצע בימה איז געווען איינגעטונקט אין בלומען, בלומען אין הויכע גלעזערנע וואזען, ליליען שלאַנק־דינע און ווייס־בלייכע, דער סימבאָל פון מיידעלשקייט און אונשולדיגקייט.

ווייסקייט און בלומען.

עס איז געווען פאסכא. „יעזוס איז אויפגעשטאנען. מיט זיין בלוט האט ער אונזערע זינד, די ערדליכע, אויסגעלייזט". דער ארגעל האָט געשפּילט פּאססיאנס־מוזיק. ליידען וואס לייזען אויס מענשען, און מאכען איהם נאהענט צו גאָט. די לופט איז אנגעפילט געווען מיט שטילער מחילה...

נאר דאָ איז דער „מיניסטער" ארויפגעגאנגען אויף דער בימה פאר זיין פּריידיגט. ער האָט געדארפט דרש'ענען מענינא דיומא — „וועגען פאסכע, קריסטוס'עס תחית המתים און פארגעבונג". דאָס איז געווען דער נאמען פון דעם פּריידיגט. א ווייַלע האט ער גערעדט מיט פּאטאס אין דעם באַקאנטען נוסח. נאר — ווי האט ער עס געקענט ניט ארויס־צייגען זיין פאַטריאָטיזם? האָט ער אנגעהויבען רעדען וועגען „דעם ערנס־

טען מאמענט וואס אונזער לאַנד לעבט איצטער דורך".

אין א ווײַלע ארום איז מיר געוואָרען היים און ענג אין האלז. דער קאָפּ האט מיר געברענט. עס האט מיך אַנגעהויבען שטיקען. אין דער געווירצטער לופט פון דער קירך האט אַנגעהויבען זידען א ריטשקעלע גיפטיגער שנאה... ביסלעכווייז האט עס אַנגעהויבען קיפּיען און קאכען עס איז געוואקסען — — — עס איז געוואקסען — — — —

אפּנים אז לופט האט אין דער קירך אַנגעהויבען אויספּעהלען. די וועקסענע ליכט־פלעמלעך האבען זיך געהאלטען ביים אויסלעשען. די בלייך־ווייסע ליליען האבען זיך אַנגעהויבען איינקארטשען.

איך בין ארויסגעלאָפען אין מיטען, עס האט מיר געפעהלט לופט.

---

נאָר ניט וועגען ליעבע צווישען מענש און מענש וויל איך דאָ ריידען. איך וויל דאָ ריידען וועגען די מאָד און פרוי־ באַציהונגען אין דער מלחמה צייט.

עס וואלט געווים געווען אינטערעסאנט, ווען איינער באטראכט די דאָזיגע פראגע פון א וויסענשאפטליכען־פיזאָלאָגישען אדער פּסיכאָלאָ־ גישען ווינקעל, ווייל ליעבע וועלכע איז אפילו אין פרידליכע צייטען א קאמף צווישען די ביידע געשלעכטער, ווערט זיכער ביאָלאָגיש באאייג־ פלוסט און איבערגעביטען אין צייט פון קריעג.

איך פארנעם מיך דאָ בלויז מיט א קאָנסטאטירונג פון עטליכע גע־ זעלשאפטליכע ערשיינונגען.

---

די מלחמה איז געפיהרט געוואָרען מיט'ן אַנגעגעבענעם צוועק צו פארבעסערען און פארשעהנערען די וועלט. מאכען זי זיכערער און רייגער. איך ווייס ניט, צי די וועלט ו ו ע ט ווערען א שעהנערע און א ריי־ נערע. א באשטעטיגונג אויף איינעמס נביאות ועט נאך יעדענפאלס אזוי שנעל ניט אנקומען. און איך, פון מיין זייט, האב מיר אמאָל מיינע ספקות. און אמאָל — אין די ליכטיגערע מינוטען, וואס זענען א פּסיכאָ־ לאָגישער ארויסוואוקס פון די טונקעלע; עס איז שווער איינעם צו לעבען

א יאוש׳דיגער, מיט תמיד׳יגע געדאַנקען וועגען אונטערגעהן — האב איך מיר מיינע האפנונגען.

נאַר וואָס שפּעטער וועט זיין, וועט מען שוין זעהן. מיר, אדער אנ־דערע. נאַר איצטער...

מאוס׳דיגקייט, אומריינקייט, צופוילטקייט. עס איז דאָ בלויז א שוואכע טרייסט: פון דעם שטיקענדיגען, עפוש׳דיגען הנאי וואקסט דאָך תמיד אין פריהלינג א ניי לעבען ארויס.

וואויל איז צו די גלויביגע.

נאַר איצט:

די געשלעכטליכע עטיק איז פארשוואונדען, צוזאמען מיט די איבע־ריגע מינים עטיק. א צולאָזענע אומריינקייט, ווי דער געשטאַנק פון די שלאכט־פעלדער־פגרים, האט פארנומען איהר פּלאַץ.

עס האָבען זיך פונאנדערגעשפּילט די פארבאָרגענסטע ליידענשאפ־טען און די אומריינסטע בלוטען. דער געשלעכטליכער הפקר־פייער, וואָס טליהעט פון נאַטור־אויס אינ.ם מענשען, באהאַלטען און ראפינירט בלויז ביי די „העכערע" און אנטוויקעלטערע ברואים, האט זיך אין א פאר־צעהרענדיגען תאוה־פּלאַם פונאנדערגעפלאקערט, און דער רויך און טשאַד האבען אלעמען אין די אויגען געשלאגען.

אין די ציימונגען פלעגט זיך פון צייט צו צייט דורכ׳גנב׳ענען — ווייל א גאַנץ קנאַפּען באגריף האט איינער געקאנט קריגען דורך זיי וועגען דעם אמת׳דיגען צושטאַנד פונ׳ם לעבען, דערהויפּט פונ׳ם אדם וחוה־לעבען, אין די מלחמה־לענדער — נאַר פון צייט צו צייט פלעגט איהר לעזען אן ארטיקעל וועגען דער אפּשוואכונג פון דער געשלעכטליכער צניעות ביי די פרויען — וועגען די מענער, די סאָלדאַטען, איז א „באַ־זונדער זאך — וועגען די פּיעלע „ממזרים" און „מלחמה־כלות" — וואָס דאָס איז געווען די מינדסטע און אומשולדיגסטע פאָרם פון דער געשלעכט־ליכער אויסגעצאַמטקייט — און די רעגירונג האט שוין געמוזט היילינען און סאַנקציאָנירען די לעצטע.

אין די קאַבארעטען פון א ספק׳דיגער רעפּוטאַציע, אין די טשאַפּ־סיואַי פּלעצער און אין די געוויסע „סיידער־רומס", האט מען עס געקאַנט זעהען, מילא, מענער, אין זיי האט זיך געפיהלט א דוחק. אבער פרויען...

צוזאמען מיט נאך גאר יונגינקע מיידלעך האט מען דארט געקאנט זעהען עלטערע פרויען, אין די פערציגער, פרויען־מאַמעס, ביי וועמען א מאַן מיט א פאר דערוואקסענע זיהן זענען פיליכט אין שלאכט אוועק.

די מענער האבען זיך צוהולטייסטעוועט, אין דער אמת'ן, ווער וועט זיך עס פיהלען צו דעליקאט מיט אזעלכע קלייניגקייטען. ווען א מעגליכער טויט שטעהט איינעם פאר! און איידער מען וועט פיליכט אויף אייביג פארשווינדען, טאָ זאָל מען כאַטש אויספּרובירען אליין אלע סארטען תאוה'דיגע פארגניגענס! א סך סאָלדאטען זענען געקומען אין די קעמפּס מיט ווענערישע קראַנקהייטען, וועלכע זיי האבען געקראַגען אַפיִן די לעצטע פּאַר וואכען, פאַר'ן געהן אין קעמפּ אריין.

און די פרויען. עס זענען אלעמאל דאָ מעהר פרויען ווי מענער. און דא — עס זענען שוין מיליאנען מאַנסבּילען אויסגע'הרג'עט געווארען. און עטליכע מאָל אזוי פיעל געווארען קאַליקעס און בעלי־מומ'ס, ווער ווייס, ווי לאַנג דער קריעג קאַן נאך אַנהאַלטען. די פּאַרפּלייצונג שיינט צו ווערען אַלץ גרעסער. די געליעבטע געהען אוועק, איצטער זענען מיר נאך יונג און שעהן. שפּעטער וועלען מיר ווערען אַלט און מאוס. אונזערע געליעבטע, אונזערע מאַנען, וועלען אדער גאַרניט קומען, אדער צוריק־קעהרען זיך פאַרקריפּעלטע. ווער ווייס...—

און סתם, אז אזויפיעל גדרים זענען שוין געבראַכען געווארען אין דער וועלט, און אזויפיעל צוימען האלטען אין געבראַכען ווערען. — איז נאך איינער! דער א סך מאָל אומבאַזיגבאַרער און קריינקליכער — אפשר נאַרמאַל־געזונטער? — חשק צו פּריצות און דאָס אַרונטער וואַרפען פון אַלערליי יאָכען, איז איצט אומבאַזיגבאַרער געווארען. די ווילדקייט, די הפקרות און די חיות'דיגקייט וואס אַרום־און־אַרום איז אין בלוט אריין. און די פרויען, אפילו אין פרידליכע צייטען, זענען דאָך אַלעמאָל אונ־טערגעוואַרפען צו עקסטרעמען, סיי אין ליעבע, און סיי אין שנאה.

האָט זיך אַנגעהויבען אזא וואקכאַנאַליע און אזא געשלעכטליכע הינטישקייט, וואס דוכט זיך, האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מענש־ליכער געשיכטע, ניט אפילו די צולאַזענקייט, וואָס פאַר דעם אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע — די לעצטע איז דאך כאַטש געווען פאַרשלייערט מיט עסטעטישע וואואלען און באַהויכט מיט שעהנע

קונסט־פארמען — אזוי ווי דער אקארשט פארענדיגטער (?) קריעג האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מענשליכער היסטאריע. שפעטער, ווען די וועלט וועט זיך איינשטעלען — און זי וועט זיך דאך איינשטעלען אויף א וויילע, אויב זי וועט ניט אונטערגעהן — וועט זיך מסתמא שוין געפינען איינער, וואס וועט שוין וועגען דעם א גרוים ווערק אנשרייבען.

---

די רעגירונג האט געצוואונגען אלע פארהייראטע סאלדאטען, זיי זאלען שיקען אהיים צו זייערע פרויען אן „עלאוענס“ א געוויסע סומע מאנאטליכען אויסהאלט, דאס האט געדארפט פארמיידען ארימקייט אין דער היים, וואס וואלט געקאנט פיהרען צו א געצוואונגענער געשלעכטלי־כער אויסגעלאסענקייט.

עס האט ווייניג געהאלפען.

איך האב מיך אנגעהערט און אנגעזעהען א היפש ביסעל איבער די דאזיגע זאכען. נאר איך וויים ניט וואס צו דערצעהלען, פאר קיין סד איז קיין פלאץ ניטא, און איך ריזיקיר, אז דאס וואס איך וועל אויס־קלייבען, זאל גראד ניט זיין אזוי כאראקטעריסטיש פון דעם, וואס איז פארגעקומען.

און אפשר איז דאס גאר א געוועהנליכע מעשה.

אבער, אין אונגעוועהנליכע צייטען, וואלטען אפשר קיין „געוועהנ־ליכע מעשיות“ ניט געדארפט זיך פארלויפען?

א מעשה מיט א מאטראז.

דער מאטראז האט געדינט אויף א שיף. א יונגער מאטראז, ערשט חתונה געהאט. ער האט די ווייב שטארק ליעב געהאט, און זי איהם נאך מעהר. ער פלעגט איהר כמעט טעגליך בריעף שיקען, און אזוי אפט פון איהרע ווארימע ענטפערס קריגען. „זי בייענקט נאך איהם. זי קאן אהן איהם ניט אויסקומען. א. א. ווען וועט זיך שוין די אומגליקליכע מלחמה ענדיגען? עס איז אזוי שווער אהן איהם אויסקומען“.

„אויסקומען“ האט דא, פארשטעהט זיך, ניט געמיינט אין אן עקאָ־נאמישען זין, ווייל ער פלעגט איהר מאנאטליך צושיקען כמעט דאס גאנצע געלט וואס ער פלעגט קריגען, פלוס דער רעגירונגס־סובסידיע. נאר —

אהן זיין ליעבע. און איהם איז געווען אזוי ווארים דארטען אויפ'ן ים !...
א בריעף איהרער פלעגט איהם א ליכטיגקייט אין די אויגען אריינשיינען.

זייער ליעבע איז נאך פארשטארקט געווארען דורך דער ווייטקייט
און דורך דעם, וואס ס'איז געווען אקארשט נאך דער חתונה.

א היים האט ער געקאנט קומען זעלטען. זייער שיף האט זיך געפאר־
נען ווייט אויף די „הויכע ים'ען". נאר אט מאכט זיך, אז צוליעב עפעס
א רעגירונגס־שליחות ווערט זייער שיף געשיקט צו די אמעריקאנער ברע־
גען.

דער מאטראז ציטערט דעם גאנצען טאג פון פרייד.

ער לאזט זי וויסען ווען זיין אנקומען דורך א בריעף.

דאס שיף איז אנגעקומען. ער האט גענומען א צוג. אויף גיך גע־
קומען אהיים, אין דעם פארשטאדט פון א גרעסערער שטאדט. ער געהט
אריין אין שטוב. דארטען איז קיינער ניטא. די שכנים גיבען איהם צו
וויסען, אז די פרוי, מאכענדיג גרויסע הכנות, פאר זיין אנקומען, איז
אוועק אין מארק איינקויפען פארשידענע פאטראווען.

און אז זי זאמט זיך, הויבט ער אן ארומגעהן אין פריידיגער אומגעדולד
איבער דער שטוב און מיט ליעבע באטאפען די זאכען. ער עפענט א
שופלאד, דארט ליגט א פעקעל־בריעף, מיט א ראזען העמדעל ארומגעווי־
קעלט. ראזע פאפיר. דאס זענען עס זיינע בריעף. ווי פארזיכטיג און מיט
גרוים ליעבע זי קלייבט זיי !

ער הויבט זיי אן לייענען.

„ליעבע פרוי..."

אלע אזוי הויבען זיי זיך אן. „ליעבע טייערע פרוי..." אבער דאס
איז דאך ניט זיין כתב ! מיט א פארכאפטען אטעם לייענט ער איינעם נאך
דעם אנדערן. דארטען רעדט זיך עפעס וועגען מאנאטליכע טשעקס. ער
לעזט און לעזט.

ביסלאכווייז ווערט איהם קלאר :

זיין פרוי, באלד ווי ער איז אפגעפאהרען אפנים, האט חתונה גע־
האט מיט נאך איינעם. איהר איז געווען אזוי אומעטיג ! צו ווייס זי דען.
ווען איהר טייבעלע וועט צו איהר צוריקקומען ? — דערווייל איז יענער,
דער צווייטער, אויך אוועק אין דער ארמיי. ביידע שיקען איהר מאנאט־
ליכען אויסהאלט. איינער וויים ניט פון דעם אנדערן. נאר זי — זי ווייס

פוןביידען, און האט זיי ביידען אזוי שטארק ליעב!

דער יונגער מאטראז האט אויף א ווײלע זיין קאפ אנגעבויגען. אויף גיך האט ער געגומען זיין נאך ניט־אויסגעפאקעוועטען טשעמאדאנטשיק. און פון שטוב ארויס, און אוועק.

אין דעם בריעף, וואס איך האב מיט א שטיק צייט שפעטער פון איהם געקראגען, שרייבט ער:

— „...און איך וועל שוין מעהר פונ'ם ים צוריק ניט קומען“...

---

און די סאלדאטען.

די פארהייראטע, אדער די וואס האבען א כלה, צי א „מיידעל“ הינטער איבערגעלאזען, האבען דאך אלעמאל געהאט דאס ווערימעל פון צווייפעל, גליהענדיג אין הארצען: „אפשר? אפשר? בשעת איך פינסטער מיך דא, אפגעזונדערט פון דער וועלט, און איך טו מיין חלק אין מאכען א שעהנערע און א „דעמאקראטישערע“ וועלט — ווער וויים, וואס זיי טוען דארט?

לאזען זיי זיך דארטען אפטמאל ניט טרייסטען?...

האט מען געמוזט דעם וועהטאג פאר'שכור'ען. און, ווי אויף צו להכעיס, האטמען נאך געמוזט אריבערשטייגען די „זינד“ פון די אייגענע און געליעבטע, וואס זענען אפשר גאר ניט באגאנגען געווארען. איז דאך דער וועהטאג געווען א דאפעלטער, האט מען נאך מעהר געדארפט איהם פארטומלען...

און די איבעריגע סאלדאטען — זיי האבען זיך צוהוליעט פאר דער תליה! צו וואס איינצעלהייטען? — גארניט איז צו גוט געווען, און גארניט איז צו שלעכט געווען. וואס גרעסער די עולה — אלץ שארפער דער פארגניגען און אלץ פולשטענדיגער די צופרידענשטעלונג.

— און אז מען טוט אונז עולות?... מיר וועלען זיך שוין פאר אלץ אפרעכענען...

און די ציין האבען בייזליך געקריצט.

---

און אין פראנקרייך.

ווי אזוי די זיגער האבען זיך באגאנגען מיט די באזיגטע, מיט די פרויען — וועגען דעם דארף מען ניט ריידען. מען ק ע ן ניט ריידען.

אונמעגליך. א באַשרייבונג וועגען דעם, וואָס דאַרטען איז פאָרגעקומען. וואָלט זיין אַזוי בלייך. עס זיינען דא אַזעלכע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען צו גרויס מען זאָל זיי קענען איבערגעבען. עס וואָלט זיך באַקומען אַ ציימונגס־באַריכט, פון וועלכען מען וואָלט קיין אהנונג ניט באַקומען וועגען דער שאַנדע און דעם גרויל. א ל ץ, וואָס אייער פאַנטאַזיע זאָל אייך ניט אָפּמאָלען — און מאַגט איהר זיין דער באַזיצער פון אַ קראַנק־צוהיצטער פאַנטאַזיע — וועט זיין שוואַך, בלייך קעגען דעם וואָס איז אין דער ווירקליכקייט פאָרגעקומען.

וועלען מיר דאַריבער נעמען דאָס אייגענע היימישע לאַנד. דאַרטען זענען די באַציהונגען געווען „נאָרמאַלער“ און מענשליכער, און עס לאָזט זיך דאַריבער באַשרייבען און כאָטש אַ קנאַפּען באַגריף וועגען זיי קריגען.

עס האָט מיר דערצעהלט מיין פריינד, אַ סאָלדאַט אַ צוריקגעקומע־נער, מיט וועמען איך פלעג אבענדען גאַנצע אין די באַראַקען פאַרברייג־גען:

— אבענד. טונקעל אדער ליכטיג. שעהן אדער רעגענדיג. א וואַ־סער־רעגען אדער א פייער־רעגען. הימעל־בלוי, אדער בלוי, ווען די סאָל־דאַטען געפינען זיך אין די ערהאָלונג־קעמפּס, אַ שטיקעל מהלך הינטער די טרענטשעס, וואו זיי רוהען זיך אויס נאָך אַן ערשט דורכגעקומענער שלאַכט, אדער גרייטען זיך צו צום ווייטערדיגען געשלעג.

אין אבענד הויבען זיך אָן ציהען איינציגע, פּאָרלעך, קופּקעס, גרו־פּען, שערענגעס, מחנות סאָלדאַטען, זיי ציהען זיך צום נאָהענסטען דאָרף, שטאָדט און ישוב. מען געהט אין זוכעניש נאָך ליעבע.

מען קומט אָן צום פּלאַץ. אַ הויז — אַ קליינס, פון צוויי עטאַזשען. אַ סך מאָל רואינירט און חרוב געוואָרען דורך באָמבעס און שראַפּנעל. סאָלדאַטען — אַ סך. מיידלעך צו ווייניג. אמאָל בלויז — צוויי־דריי. וואָרט מען שעה־ווייז אויף נעקסט. מען שטעלט זיך אויס אין „ליין“, אין רייע. עס הויבט אָן פליוכען אמאָל אַ רעגען — שטעלט מען אָן די קאָלנערס. מען קוקט ניט פּאָרגינעריש און חיה'דיג ווי אַן אַפּיצער געהט אַריין אין הויז, ניט אַכטענדיג די „ליין“.

דא, מעהר ווי אומעטום, טרעפט עס אז די מיליטערישע דיסציפ־
לין ווערט געבראכען.

אט אזוי שטעהט מען דורך אבענדען, דורך נעכט, דורך רעגען, דורך
שטילקייט.

---

אין פראנקרייך — זיכער איז עס דאסזעלבע אין אלע אנדערע לענ־
דער, וואס זענען באריהרט געווארען פונ׳ם קריעג, נאר אין פראנקרייך
האבען זיך דאך די גרעסטע ארמייען, פון ביידע צדדים, קאנצענטרירט
— הערשט איצט א גרויסע אויסגעלאסענהייט, דערהויפט הינטער די
„ליינס". פארשטעהט זיך, אז די סאלדאטען שפילען דא א וויכטיגען
פאקטאר. ווענערישע קראנקהייטען זענען פארשפרייט אין אן אומגלויב־
ליכער מאס. פון איינעם א רעגימענט, וואס איז שוין צוריק אהיים געקר
מען, זענען גאנצע זיבען הונדערט סאלדאטען אין פראנקרייך איבערגעלא־
זען געווארען. זיי זיצען ארעסטירט און אפגעזונדערט אין א „גארד הויז",
ביז וואנען עס וועט מעגליך זיין זיי אויסהיילען פון זייער קראנקהייט,
פון וועלכע א גאנץ גרויסער פראצענט איז ניט צום אויסהיילען.

וועגען דעם שרייבט מען ניט. דא איז ניטא קיין „רוהם". דאס איז
איינע פון די טונקעלע זייטען — וויפיל זענען עס דא ליכטיגע זייטען?
— פונ׳ם קריעג, וועלכע ווערט פונ׳ם זייטיגען אויג געהאלטען אין פאר־
הוילעניש און אין דער געשיכטע ווערט דאך זיכער וועגען דעם ניט דער־
צעהלט...

---

די געשלעכטליכע אויסגעלאסענהייט און אונצוכט, האט זיך דארטען
פארשפרייט אונגעהייער. נאך גאר יונגע מיידלער, פון 13—14 יאהר,
זענען אנגעשטעקט מיט די מיאוס׳ע קראנקהייטען. פאר א צוויי־דריי־
פיער פראנק קריגט איהר זייער ליעבע.

עס פארשטעהט זיך, אז אין א סך פעלען זענען אויך דא הונגער־
מאטיוועו. אבער ביי גאר א סך — געשלעכטליכע קוריאזיטעט, וואס איז
קריינקליך צורייצט געווארען, אלס א רעזולטאט פונ׳ם טיפען קריעג.

די קליינע מיידלער איבערהויפט פלעגען די סאלדאטען רייסען ביי
די פאלעס. מיין חבר דערצעהלט מיר:

— ער איז געשטאנען אויף א פאסטען. עס האט גערעגענט — א

גום רעגען. די ביקס האט ער געהאלטען אונטער'ן פאנטשא — אזא סארט רעגען־מאנטעל. — ער דערהערט טריט. ער ווערט אנגעשטריינגט. פון אויף יענער זייט ווינקעל פון דעם שפייז־שפייכלער, וועלכען ער האט באוואכט, ציינט זיך א צושוואומענע פארדעגענטע פיגור. ער שטעלט אן די ביקס — „האלט", ער וועט שיסען.

דאס איז געווען בלויז א מיידעל, א קליינע מיידעל פון א יאהר דרייצעהן. זי באט זיך איהם אז. צוויי פראנק. דער סאלדאט אנטזאגט זיך. אורזאך—אז איינפאכע: פאר פארלאזען דעם פאסטען, אויב מען כאפט נאר, ווערט מען גע'משפט איז פעלד־געריכט, און א טויט־שטראף איז מעגליך. די מיידעל באשטעהט. זי וועט עס אראנזשירען דא אויפ'ן פלאץ. דער סאלדאט קווינקעלט זיך. די מיידעל, אלס אן ענדגילטיגע איבערצייגונג פון איהרע „שעהנקייטען", הויבט דאן איינע נאך די אנדערע אויף איהרע קליידער:

Cher, regardez mes jambes!

---

און איך האב צו זיך געזאגט, אפשר איז דער פריינד־מאטראז גערעכט געווען, ווען ער האט מיר געשריבען:

—„און איך וועל שוין מעהר פונ'ם ים צוריק ניט קומען".

III.

# זעמדלער

ווער וועט זיך עס אויף זיי ארומקוקען, און ווער וועט זייערע נעמען וועןּ־עס־איז דערמאָנען?

אפשר, אין א פארוואָרפען דערפעל, אין דעם טומעל פון א גרויסער שטאָדט, אין א פלוצלונגדיגער נביאות'דיגער מינוט, וואס טיילט זיך ארויס פונ'ם טומעל, איז אן אפגעאייינזאמטער שעה, וועלען זיך צוקע. באווייזען אויף מאנכע בלייכע פנים'ער. און א נשמה וועט א ציטער טאן מיט א ווייטער דערמאָנונג. און א הארץ וועט אנהויבען קלאפען אין דער שטיל.

א נר־תמיד, אן אומגעזעהענער צו די היימישע און נאָהענטע, וואס זענען אמאָל געווען, און זענען שוין ניטאָ, און ניט מיט זייער ווילען פארשוואונדען. צו די וואס זענען איינגעוועבט געווען אין דעם אייגע־נעם לעבען, און זענען ווי א שטיק לעבעדיג פלייש־געוועב ארויסגעריסען געווארען, נאר קליינע ווארצעלער הינטער זיך איבערגעלאזען.

און די ווארצלער וועלען אויך פארשווינדען, און אין די זעלביגע הערצער וועלען אנדערע, לעבעדיגע — „און עס האָט א פארטייל דער לעבעדיגער איבער'ן טויטען" — שטאַרקערע שפורען אריינדריקען. נאר דאס איז דאך דער גורל פון אלעמען. איז עס אויך א טרייסט.

כאטש — פאר דער צייט פארגאנגען.

אבער — די וועלט?

די „וועלט", די וואס טומעלט זיך איבער די „הלעדען", און בויט זיי — אנסאמבל — טריאומפ־ארקען, מיט אומזיסטע מאהלצייטען זונ־טאג אבענד, און אפלאדיסמענטען, ווען מען זעהט זיי מארשירענדיג אין ברייטע קאלאנען איבער די גאסען, און אין קינעמאטאגראף, — וואס ווייס די וועלט פון זיי, די פיעלע, די בלוטענדיגע, די זעמדעלער?

מען וועט זיי ניט פארגעסען — מען האט זיי קיינמאל ניט גע־דיינקט. מען האט געדעדט פון א צושוואומענעם „עפעס". ווי עס וואלט איין מענש, מיט איין פארלאנג און איין איבערלעבונג געווען, אט די מיליאנען, וואס האבען פאר העכער 4 יאהר אין קויט און בלוט זיך גע־קאטשעט.

די קליינע טראגעדיעלעך — גרויס יעדע איינע באזונדער. ווייל אין א סך פאלען אזוי איינפאכ־מענשליך — די פארגאנגענע לעבענס. יעדע איינע — א וועלט.

קיין אבסטראקט ריידען וועגען דעם וועט ניט געבען קיין קנאפסטען באגריף וועגען די טאג־טעגליכע טראגעדיעס און חלום און לעבען צו־שטערונגען — און איז דען ניט דער חלום וויכטיגער פאר'ן לעבען? — וואס זענען פארגעקומען אלס א רעזולטאט פון דער אונגעהויערער מאסענ־פארגוואלטיגונג פון מיליאנען באזונדערע און פארשידענארטיגע ווילענס. מען דארף בלויז דערצעהלען און דערצעהלען, קליינע, טאג־טעגליכע פא־סירונגען פון דעם לעבען פונ'ם סאלדאט, סיי אין די קאזארמעס, און סיי אויפ'ן שלאכט פעלד.

בארביוס און לאצקא — די צוויי איינציגע מלחמה־קינסטלער — האבען עטוואס די טירעל פון דעם גיהנום געעפענט און אונז באוויזען מענשליכע לעבענס באלויכטען מיט'ן רויטען בלוט־פייער. און וויפיעל אזוינע בארביוסעס און לאצקאס, מענשען מיט קינסטלערישער ארטיקו־לאציע האבען ניט דערלעבט צו דערצעהלען און צו איבערגעבען דאס. וואס זיי האבען דורכגעליטען? בארביוס און לאצקא — די צוויי דורכ־געלייטערטע זענען דאך אויך ביים שוועל געשטאנען, און בלויז דורך א צופאל אויף דער זייט געבליבען.

---

גרויסע מענשען זענען דער'הרג'עט געווארען. גרויס מענשען אין עמבריאָ.

מ ע נ ש ע ן זענען דער'הרג'עט געווארען — און א ל ע מענשען זענען גרויס, און יעדענס לעבען איז פול מיט אלערליי מעגליכקייטען.

ווער האט זיך אויף זיי אומגעקוקט? ווער האט זיי באמערקט?

און שוין יא באַמערקט, איז דאס בלויז צוליב קאַפּיטאַל שלאַגען. פאר'ן א י י ג ע נ ע ם רוהם. מענשען האבען זיך באריהמט געמאכט און אונשטערבליכקייט געוואונען — אויפ'ן חשבון פון די געשטאָרבענע — די גע'הרג'עטע. ווי געוועהנליך, ווי אלעמאל, דורך דער גאנצער מענשליכער געשיכטע.

נאר מען דאַרף עס אלעמאל איבער'חזר'ן — איז עס ניט קיין „אָריגינעלער" געדאנק! — א ל ע מ א ל, אין א ל ע צייטען, א ל ע מענשען וואלטען עס געדאַרפט וויסען.

ו ו ע ן זיי וואלטען עס אלעמאל געוואוסט!

---

קעניג אלבערט.

דער שעהנער. דער איידעלער. דער וואויל-ערצויגענער. דער קיניג-אַריסטאָקראַט.

אייגענטליך — א שוואכער מענש. איז קיינמאל ניט באַרימט געווען. קיינמאַל. פאר דעם אויסברוך פונ'ם קריעג, מיט גאַרניט זיך באַרימט אדער באקאנט געמאכט. אבער, זאגען די גרויסע — און אפילו די גרויסע אין דער וועלט פון גייסט און חכמה — סטייטש, א קיניג זאל זיין אזא איידעל מענש? מיט שעהנע מאַנירען. ווייכ-הערציג. קיינמאל קיין פליג אויף דער וואנט ניט געטשעפּעט? א קיניג. וואס איז ניט קיין דעספּאָט, וואַרפט ניט אומזיסט קיין מענשען אין תפיסה — שוין פאר דעם אליין קומט איהם דאך א לויב! ניט פאר דאס גוטס, וואס ער האט געטאן — פאר דאס שלעכטס, וואס ער האט נ י ט געטאן!

איז קעניג אלבערט אייגענטליך אפילו ניט גע'הרג'עט געווארען. איך ווייס קוים אויב ער איז שווער פאַרוואונדעט געווארען. און שוואַרץ ברויט און זופּ האט ער געוויס געהאט צו זאט, און קיין ליין דרייאינטשיגע, קיין „קודדים", זענען איהם געוויס איבער'ן לייב ניט געקראכען. נאר וואס דען — מען האט ביי איהם „זיין" לאנד צוגענומען.

נו, האט זיך אנגעהויבען א סדרה אלבערט, קיניג פון בעלגיען. האט מען ארויסגעגעבען דעם מאָנומענטאלען — און אלטען סטיל, משניות'דיג דאס הייסט: לדורות — קעניג אלבערט-בוך. האבען אין דעם דאזיגען בוך

אנטייל גענומען ניט בלויז גרויסע פאליטיקער און שטאאטס מענער, — אזוינע, פאר וועמען קיין איינציגע לעבענס, קיין מענשען, עקסיסטירען ניט, נאר וועלכע ווייסען בלויז פון גרויסע צאהלען, פון ארמייען, פון גוואלטיגע נומערן, ווי עפעס א י י ן פיעל אבר'דיג באשעפענים — נאר עס האבען אנטייל גענומען אויך, און גאנץ אנגעזעהן, פאעטען, קינסטלער, מענשען פון גייסט, פאר וועמען יעדעס איינציג לעבען איז א יש, א וויכטיגקייט, און אוצר, א וועלט פאר זיך.

איז דארטען דא אנאטאל פראנס, מילא, א פראנצויז, אייגען בלוט, אבער אט — קופרין! און, דוכט זיך, אויך מערעזשקאווסקי. און אלע צאהלען צינש, און זינגען הללויה, צו דעם קעניג, צו אלבערט'ן, וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט דעם וואס ער האט געהייסען די בעלגיער, זיי זאלען ניט דערלאזען, אז מען זאל צונעמען „זיין" לאנד.

און זשאן? און אנרי? און מישעל? און אלע ד יוועלכע זענען דער'הרג'עט געווארען, אונמענשליכע וואונדען געקראגען, ניט קיין ערד־ליכע ליידען דורכגעטראגען, און ביי וועמען מען האט טאקע זייער לאנד און היים — ז י י ע ר ע אהן געגזענפיסלעך — צוגענומען? וואס איז וועגען זיי? האט מען אויך צום אנדיינקען פון זייער נאמען ביכער ארויסגעגעבען?

איהר וועט זאגען: קיניג אלבערט איז דער סימבאל פון דער פארוויס־טער און חרוב־געווארענער בעלגיען.

זאג איך אייך:
עס איז א ליגען!
ער איז א סימבאל — נאר פון גאר עפעס אנדערש!

---

דארף מען דערצעהלען, ווי וועניג מענשליכע לעבענס ווערען גע־שאצט אין מלחמה־צייטען דארף מען דערצעהלען, ווי איינצעלנע און זייערע ווילענס ווערען פארגוואלטיגט אויף שריט און טריט, מיט אדער אהן נוצען, צוליעב אדער אהן נויטוועגדיגקייט, בלויז צוליעב דעם, וואס די וואס קריגען שוין אריין די מאכט אין די הענט, ווערען דורך דעם פאר'שכור'ט און ווילד, און געברויכען זי, די מאכט, צוליעב אייגענער הנאה?

מען דאַרף ניט — און מען קען ניט, צוליעב פאַרשידענע סבות — אינערליכע און אויסערליכע.

---

טאַקע, וואָס זענען יחידים אין דעם לויף פון דער וועלט־געשיכטע? וואָס פאַר א ווערט האָבען איינצעלנע, ווען דער וואויל פון דער מענש־הייט — אסור אויב איך וויים גענוי, וואָס מען מיינט מיט דעם ווארט — איז אין קאַן? אבער די וועלט — די וועלט ווערט דאָך א בעסערע!

נ־נא. לאָזט מיך צורוה מיט דעם וואויל פון דער מענשהייט. ער איז נאָך דערווייל ניט קאַנטיג, און עס זענען ניטאָ גאָר קיין אויסזיכטען, אז די וועלט זאָל עס בעסער און וואוילער ווערען איז דער נאָהענטער צוקונפט. און זיכער ניט — אלס רעזולטאַט פונ׳ם קריעג.

נאָר — אפילו אז יאָ?

וויל איך ניט, אז דער וואויל פון דער אומבאַשטימטער מענשהייט זאָל געקויפט ווערען מיט׳ן בלוט פון באַשטימטע לעבענס, ווען אפילו עס וואָלט נויטיג געווען.

די וועלט. די „מענשהייט" איז גאָר קיינמאָל ניט בעסער געוואָרען נאָך אזעלכע גוואַלדיגע בלוט־פאַרלירונגען, ווייל וויפיעל אזעלכע בלוט־פאַרלירונגען האָט די „מענשהייט" שוין דורגעהאַט — און א י ז זי בעסער געוואָרען? און די מענשען גופא — ווערען זיכער ניט בעסער. איידעלער און גייסטיגער.

אפשר — קליגער בלויז. וואָס דאָס איז גאָר ניט אזא מעלה.

נאָר דאָס איז אויך א גרויסער ספק. ווילדער ווערען זיי. און נקמה־דורשטיגער — דאָס יאָ.

---

אין דער הקדמה צו איינעם פון זיינע ביכער, שרייבט דער קינסט־לער־פילאָזאָף לאָרד דאַנסאַני:

"And do not regret the lives that are wasted amongst us, or the work that the dead would have done, for war is no accident that man's care could have averted, but is as natural, tho' not as regular as the tides;; as well regret the things that the tide has washed away, which destroys, and cleanses, and crumbles, and spares the minutest shells."

. אָס איז שוין פּילאָזאָפיש, ניט קינסטלעריש. דער פילאָזאָף איז אַלעמאָל רוהיג, און צופרידען. ער ו ו י י ס. ער ארבייט זיך סוף־כל־סוף אויס — איך רייד ניט פון די „פילאָזאָפירענדע". וואס קומען שוין אויפ'ן פאַרטיגען, און באַגנוגענען זיך מיט'ן געבאַרגטען, און אליין ניט דורכגעוועהטאָגטען — אבער אפילו דער אמת'ער פילאָזאָף ארבייט זיך סוף־כל־סוף אויס זיין וועלט־סיסטעם, זיין לעבענס־אַנשויאונג — און באַרוהיגט זיך. אלע פּאַסירונגען נעמט ער אריין אין די אָפּטען שמאָלע ראַמען פון זיין געבוי. ער פּאַסט זיי שוין אריין. ער הובלעוועט זיי אַרום, ביז וואַנען די ראַם, וואס ער האָט אויף צו אַפריהער געמאַכט, פאַסט זיך אָן אויפ'ן בילד.

ער ווייס. ער איז רוהיג.

ניט אַזוי דער קינסטלער. ער איז שוין גאַרניט אַזוי זיכער. ער האָט שוין זיינע ספקות, וועז אפילו ניט אַלעמאָל אויסגעדריקטע. ער האָט זיך זיינע טעג פון יאוש.

אפשר מעהר טעג פון יאוש, ווי טעג פון גלויבען. און אין דעם ליכט פון דעם וואס איך האָב געזעהען און דורכגעלעבט אין מלחמה־צייט — ניט „סוב ספּעציע עטערניטאַטוס" — קען איך ניט איינזעהן „ווי דעם ים־צוגוס האָט גערייניגט, און אפּגעהיט די קלענסטע ים־מייער־לער".

---

זאַכען, וואס איינער האָט אליין באַמערקט און דורכגעלעבט, קריצען זיך איהם איין אין זכרון טויזענט מאָל שאַרפער, ווי זאַכען און איבער־לעבונגען, מעגען זיי זיין ווי גרעסער, שוידערליכער און וויכטיגער — אינ'ם אבסאָלוט — וועגען וועלכע ער האָט בלויז געלייענט.

די פאַקטען, וועלכע איך וואָלט דאָ געקענט דערצעהלען פון מיין אייגענער ערפאַהרונג, כדי צו דערווייזען די ריכטיגקייט פון מיין טעזיס זענען מיר זעהר נאַהענט, און האָבען אויף מיר א וועהטאָגדיגען און דויערנדיגען איינדרוק געמאַכט. אבער פאַר א זייטיגען, פאַר א פרעמדען, וועלכער האָט געלעזען, למשל אַזעלכע ביכער, ווי באַרביוס'עס און לאַצ־קאָ'ס, וועלען זיי אפשר אויסקוקען בלייך און געוועהנליך. איז שוין בע־סער גאַרניט אַנהויבען.

ניט אפילו וועגען א געוויסען טויט אין א געוויסען ערב־שבת.

IV.

# דער טאָג פון רעכנונג

ער איז נאָהענט. ער איז שוין דאָ.
אומעטום, איבער דעם גרעסטען טייל וועלט.
קיין גערעכטיגקייט זעהט זיך נאָך אפילו ניט אין ערגעץ.
עס ווייזט אויס, — אומרעכט ווערט מיט אומרעכט אָפּגעוואַשען.
און מאָרד — דורך מאָרד.

טויט. ווייסער, שוואַרצער, רויטער — וואָס איז די נפקא־מינה?
ס'איז טויט. ס'איז אַ פאַר־דער־צייט אָפּגעשניטענער לעבען. ס'איז בלוט.
און ס'איז רויט.

פאַר די טויט־זינד, די באַגאַנגענע — איז אפשר די שטראָף נאָך צו מילד.

כרת. נאָר אין די הענט פון מענשען.

ס'איז אָבער מילד. די גאַנצע וועלט האָט דאָך געקענט זיין חייב כרת!

און די וועלט, ווייזט אויס, וועט קיין דערלייזונג ניט געפינען, ביז דאָס אומשולדיג־פאַרגאָסענע בלוט וועט מיט'ן שולדיג־פאַרגאָסענעם בלוט אָפּגעוואַשען ווערען.

און אפשר — טאַקע מיט אונשולדיגען?

---

עס דערצעהלט רבי יהושוע בן קרחה:

— אין איין טאָל האָט ער, דער רב־טבחים נבוזראדן, אויסגע־הרג'עט צוויי הונדערט און עלף רבוא מענשען, און אין ירושלים האָט ער אויסגעשאָכטען פיער און נײַנציג רבוא מענשען אויף איין שטיין, ביזקעל זייער בלוט האָט פאַרפלייצט און דערגרייכט צו זכריה הנביא'ס בלוט.
און זכריה הנביא'ס בלוט האָט געהאַלטען אין איין זידען.

— האט ער געבראכט די גרויסע און די קליינע סנהדרון, און זיי געשאכטען אויפ'ן בלוט — און ס'האט זיך ניט איינגעשטילט. געקוילעט בחורים און בתולות — און ניט איינגעשטילט. געשאכטען שוהל־קינדער — און אלץ ניט איינגעשטילט."

און מעהר ווי איין זכריה הנביא'ס בלוט איז אין די טעג פארגאסען געווארען.

V.

# רוה

דאָס קליינע, דריי־אותיות׳דיגע וואָרט...

דער שטילער געפיהל פון א זיך ניט־כוואַליענדיגען געמיט. פון אַן אַבענדיגען שווייגען אויפ׳ן לאַנד. פון א רוהיגען שווייגען, פון אַן איבערווייכענדיגען שווייגען...

רוה, רוה, רוה.

ווי גוט עס וואָלט מיר געווען, ווען איך ציה אוים מיינע פיס איבער א גראָז, אָדער איבער א זאַמד, און פאַל אריין אין א רוהיגער ניט־טראַכטענדיגקייט.

גאָרנישט איז געווען. גאָרנישט קומט פאָר. עס איז א חלום בלויז, א בייזער חלום פון א קראַנק־צורייצטען׳ם דמיון...

און דער חלום וועט פאַרשווינדען, ווי אַלע בייזע חלומות. ניין, ס׳איז דאָך אָבער ניט קיין חלום! חלומות זענען גוטע און צוזאַגענדיגע! אָבער — די דערוואַכונג... און איצט איז די דערוואַכונג, די דערוואַכונג פון פאַר׳חלומ׳טע איינצעלנע צו דער ווירקליכקייט.

אָבער איך — עגאָאיסטיש — מענשליך וואָס איך בין — וויל פון קיין זאַך שוין מעהר ניט וויסען! וויל בלויז איין זאַך, דריי זאַכען:

רוה, רוה, רוה.

---

אין א פריהמאָרגען האָט מען אונז ארויסגעמאַרשירט פון קעמפ אויף א „הייק“, א שפּאַציר־גאַנג איבער׳ן ארומיגען לאַנד. דאָס איז געווען באַלד נאָכ׳ן קאַראַנטין איבער דער אינפלוענציאַ. און מיר זענען געגאַנגען איבער די זאַמדיג־גאָלדענע וועגען, און געזונגען, און ניט גע־

טראכט ווענען, דעם וואס מען וועט אונז די טעג אפשיקען נאך פראנק־רייך, צו א מעגליכען טויט.

מיר זענען געגאנגען און געגאנגען, ווייל מיר האבען א טעם פון באפרייאונג פארזוכט.

און מיט אמאל האט מיין הארץ אויפגעשאלען אין מיר. און א גרויסע אומבאשרייבליכע פרייד האט מיך ארומגענומען. און מיינע אויגען זענען פייכטיג־ליכטיג געווארען. און איך האב חדוה'דיג אויסגעשריען:

— א הויז! א הויז!

עפּעם עהנליכעם צו מיין פרייד האט געמוזט זיין קאלומבוסעס, ווען ער האט מיט א פיער הונדערט יאהר צוריק אויסגעשריען:

— לאנד! לאנד!

פון צווישען די בוימער האט זיך א ווייס, שטיל הויז ארויסגעוויזען, מיט גלאנצענדיגע, קלארע שויבען, באצווייגענע מיט ווייס־שנייאיגע פאר־האנגען, און א ווערענדא איז געווען ארום הויז, און א שטילע פרוי איז דארטען ארומגעגאנגען, און א קינד האט זיך אויפ'ן גראז לעבען איהר געשפּיעלט, און דאס גראז, ווי דאס הויז, איז געווען מיט'ן פריהמאר־גענדיגען זון־ליכט באגאסען.

שוין, חדשים־לאנג קיין הויז ניט אנגעזעהן, קיין וואוינונג פון דער ציוויליער פרידליכער באפעלקערונג. די שעהנקייט פון א הויז, פון א שטילען הויז אין פעלד! און פון דעם הויז, וואס איך האב אין מיטען פעלד אנגעטראפען, איז א רויך פונ'ם קוימען געגאנגען. מענשען רוהיגע האבען דארטען געוואוינט.

איך בין געגאנגען און האט געזונגען:

— א הויז! א הויז!

---

און איינמאל האב איך „אטפוסק“ איבער נאכט געהאט. איך האב אפילו קיינעם אין שטאדט ניט געוואוסט, און ניט געהאט צו וועמען צו געהן, נאר איך האב דעם „אטפוסק“ גענומען בלויז צוליעב דעם, כדי איך זאל קענען שלאפען אין א האטעל, אין א ריינעם בעט.

און פאר'ן שלאפען, אז איך האב אויפגעהויבען די קאלדרע, און דערזעהן פאר זיך די ווייסקייט פונ'ם בעטגעוואנט, און די גלאטקייט

פונ׳ם לײלעך. האב איך ניט געהאט דאס הארץ די רײנקײט צו צוקנײט־שען. נאר איך בין צוגעפאלען צום בעט, און שיער ניט געװײנט פון גרויס פרײד איבער דער שנײאיגער רײנקײט. און שפעה׳ן לאנג בין איך אויף די קניע געשטאנען, און מתפלל געװען צום װײסען בעט.

און װאס געהט מיך אן דער גאנצער משוגע׳נער טומעל? איך האב מיך ניט צוליעב װאס צו שלאגען, װײל מיר פעהלט איום גאנץ װעניג: בלויז א שטיל הויז און א װײס בעט.

---

איך לאז מיך טראגען דורך יעדען מעגליכען ברעקעל טרײסט, דורך יעדען שאטען־בליץ פון האפנונג.

איך װיל אזוי אפגענארט װערען! איך האב נאך א לאנגען לעבען פאר זיך... און װי אזוי װעל איך װײטער לעבען? די איצטיגע פאסי־רונגען אין גאנצען פון געדעכעניש ארויסרײסען? אונמעגליך. זיך איבער־בעטען מיט זײ, זיך צוגעװאוינען צו זײ, און מיט א שטילען טרויער װײטער לעבען?...

כאטש א ברעקעל טרײסט, א ברעקעל האפנונג!

און אז איך בין אײנמאל אין אן אבענד שפאצירען געגאנגען, האב איך מיך אנגעשטויסען אן די טרענטשעס און גראבענס ארומגערינגעלט מיט שפיציגע דראטען, און זאמד, און די מיט שטרוי־געשטאפטע זעק פאר באגנעטען — פראקטיק, און צװײגען, און אנגעקליבענע שטײ־נער. פון צװישען די אפגעטריקענטע צװײגען און שטײנער — דער פלאץ איז שוין געװען א פארלאזענער — האבען זיך דורכגעשלאגען גראזען און פעלד־בלומען, כאטש עס איז געװען שוין שפעט־הערבסט, און דאס פעלד איז א גאנצען זומער געטאפטשעט געװארען פון די סאלדאטסקע פיס. פון די צופוילטע שטרוי־זעק, צולעבערטע דורך די באגנעטען, האבען פון די לעכער א פאר פארבלאדזשעטע פענזים ארויסגעװאקסען. איהר װײסט דאך, װי אײדעל א פענזי־בלום איז?

---

און נאכ׳ן גרויסען חורבן, װעלען בוימער װידער װאקסען, און קרײ־טיכצער בליהער נאך בעסער — אזוי פיעל בלוט און איבערגעפוילט מענ־

שענ־פלייש איז אין דער ערד, אויף די פעלדער, וועט סטאַיען מענשענ־הנאַי אויף דורות.

גרויסע חורבנות און פאַרוויסטעניששען זענען דאָך שוין א סך מאָל פאָרגעקומען. און ווידער האבען זיך די וואונדען פארהיילט, און די שלעכ־טע זכרונות זענען אפגעמעקט געווארען, און מען האט ווייטער געשמיי־בעלט, און געבוימט, און געהאט קינדער.

און אזוי איז עס געווען, און אזוי וועט עס ווייטער זיין.

און דאס איז דער גרויסער שרעק.

ווייל מענשען פארגעסען זיך. און דאס איז נויטיג, און האלט אויף און מאכט מעגליך דאס לעבען. און אז הונדערטער יאהרען וועלען פאר־געהן, און אפשר בלויז צעהנדליגע, וועלען זיך הייטלעך איבער די וואונ־דען, און נעפעל־פארגעסעניש איבער די זכרונות פארציהען.

און א נייער דור וועט אויפשטעהן, וועלכער איז דורך די העלע־נישען, וועהטאגען און פיין פון מלחמה נ י ט דורכגעגאנגען, און ער וועט דארפען אנהויבען די מענשליכע געשיכטע פון דאס ניי.

מיר האבען ביז אהער קיינמאל ניט און גארנישט ניט אפגעלערענט פון אונזערע פאטערס ערפאהרונגען. און אונזערע קינדער וועלען גאר־נישט פון אונז אפלערנען. און זיי וועלען אלץ אנהויבען, און אלץ דורכ־געהן פון דאס ניי.

און מען וועט זיך אז אלץ פארגעסען, ווי מען האט עס געטאן ביז אהער, און הייזער און שטעדט און דערפער וועלען צוריק אויפגעבויט ווערען, און די האפנונג וועט צוריק אויפשיינען, און די דורות וועלען ווייטער פארטגעזעצט ווערען — און ווידער וועט בלוט אומזיסט פאר־גאסען ווערען, און עהנליכע הריגות וועלען פארקומען, און מען וועט זיך ווייטער טרייסטען, אז דאס איז שוין צום לעצטען מאל, ווייל מיר פאר־געסען זיך.

אט דאס איז די טרייסט, אט דאס איז דער שרעק.

## לידער:

זישא לאנדוי.

נחום י.

י. סלאָנים.

ג. גראפשטיין.

ב. ביאלאָסטאָצקי.

## זישאָ לאַנדוי.

### מלכה שבת.

קומט צוגעהן די מלכה שבת
בונט אזוי ווי׳א רעגענבויגען;
די אראָפּגעלאָזטע אויגען
פול מיט תאוה גליהען, ברענען, —
קענסט אין טומטום׳ס אויג דערקענען,
אז ס׳איז דאָ די מלכה שבת.

ווען עס קומט די מלכה שבת,
פינקלען אויף די אויגען ווידער,
וואכיג ווערען דיינע גלידער,
און אין אלע, אלע עקען
הויבט מיט ווייבער פלייש אָן שמעקען,
ווען עס קומט די מלכה שבת.

ס׳ארא רחבת, מלכה שבת,
ברענגסט מיט זיך אין אלע זייטען;
יעדעס הארץ וויל זיך צעשפּרייטען,
וויל זיך מעהרען און פארמעהרען,
און אין רויך פון די באגעהרען,
ווערסט פארברענט דו, מלכה שבת!

### אַ תימן.

לבנה — דו פארקערפּערונג פון טוגענד,
ווי גנעדיג שפּאנסטו אין דיין שטערען קרייז;
דו קוקסט אראָפּ, ווי אויף דער ליעבער יוגענד,
קוקט שמייכלענדיגערהייט דער קלוגער גרייז.

א דאמע, וואָס פאראַרימט איז געוואָרען,
דאָך אין איהר יעדען ריהר איז ווירדע דאָ!
אויך איך בין אין דער אלטער וועלט געבאָרען,
און איהרער בין איך ביז דער לעצטער שעה!

אַ, וועלט פון מאָרד, פון אומגליק און פון פּיינען,
עס איז דיין קבר שוין פאַר מיר געגרייט. —
דאָך קומט מיין שעה, זאָלסטו פאַר מיר ערשיינען,
באוויַיז זיך כלה, חלום אין מיין פרייד!

ארום די בערג — ווי זייַלען טויטע רוה,
און גוט איז מיר, וואָס איך בין זישא לאנדוי,
און גוט איז אַלעס, וואָס איך טראַכט און טו!

ענדע יולי, קוני איילאַנד.

דערווייל איז גוט מיר דאָ אויף דער וועראַנדע

אַ, קיהלע טעג אין ברענענדיגען יולי!
ס'איז אונערטרעגליך היים און מיט אמאָל
דאָס וועטער בייט זיך, און א קיהלקייט
נעמט דורך די לופט און דיינע גלידער.
די ליבע פרויען טון אָן זיך ווארעמערע קליידער
און מילדער ווערען זייערע אויגען
און מיט אזוי פיעל ליבע קוקען זיי אויף דיר
אז אלץ דאָס גוטסקייט, וואָס עס ליגט אין דיר
פון דיר און אלעמען פארבאָרגען,
געהט פון באהעלטעניש ארויס און יעדער
וואָס האָט דיך ביז אהער געקאָנט, דערקענט דיך נים.
און (ווי איך האָב 1916 אין א ליד געזאָגט:)
דו רעדסט אזוינע רייד, וואָס קיינמאָל האָסטו נים גערעדט,
דו זעהסט אזוינס, וואָס קיינמאָל האָסטו נים געזעהן
און אלץ צו וואָס דו רירסט זיך צו איז וואונדער,
באמת וואונדער.

## נחום י.

### פראגמענט.

עס וועלען לענדער חרוב און עס ווערען שטעט פארוויסט,
בלויז שטעכעדיגע פלאנצען וואקסען אויס אויף זייער מיסט:
און דארטען צווישען ברוך פון ציגעל און פון אלטען ליים
געפינען פאר זיך עקדישען און פלעדער־מייז א היים,
און צווישען שטיינער שלייכט נאר דורך א הונגעריגע שלאנג.
און וויסט איז דארט עס הערט זיך ניט קיין לעבעדיגער קלאנג;
בלויז ווינטען יאגען, ראנגלען זיך און וויינען אין דער נאכט,
און אויף אן אלטען אבעליסק א סאווע זיצט און לאכט...

### מיין באגלייטער.

א נאכט בין איך פון גאס צו גאס ארומגעלאפען,
און אומעטום האב איך דעם בלייכען שרעק געטראפען.
געקוקט האט ער אויף מיר פון אלע בלינדע ווענט,
און אויסגעשטרעקט צו מיר די קלעפיג־קאלטע הענט.

איך האב פון איהם אין ערגעץ ניט געקאנט אנטלויפען —
נאך מיר האט ער געיאגט זיך איבער מערק און הויפען.
גענומען האב איך שרייען אימה'דיג און ווילד,
האב איך זיין שווערען אטעם אויף מיין האלז דערפיהלט.

א ווארף געטאן זיך האב איך אויף דער ערד א מידער
און האב איהם באלד דערפיהלט אין אלע מיינע גלידער.
זיך אויפגעהויבען האב איך — און אין פעלד אוועק —
נאך נאכגעגאנגען שטום איז הינטער מיר דער שרעק.

און ווען דער מזרח האָט גענומען ווערען רויטער, —
האָב איך דערזעהן דאָס בלאָס געזיכט פון מיין באַגלייטער.
און אויפ'ן אָרט, צעמישט, בין איך געבליבען שטעהן:
דערקאַנט אין מיין באַגלייטער האָב איך זיך אליין.

## מיין לעבען.

ווי דער פליהענדיגער פונק
פון דעם ברענענדיגען פלאַם,
איז מיין לעבען.

ווי דער בעטענדיגער רוף
פון די שיפען אויפ'ן ים, —
איז מיין לעבען.

## קינד און קייט.

גארבען, גארבען,
ווער וועט ארבען
מיינע גארבען
נאָך מיין טויט?
— קינד און קייט.

און די קווייטען
פון די בייטען
קווייטען, קווייטען
בלוטיג רויט?
— קינד און קייט.

ווענען פרעהען
מיינע וועהען,
ווענען פרעהען
וועט מיין טויט?
— קינד און קייט.

## י. סלאָנים

1.

ז[illegible]ינער, ווילדער פייער פון'ם זומער
האָט אויסגעברענט. א נעביל נאַס און שווער
האָט זיינע לעצטע פלאַמען אויסגעלאָשען
און אויסגעלייגט זיך ווי א טויטער מער...

איז ווער דאָ ביינאַכט ארומגעגאַנגען,
איינער ווי דער שאָטען פון דעם טוידט,
טרויעריג צו יעדען בוים געמורמעלט:
„באַלד וועט איהר שוין זיין דאָ איינגעשנייט...“

האָט א קראַנקער שרעק אויף אַלע ביימער
אויסגעשפּרייט זיך אין'ם פעלד און וואַלד,
געהט א גראָהער ווינט אויף בערג און טהאַלען,
טראָגט א זאַק מיט אַש און אָטהעמט קאַלט...

האָט דער גראָהער ווינט היינט נאַכט גענעכטיגט
ביי מיר אין הויז. א שרעק אויף מיר געוועהט.
דעם פייער אין מיין האַרץ האָט ער פארלאָשען
און הורבעם אַש ביי מיר אין האַרץ פאַרשפּרייט...

2.

נעכטען איז עפּעס געשעהן אין'ם וואַלד,
כאָטש קיינער האָט קיינעם געזעהן.
פריהמאָרגען האָט זיך א געיאָמער דערהערט,
דער וואַלד איז געווען אַזוי דאַר, אָפּגעצעהרט,

און יעטווידער בוים איז געשטאַנען פאַרטרעהרט,
און קיינער האָט קיינעם געזעהן.
עס זענען נאָר ריזיגע פוס־טריט
צווישען די ביימער געווען...

און שטיל איז איצט ווידער געוואָרען אין וואַלד,
די שטילקייט וואָס איז אַזוי שווער.
אפילו די קראָה האָט קיין לוסט צו געזאַנג,
און ס'דאַכט זיך אַז אַלץ איז שוין טויט אַזוי לאַנג.

און קיינער קומט מעהר ניט אהער.
דאך ווערען די ריזיגע פוס־טריט
אלץ מעהרער און מעהר...

3.

איך הער אין מיין גארטען די פוס־טריט פון ווינד.
ער וואקעלט זיך גלייך ווי א מענש וואס איז בלינד.
ער בלאנדזשעט ארום אויף די וועגען און שטעגען.
עס טריפט פון די אויגען איהם קאלט־גראהער רעגען...

איך צינד אן דעם גאז־לאמפ ביי מיר אין׳ם הויז,
ס׳ווערט ליכטיג, דאך ס׳געהט ניט דער אומעט ארויס.
איך הער אין דער שטילקייט א וויינענדע שטים.
איך זעה ניט דעם וויינער נאר ס׳הארץ גיט א גרים...

די בלומען אין גארטען זיי בויגען זיך איין,
די בוימער זיי פיהלען זיי מיט זייער פיין.
דער ווינד־רעגען פאלט אויף זיי אלע אראפ.
עס קריכען די האר זיי ארויס פון׳ם קאפ...

איך הער אין׳ם גארטען די פוס־טריט פון ווינד,
עס האט מיין נשמה דערפיהלט איהרע זינד.
איך הויב אן צו פייפען א לוסטיג געזאנג,
און הער אין מיין פייפען: ניט לאנג שוין, ניט לאנג.

איך געה צו צום פיאנא, פרואוו „רעג־טיים“ אויף איהר,
פיל ייכט וועט דער אומעט אנטלויפען פון מיר,
נאר כ׳הער אלץ אין גארטען די פוס־טריט פון ווינד.
עס האט מיין נשמה דערפיהלט איהרע זינד...

4.

שעהנע, לעצטע שעה׳ן פון׳ם שטארבענדיגען זומער,
שעהן איז אייער זיי־געזונד און שעהן איז אייער קומער.
ליעב האב איך אליין צו געהן דורך אלע פארק אלעען,
ווען פארביג־רייך און טרוימענד־שטיל די זומער־טעג פארגעהען,
ווען רויט־קאלירטע בלעטער הייבען אן אין לופט צו וועהען...

לאַנג קען ניט דער זומער מעהר מיט אונז, מיט אונז פאַרבלייבען,
ער הייבט שוין אויף זיין ווייטען וועג זיך לאַנגזאַם אַז צו קלייבען.
איך פיהל שוין אין מיין האַרץ אַז ער האָט שוין זיין האַרץ פאַרלאָרען,
איך הער זיין שטום געוויין... ער האָט זיין גליק שוין אַנגעוואָרען,
ווי איך האָב מיינע זומער־טעג, די שעהנסטע אַנגעוואָרען...

דאָך ליעב האָב איך אַליין צו געהן דורך אַלע פאַרק־אַלעען,
ווען פאַרביג־רייך און בייזקענדיג די זומער־טעג פאַרגעהען,
ווייל שעהן זיינען די שעה'ן פון'ם שטאַרבענדיגען זומער,
און שעהן איז זייער זיי־געזונד און שעהן איז זייער קומער.

5.

ס'איז איינער נעגאַנגען דאָ היינט פאַרנאַכט
טרויעריג־געבייגען,
מיט וויינענדע שאָטענס באַהאַלטען אין ברוסט,
מיט שרעק אין די אויגען...

אין געל־גראָה דער הימעל געוואָרען. אין געל
די לבנה פאַרשוואונדען,
האָט עפּעס אַז אומעט זיך שווער אויפגעפּרעסט
אַזוי־ווי אין וואונדען...

אין פּלוצלונג פון יעדווידער זייט פון'ם פעלד
אַ נעביל געקומען,
און שנעל איז געוואָרען דער הימעל, די ערד
מיט נעבלען פאַרנומען...

און איך בין אין נעבעל־געפּלאָנטער אריין,
פאַרשלונגען געוואָרען,
און איך האָב אין געל־גראָהען נעבעל־געמיש
מיין נשמה פאַרלאָרען...

## ג. גראַפשטיין.

### וויזיאָנען.

I

שוואַרצע שמעטערלינגען
מאַכט א קרייץ אויף מיינע אויגען,
לאָזט אזוי מיך ליגען,
זאָל די בייזע שעה מיך וויגען
אויפ'ן שוואַרצען פייער.
א דערלייזטער וויל איך ליגען
אויפ'ן אש פון פייער.
וויזיאָנען
וויזיאָנען.

II

הארציג לייכטע גוטע רייד
קומען פון דיין מויל ארויס,
שפּרייטען ליכט און שטילע פרייד
אין די ווינקלען פונ'ם הויז.

דורך די הערצער, שמאָל און לאַנג
ציהט זיך אזא דין געמיט,
רוהיגט איין, ווי לייכט געטראַנק
אונזער ביטער בלוט וואָס גליהט.

III

מיט דער גלויביגקייט פון איהרע פרומע אויגען,
בעט איך גרויסער גאָט ביי דיר:
צו דער גלויביגקייט פון איהרע פרומע אויגען,
האַלט מיך נעהענטער צו איהר.

מיט דער גלויביגקייט פון איהרע פרומע אויגען,
קוק איך יעדען אין געזיכט;
דורך דער גלויביגקייט פון איהרע פרומע אויגען,
שיינט דיין גאנצע וועלט אין ליכט . . .

## IV

א בליץ און א דונער,
א ווינט און א רעגען
און עפּעס א גוטסקייט
אין הארצען נעט רעגען.

אָט גלאנצט אויף פון ווייטען
אין רעגענדען שימער
א כוואליעדיג וואסער
און איך בין דער שווימער.

און צווייגען און בלעטער
פארשווימען אין ווייטען,
עס ווילט זיך אזוי מיר
דעם זומער באגלייטען.

## ב. ביאלאָסטאָצקי.

דעם פּויער׳ס ליד.

גאָט וועט מיין פעלד ניט לאָזען וויסט.

דער אקער בליציג־שאַרף איז גרייט,
דער אָקס אין שטאָל אַ זאַטער שטעהט
און ציהט די פיס צום אקער־שטעג . . .
עס האָט מיין ערד דורך הונגער־טעג
פארשלונגען און אין זיך פארדייט
דאָס ביסעל וואַרימע פעטע מיסט,
וואָס איך האָב מיט מיין האנט פארשפּרייט
אויף יעדען פּאַס, אויף יעדען בייט.

גאָט וועט מיין פעלד ניט לאָזען וויסט.

באלד קומט א וואָלקען אָן פון ווייט,
א שפע פאַלט מיט יעדען טראָפּ
אויף מיין צעאַקערט פעלד אראָפּ.
עס קרעהט מיין האָהן אין מאָרגען־שטונד,
עס בילט א פריידיגער דער הונט.
גלייך מיט׳ן ברויט — וואַקסט אויס מיין קינד.
מיין ווייב געהט אום אין שטוב, אין הויף
און הויבט די אויגען פרום ארויף —
זאָל ער פון זינד אונז וואַשען ריין,

און ניט אומגישט און ניט אומזיסט
זאָל אונזער שווערער טאָג פארגעהן . . .

גאָט וועט מיין פעלד ניט לאָזען וויסט.

דער ברוינער שמעטערלינג.

באַרוהיגט, רוהיג ווי די נאַכט, געווען איז מיין געמיט,
ווי ס'טרעפט אַמאָל אין קיהלע, שטילע זומערדיגע נעכט.
בין איך אין הויז אריין מיט לייכטע זינגענדיגע טריט,
מיין לאָמפּ מיר אָנגעצונדען — און ס'האָט א העלער שיין
באַלויכטען מיינע ווענט, ווי ס'וואָלט יום־טוב זיין.
איז מיט אמאָל פון גאַס, פון גאָט — ווער ווייס פון וואַן' —
אַ קליינער, ברוינער שמעטערלינג צו מיר אריינגעפלויגען,
האָט איינס און צוויי און דריי געשווינדעלט פאַר די אויגען
און נעהענטער אַלץ נעהענטער געצאַפּעלט זיך ביים שיין.
און נאָכדעם, ווי אנטוישט — געבליבען שטעהן —
ביים שפּיגעל אויפ'ן וואַנט
מיט פליגעלעך צעשפּרייט.
געוועזען איז מיר אויפ'ן האַרצען גרינג און גוט,
און רוהיג — ווי די נאַכט — געאָטעמט האָט מיין בלוט,
אוי, שמעטערלינג אין דער נאַכט, —
פאַראייגזאַמטער, זיך צאַפּלענדער, פאַרבלאָנזשעטער אהער,
פאַרוואָס איז מיר געוואָרען אומעטיג און שווער
ווען ס'איז דער קליינער, ברוינער שמעטערלינג צו מיר אריין
דערזעהענדיג אין נאַכט מיין זומערדיגען שיין?
אודאי האָט ער זיך אויף וועג און שטעג געצאַפּעלט לאַנג
זייט זון־פאַרגאַנג —
אַלץ זוכענדיג א שיין,
נו, איז ער איצט צו מיר אריין,
האָט איינס און צוויי און דריי געשווינדעלט פאַר די אויגען
און נאָכדעם אין א ווינקעל שטיל פאַרפלויגען
ביים שפּיגעל אויפ'ן וואַנט
מיט פליגעלעך צעשפּרייט.

ווער האָט אין זומער־שעה דעם אומרוה מיר געבראַכט?
אוי, קליינער, ברוינער שמעטערלינג, אין נאַכט. . .

פנחס יאַסינאָווסקי:

אידישע מעלאָדיען.

י. טאפעל:

מאָדערניזם.

א ביֵלד פון א טויטען פערד.

## פּנחס יאַסינאָווסקי :

### אידישע מעלאָדיען.

די גרעסטע שאַפונג פון אונזער פאָלק אין גלות איז זיכער די היינטיגע אידישע שפּראַך, — שוין דערמיט אליין וואָס זי באַווייזט אַז מיר האָבען אייגענאַרטיגע פּסיכיש מוזיקאַלישע רעגונגען. וואָרים עס זענען די פּסיכאָלאָגיש מוזיקאַלישע רעגונגען, וואָס צווינגען אַ פאָלק אויסצואַרבייטען זיין שפּראַך אַזוי און ניט אַנדערש. און זייענדיג אַ פאָלק מיט אַן אייגענאַרטיגען טעמפּאָ, האָבען מיר, און וואָלטען במילא, אירגענד וועלכע שפּראַך געמוזט ברענגען צו אַזוינע קלאַנגען וואָס זאָלען אָפּענטפערען די אייגענאַרטיגע רעגונגען פון אונזער נשמה. און עס איז דערפאַר גאַנץ נאַטירליך, אַז אַ פאָלק, וואָס האָט פאַר זיך אויסגעבילדעט אַזא אייגענאַרטיגע שפּראַך, זאָל פאַר זיך אויך אויסבילדען אייגענאַרטיגע מעלאָדיען און פאָלקלידער.

פון דערסטוועגען, ווען דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין האָט ביי אונז ערוואַכט, און ביי דעם איבערשאַצען די נאַציאָנאַלע ווערטען איז אויך אַנטדעקט געוואָרען דער גרויסער אוצר פון אונזערע פאָלקטימליכע מעלאָדיען; און די יונגע אידישע מוזיקער, די סטודענטען פון דער פּעטערבורגער קייזערליכער קאָנסערוואַטאָריע, האָבען זיך גענומען זאַמלען אידישע מאָטיווען, זיי האַרמאָניזירען, זיי צוגעבען נייע פאָרמען און זיי ברענגען פאַר דער עפענטליכקייט. זענען די מעלאָדיען, אינאייגעם מיט די, וואָס האָבען זיי געבראַכט פאַר דער וועלט, שטאַרק אַטאַקירט געוואָרען פון אַלע זייטען.

צווישען די אַטאַקירער זענען אויך געווען פילע פּראָמינענטע קריטיקער. און אויך אַזא ערנסטער מענש, ווי דער באַוואוסטער, ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר פון דער דערמאָנטער קאָנסערוואַטאָריע, סאַקעט, האָט דאַן געפונען פאַר נויטיג צו ווענדען זיך צו אונז, די יונגע אידישע מוזיקער, די סטודענטען פון דער קאָנסערוואַטאָריע,

און אונז, ווי א געטרייער לערער, וואָרענען, אז אונזער מיה איז אומזיסט, אז דאָס וועט ניט ברענגען די געווינשטע רעזולטאטען, אז דאָס אידישע ליד וועט ניט רייכער מאכען די אוניווערזאלע מוזיק, וואָרים עס איז ניט אייגענארטיג. אז אפשר האָבען די אידען אמאָל געהאט אייגענאר־טיגע מוזיק, אָבער זינט זיי זענען פארטריבען געוואָרען פון זייער אייגען לאנד האָבען זיי גענומען זינגען די לידער פון פרעמדע.

אודאי האָט מען קעגען אזוינע טענות געקאָנט ארויסשטעלען אָהן א שיעור תירוצים. מען וואָלט זיך איבערהויפּט גענוג געקאָנט אָנלעהנען אָן דעם פאקט, אז די אידישע מעלאָדיען זענען פאָרט אנדערש, ווי די מעלאָדיען פון אנדערע פעלקער, און אז אויב עס איז אפילו דאָ א געוויסער אמת אין דעם, אז זייענדיג צווישען פרעמדע פעלקער זינגען מיר אויך פרעמדע לידער, איז אָבער דאָס אומענדליך רייך און פארביג אידישע ליד גענוג צו באווייזען, אז דאָס אלץ האָט אונז ניט געשטערט, מיר זאָלען אונטער דעם איינפלוס פון די פרעמדע פעלקער אנטוויקלען אונזער אייגענטימליך אידיש ליד.

אָבער דער איינפלוס פון אזא ערנסטען מוזיקער ווי סאקעט, איז פאָרט געווען גרויס און דאָס האָט צום באדויערען געבראכט צו דעם אז א סך פון די יונגע אידישע מוזיקער האָבען זיך דערשראָקען, זענען אנטוישט געוואָרען און האָבען פארלאָזט דאָס פעלד. אייניגע זענען אָבער פאָרט געבליבען געטריי צו זייער גלויבען אין דעם אידישען פאָלקגייסט און האָבען מיט איבערגעבענהייט פאָרטגעזעצט זייער ארבייט, ניט אכטענדיג אויף אלע שטערונגען, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו באגע־גענען אויף זייער שווערען וועג.

איין צעהנדליג יאָהר איז אריבער, און מען קאָן זיך איצט גאנץ קלאָר אָפּגעבען א חשבון וואָס די עטליכע איבערגעבליבענע עקשנים האָבען אויפגעטאָן אין אזא צימליך קורצער צייט. צו וואָס פאר א שטאנד מען האָט געבראכט דאָס פארשריגענע אידישע ליד. די אלע פאָראויסגע־זאָגטע נביאות זענען געוואָרען צו גאָרנישט, אפילו דער אויבענדער־מאָנטער פראָפעסאָר סאקעט, צוזעהענדיג דעם אנטוויקלונגגאנג פון דעם אידישען ליד, האָט אין דער עפענטליכקייט צוריקגעצויגען זיין אמאָליגע דערקלערונג. ער האָט נאָכדעם אליין געמוזט צוגעבען, אז דאָס אידישע ליד איז אייגענארטיג און האָט פאר זיך א גרויסע צוקונפט. און ניט נאָר

סאקעט, נאָר רימסקי־קאָרסאקאָוו, די הויפּט פיגור פון דער רוסישער מוזיקאַלישער וועלט און פון דער רוסישער שקאָלע, דער געניאַלער טעאָרעטיקער און קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט אליין אָפּטמאָל געשריבען זיינע ווערק אויף אידישע נגונים, פלעגט זיך נאָכדעם זעהר אָפט ווענדען צו אונז מיט די ווערטער: — געדענקט, אז אייער אידישע מוזיק טראָגט מיט זיך זעהר גרויסע מעגליכקייטען! געדענקט, אז די אידישע מוזיק ווארט נאָך אויף דעם אידישען גלינקאָ. (גלינקאָ איז דאָס געווען דער, וואָס האָט געלעגט דעם פונדאמענט פאר דער רוסישער מוזיק. און איז אויך געווען דער ערשטער קאָמפּאָזיטאָר ביי די רוסען וואָס האָט הויפּט־זעכליך געשריבען זיינע ווערק און אָפּערען אויף רוסישע פאָלקטעמען.

שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די פריהערדיגע פארזיכערונג אין דעם, אז די אידען האָבען ניט קיין אייגענע מוזיק, האָבען אונזערע פּראָפעסאָרען און קריטיקער אייגענטליך דערגרייכט דורך אן ערנסטען שטודיום, נאָר דאָס מאטעריאל וואָס איז זיי געקומען צו דער האנט האָט זיי פארפיהרט און אָפּגענארט. — ברענגען צו זיך דאָס גאנצע פאָלק וואָס זינגט ביי זיינע טאָג טעגליכע באשעפטיגונגען, וואָס זינגט זמירות ביי זיינע שבת׳דיגע און יום־טוב׳דיגע טישען, וואָס זינגט ביים גמרה לערנען, וואָס זינגט ביים דאווגען, האָט מען דאָך ניט געקאָנט, האָט מען זיך אָבער אזא עצה געגעבען, מען האָט צו זיך געשיקט רופען דעם אָפיציעלען פארשטעהער פון אידישער נגינה, דעם חזן. און ווען דער חזן איז געקומען (חזן רעסעק, פון דער פּעטערבורגער קהלה) און האָט פאר זיך דערזעהען א טריבונאל פון אזוינע גרויסע וועלט באַ־ריהמטע פּראָפעסאָרען און מוזיקער ווי ליאַדיאָוו, סאקעט און פילע אנדערע, האָט ער פאר זיי אוועקגעלעגט די בעסטע פּאַרטיטורען פון לעוואנדאָווסקי און זאלדער, זאכען וואָס זענען לכתחילה געשריבען געוואָרען פאר די דייטשע רעפאָרמירטע טעמפּלען, אָבער ניט דעם „בעל תפילה“ און פארשטעהט זיך, אז פאר אזוינע הערען האָט זיך נאָך זיין מיינונג ניט געפּאסט אוועקצושטעלען זינגען די אלטע אידישע נסחאות, וואָס זענען אפילו אין ערגעץ ניט פארשריבען!

און אָט אויף אזוינע אויספאָרשונגען, האָבען דאָס דעמאָלט פילע פון דער מוזיקאַלישער וועלט געהאט באשלאָסען אז מיר האָבען ניט

קיין מוזיק, אז מיר זינגען נאָך פרעמדע. און זיי פאָלגען נאָך ביז היינט נאָך א סך פון אונזערע, צום באדויערען, חזנים.

עס איז מערקווירדיג, ווי די חזנים שפּילען דאָס שטענדיג די רעאקציאָנערע ראָל אין דער אנטוויקלונג פון אונזער פאָלקמוזיק. צי דאָס איז דערפאר וואָס עס איז שוין אזא געזעץ אז די „היילינגע" דארפען זיין רעאקציאָנער, אָדער דאָס איז דערפאר וואָס זיי קאָנען איינפאך ניט צוזעהן דעם גרויסען ערפאָלג וואָס ווערט געמאכט אהן זייער מיטווירקונג, אָבער עס איז סיי ווי סיי זעהר נאָהענט דער טאָג ווען די גאנצע וועלט וועט דערהערען מיט פרייד די שעהנע רייכע מעלאָדיען וואָס דאָס אידישע פאָלק האלט אין שאפען.

און די שולד קאָן זיין, דארף מען איבערהויפּט ניט ווארפען אויף קיינעם. פונקט ווי מען דארף ניט באשולדיגען די רוסען, וואָס האָבען אין דער צייט פון יעקאטערינא דער גרויסער געוואָלט דוקא נאָר רעדען דייטש און אנדערע שפּראכען נאָר ניט רוסיש, אָדער ווי די דייטשען וואָס האָבען אין זייער צייט דוקא נאָר געוואָלט רעדען פראנצויזיש און ניט זייער אייגענער שפּראך. — עס איז אזא צייט געווען.

## די ערשטע טרעגער פון אונזער פאָלקליד

דאָס פאָלק געוועהנליך וועבט זיך זיינע לידער פאר זיך, פאר זיינע ליידען און פריידען, און ערשט נאָכדעם קומען אויף די טרעגער פון דעם ליד.

ביי אונז זענען די ערשטע טרעגער געווען אזוינע גראמענמאכער און זינגער, וואָס פלעגען פון פאָלק גערופען ווערען „פאָרשטעלער" און „משוגע'מאכער". דער „פאָרשטעלען" און „משוגע'מאכען" איז באַשטאנען אין דעם, וואָס דער זינגער פלעגט זיך אָנטאָן ווי א גוי, ווי א שכור, צו להבדיל, ווי א גוטער איד א. א. וו. דער זינגער פלעגט דאָס דערגרייכען דורך אָנטשעפּען א באָרד, דורך אויפשטעלען דעם קאָלנער און דורך אויסשמירען זיך דאָס פּנים מיט סאזשע פון קוימען. צווישען אָט די זינגער משוגע'מאכער, האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס זענען מיט דער צייט באריהמט געוואָרען ביים עולם. ווי למשל: „ארעלע דער משוגענער", „מרדכי'לע דער משוגענער" און א. וו.

זיי זענען מעהרסטענס געווען וואנדערענדיגע נאטורען; זיי פלעגען ארומגעהן פון שטאדט צו שטאדט „פראווען זייערע שטיק“ און יעדעס שטעדטעל פלעגט ביי זייער אנקומען אויפגעטרייסעלט ווערען פון פרייד, און נאך זייער אוועקגעהן פלעגט יעדעס שטעדטעל באריייכערט ווערען מיט נייע געזאנגען און לידער. אט א די וואנדערענדיגע גראמענמאכער, פארשטעלער זענען געווען אונזערע „מייסטער זינגער“. זיי זענען ניט נאר געווען די טרעגער און באריייכערער פון אונזערע פאלקלידער, נאר זיי האבען אויך געלעגט די גרונטשטיינער פאר דעם אידישען טעאטער. זיי זענען דאס אויך געווען די פארגענגער פון די צונזערס, די גאלד־פאדענס און איך מיין, אז מען מעג מיט זיכערהייט זאגען, אז זיי זענען דאס דער אמת'ער אנהויב פון דער איצטיגער אידישער ליטע־ראטור. דורך זיי האט זיך דאס גענומען דורכברעכען דאס ריין אידיש־שעפערישע, אין ווארט און אין קלאנג, אלס א קולט, אלס א קונסט.

אן אנדער, אויך פאלקטימליכער שטראם, וואס האט פיל געהאלפען צו באפרוכפערען דעם באדען פון דעם אידישען ליד, איז געווען אן אנדער מין גראמענמאכער, דער בדחן. צווישען די בדחנים זענען זיכער געווען א סך באגאבטע מענשען, און דער עולם האט זיי זעהר ליב געהאט. זיי פלעגען איינגעלאדען ווערען אויף פארשידענע אידישע שמחות און ביי א קנס־מאל אדער א חתונה פלעגט דער בדחן אפט דארפען אימפראוויזירען די ווערטער מיט דער נגינה אויפ'ן שטעל. דער זינגער אימפראוויזאטאר פלעגט נאך דערביי אפט באגלייט ווערען פון דעם סאליסט — דעם פידלער, וואס איז געווען דער בעסטער מוזיקאנט פון דער קאפעליע. דער פידלער פלעגט דארפען באגלייטען דעם זינ־גער מיט וואריאציעס אויף דער אימפראוויזירטער מעלאדיע און דערביי אליין אויך אימפראוויזירען. און דערביי פלעגען נאטירליך, אפט גע־בוירען ווערען זאכען, וואס דאס שטעדטעל פלעגט נאכדעם לאנג נאכ־זינגען, אמאל פארצווייגענדיג דעם אריגינאל, אדער אפילו ענדערענ־דיג, ביז עס איז פון דעם אויסגעוואקסען א נאטירליך אידיש פאלקליד.

עס קאן אבער גאר קיין צווייפעל ניט זיין, אז דער חסידיזם, וואס איז געווען איינע פון די ליכטיגסטע ערשיינונגען אין דעם לעבען פון אונזער פאלק, האט פיל מיטגעהאלפען דעם אידישען ליד, דער אידישער נגינה — דער מוזיק. די הייליגע ליכטיגקייט פון דעם רבינ'ס פער־

זענליכקייט, די גרויסע התלהבות'דיגע איבערגעבענקייט צו איהם פון זיינע חסידים, דער איבערגעשטראַלטער עקסטאַז פון דער גאַנצער באַוועגונג, וואָס האָט געצונדען די הערצער פון פאָלק מיט א הייליגער פריידיגקייט, האָט זיך אויסגעגאָסען אין נגונים פון א זעהר טיפען מיסטעריעזען אינהאַלט. און זעהר אָפט פלעגען חסידים קומען אהיים מיט א ניי זמר'ל, אין וועלכען עס האָט זיך געדעגט פרייד און הייליגקייט, טיפע כוונות און אָנגעצונדענע פאַרלאַנגען. און אַזוי זענען אָפט געשאַפען געוואָרען פאַרצווייגטע קאָמפּאָזיציעס, נגונים מיט און אָהן ווערטער. אַזוינע נגונים פלעגען טראָגען די נעמען פון די רביים וואָס האָבען זיי געשאַפען. ווי למשל: רב נחמנ'ס נגון, דעם בערדיטשעווער'ס נגונים, און אַזוי ווייטער.

דער בערדיטשעווער, — רב לוי יצחק בערדיטשעווער, — איז איבערהויפּט געווען איינער פון די וואונדערבאַרסטע פּערזענליכקייטען, וואָס דער חסידיזם האָט ארויסגעגעבען. ער איז געווען די ליכטיגסטע איבערגעשטראַלטע פאַרקערפּערונג פון דעם איינפאַכען פאָלקסטימליכען גלויבען. ער האָט פאַר דעם פאָלק און פאַר גאָט ניט נאָר „געזאָגט" תורה און דערצעהלט מעשיות, נאָר אויך לידער געזונגען, לידער מיט ווערטער, וואָס אָטעמען מיט איבערצייגטען גלויבען. דער וועג צווישען איהם און גאָט איז געווען זעהר א קורצער און אַן איינפאַכער. אין איינעם פון זיינע, ווייזט אוים ערב יום־נוראים'דיגע לידער, ווענדט ער זיך צו גאָט אַזוי:

רבונו של עולם, ווייסטו וואָס איך בין צו דיר געקומען?
איך בין געקומען מיט דיר מאַכען א בייט.
מיינסטו אפשר, אז איך וועל מאַכען מיט דיר א גוט געשעפט,
האָסטו א טעות. —
דער בייט אונזערער וועט זיין ניט קיין גלייכער. —
איך וועל דיר געבען חטאים ועונות ופשעים, טאַטעניו,
זאָלסטו מיר געבען בנים, חיים ומזונות, גאָטעניו.
אי וועסטו מיך פרעגען אויף וואָס דאַרף איך דאָס?
זאָג איך דיר, אז אלץ פון דיינעטוועגען. —
בנים עוסקים בתורה, טאַטעניו!

חיים, — חי, חי יודיך ה׳!
ומזונות, דארף איך, ווייל דו אליין זאָגסט דאָך:
„ואכלת ושבעת וברכת“, טאטעניו!
און אנאנדער ליד ווענדט ער זיך צו גאָט ווי א פאסטוך מיט א „דודע“:
רבונו של עולם! איך וועל דיר א דו־דו שפּילען.
דו־דו, דו — דו, דו־דו.

איפה אמצאך — א וואו וועל איך דיך געפינען?
איפה לא אמצאך — און א וואו וועל איך דיך ניט געפינען?
אז אומעטום ביסטו דאָ, אלץ דו, רק דו, נאָר דו,
דו־דו! — — — —
דו־דו דו־דו, דו־דו!

איז עמיצען חלילה שלעכט — דו.
און טאָמער גוט אודאי — דו.
אלץ דו, רק דו, נאָר דו, דו, דו,
דו, — דו, — דו, — דו, — דו,

מזרח — דו, מעריב — דו, צפון — דו, דרום — דו,
דו, — דו, — דו, — דו, — דו,

מעלה — דו, מעטה — דו, אומעטום ביסטו דאָ
דו, — דו, — דו, — דו, — דו,

דער חסידיזם פלעגט געוועגליך אויסגעלאכט ווערען פון די „פאַר־שטעלער“ און „משוגע׳מאכער“, וועלכע זענען לויט זייער נאטור נאָך געווען וואוילע יונגען. האָבען דארויף די חסידים געענטפערט אויף זייער אופן:

ווי למשל:
קום אהער דו פילאָזאָף
מיט דיין קעצישען מח׳על.

קום אהער צום רבינ'ס טיש
און נעם זיך אָן מיט שכל.

א דאמף־שיף האָט ער אויסגעטראכט
און ער נעמט זיך דערמיט איבער,
דער רבי שפרייט זיין טיכעל אויס
און ער שפאנט דעם ים אריבער.

און נאָך אזוינע ענליכע לידער. און אזוי ארום זענען אין פארשי־דענע עפּאָכען ביי אונז באשאפען געוואָרען פארשידענע קאמפּלידער מיט גוטען קינסטלערישען געשמאק און רייכען מוזיקאלישען אינהאלט.

עס זענען ביי אונז אויך געווען בעל דרשנ'ס, וואָס פלעגען ליב האָבען צו זינגען א „שיר המעלות" איידער זיי האָבען אָנגעהויבען זייער דרשה, דאָס איז געווען א מין צורוף צום עולם, א מין צוגרייטען איהם דורך א הארציג, ריהרענדיג אידיש ליד וואו די העברעאישע ווערטער פלעגען גלייך אין דעם ליד אָפּגעטייטשט ווערען אין אידיש, ניט נאָך זייער איינפאכען טייטש, נאָר לויט דעם זין, וואָס דער בעל דרשן האָט פון זיי געוואָלט ארויסקריגען.

אָט האָט איהר א ביישפּיל פון אזא ליד, וואָס איז נאָך אגב ביז איצט אין ערגעץ ניט געדרוקט געוואָרען:

שיר המעלות, — א געזאנג מיט מעלות.
ס'איז א פלא'דיגער געזאנג —
פלא, פלאי, פלאים.
הני, — עס איז דאָך א וואונדער,
הני, — עס איז דאָך א פלא.
ברכו את ה',
ברכו את ה',
בלילות — ביינאכט,
בלילות — אין דער פינסטערניש,
בלילות — אין גלות.

עס האָבען פארשטעהט זיך ביי אונז אויך ניט געפעהלט קיין

סענטימענטאַלע און טראַגישע ליבעלידער, ווי צום ביישפּיל א ליד, וואָס הויבט זיך אָן מיט:

איך האָב געליבט א מיידעלע פון אכצען יאָהר,
איך האָב איהר געליבט צייט פיר יאָהר.

און ענדיגט זיך מיט:

אויפ'ן קבר וואַקסט אויס א בוים
און אויפ'ן בוים א צווייג
און אויפ'ן צווייג שטעהט אָנגעשריבען,
צוויי געליבטע טוען אין קבר ליגען.

אָדער א ליד פון א שכור שוין אין דער צייט פון דעם מאָנאָפּאָל:

צייט דער מאָנאָפּאָל איז אויף דער וועלט,
בין איך אויף איהר אין כעס:
זי קאָסט מיך אָפּ מיין גאַנצע געלט,
און טרינקען, טרינק איך אויפ'ן גאַס.
א. א. וו.

## אלי אלי

די פּיאָנערען ארבייט פון ברענגען דאָס אידישע ליד פאַר דער עפענטליכקייט, האָט זיך אָנגעהויבען אין מזרח אייראָפּא. לעאָ ווינץ, האָט אין בערלין, געזאַמעלט הארמאָניזירטע אידישע פאָלקלידער, און האָט זיי דאָרט געדרוקט אין זיין מאָנאַטליכען זשורנאַל, „אָסט און וועסט". און אין א קורצער צייט נאָכדעם האָט ער אויך אָנגעהויבען אראַנזשירען קאָנצערטען פון אידישע פאָלקלידער איבער'ן גאַנצען לאַנד. אויף איהם קוקענדיג האָט זיך אויך אין מאָסקווע, יוליע ענגעל, גענומען זאַמלען און דרוקען הארמאָניזירטע אידישע פאָלקלידער. די ארבייטען פון דיביידע האָבען געבראַכט דערצו אז אין 1908 האָבען זיך אין פּעטערבורג פאַרזאַמעלט א גרופּע אידישע טאָן־קינסטלער און האָבען אונטער דער איניציאַטיווע פון דעם פּיאַניסט ל. נעסווישקי, געגרינדעט א געזעלשאַפט אונטער דעם נאָמען „געזעלשאַפט פון אידישער פאָלק־מוזיק". די געזעלשאַפט האָט גלייך געוואונען די סימפּאַטיען פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד און די שטיצע פון גרויסע

אידישע מעצענאַטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען דער פּעטערבורגער באראָן גאָראַביאָ גינסבורג און דערנאָך זיין זוהן — דוד גינסבורג. דאָס האָט דער געזעלשאַפט געגעבען די מעגליכקייט צו אָרגאַניזירען עקספּעדיציעס און קאָנצערטען און זיי ארויסשיקען איבער דער וועלט צו זינגען און זאַמלען אידישע לידער. צווישען די פילע לידער, וואָס זענען דעמאָלט געזאַמעלט געוואָרען איז אויך אריינגעפאַלען דאָס איצט באריהמט געוואָרענע ליד „אלי אלי". און פון דעמאָלט פאַנגט זיך אָנ אָן די וואונדערבארע געשיכטע פון דיזען ליד, וועלכען עס איז באשערט געווען צו ווערען דאָס פּאָפּולערסטע ליד ביי אַלע אידישע קאָנצערטען און איצט אויך ביי די קאָנערטען פון די אומות העולם.

און אָט פארוואָס דאָס ליד איז אזוי פּאָפּולער געוואָרען. — צום אַלעם ערשטען ציהט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט דער נאָמען אליין. דאָס האָט זעהר א סך צו זאָגען. „אלי אלי למה עזבתנו", איז פּאָפּולער צווישען אונז אידען ווייל דאָס איז א פּסוק אין איינעם פון די באַליבטסטע קאַפּיטלעך תהילים און איז אויך פארבונדען מיט דעם אינטערעס פון דעם ניט אידען, ווייל דאָס זענען די לעצטע ווערטער וואָס יעזוס האָט אויסגעשריען אויפ'ן קרייץ. (אנדערע ווילען האָבען אז ער האָט אויסגעשריען „אלי אלי למה זבחתנו", אין אראמיש וואָס איז דאַן געווען די אידישע שפּראַך.)

דאָס ליד דאַרף אַלט זיין א יאָהר פינף־זעקס און צוואַנציג, און ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דאָס ליד איז געשריבען געוואָרען דאָ אין דער נייער וועלט, פאַר'ן היגען אידישען טעאַטער, האָט דאָס אָבער באַקומען דעם תקון אין דער אַלטער היים, אין רוסלאַנד, ערשט פופצען יאָהר שפּעטער.

צום טעאַטער האָט מען דאָס ליד צוגעטשעפּעט אויף אזא אופן. הער הורוויטש האָט דאַן אָנגעשריבען א פּיעסע מיט'ן נאָמען „ברכה". אין דער פּיעסע קומט פאָר ווי א מיידעל ברכה, ווערט געצוואונגען פון די פּאָליאַקען צו שמד'ען זיך. די אידישע טאָכטער איז אָבער גרייט צו שטאַרבען פאַר איהר גלויבען און ווען די פּאָליאַקען פיהרען זי צו קרייציגען זינגט זי אין איהר פארצווייפלונג „אלי אלי למה עזבתנו". און אזוי ווי די צייט ווען דאָס ליד איז געפונען געוואָרען איז נאָך

דערצו פאר די אידען אין רוסלאנד געווען א זעהר שרעקליכע: א צייט פון שווערע ליידען, פון פארפאָלגונגען און פּאָגראָמען, האָט דאָס דאָזיגע ליד דערפאר גיכער אפּעלירט צום אידישען געמיט ווי פילע אנדערע, מוזיקאליש און ליטעראריש וויכטיגערע לידער. און דערצו דארף מען נאָך געדענקען דעם כלל אז א אידיש ליד וואָס איז געשריבען נאָכ'ן נוסח פון אונזערע תפילות אפּעלירט איבערהויפּט זעהר לייכט צו אידען. אין דער הינזיכט זענען מיר גאנץ אנדערש פון די אנדערע פעלקער. ביי די אנדערע פעלקער, ביי די דייטשען צום ביישפּיעל, האָט לוטער אריינגעבראכט די פאָלק פאָרוויילונג לידער אין דער קירך כדי דער עולם זאָל זיך מיט מעהר אינטערעס צוהערען צו זיינע קירכליכע תפילות און זאָל זיי נאָכדעם קאָנען לייכט נאָכזינגען. ביי אונז אָבער, ביי דעם פאָלק, וואָס האָט געגעבען דער וועלט א רעליגיאָן האָבען נאָר די ערשטע טעאטער דירעקטאָרען געמוזט אריינגעמען אין זייערע פּיעסען אידישע תפילה מעלאָדיען כדי דער עולם זאָל חשק האָבען צו געהן אין טעאטער, כדי ער זאָל נאָכדעם קאָנען לייכט נאָכזינגען די פאָלק, אָדער פאָלקטימליך געשריבענע לידער.

אברהם גאָלדפאדען, דער מענש מיט'ן פיינעם חוש פאר דעם, וואָס איז אייגענטימליך אידיש, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָס קלאָר געפיהלט און פארשטאנען, און דערפאר איז ער טאקע מיט רעכט פאר־רעכענט פאר דעם אמת'ן גרינדער פון דעם אידישען טעאטער.

אָט דער אידישער פארלאנג נאָך תפילה'דיגס אין די טעגליכע פארוויילונגען האָט אגב צום גליק אָדער צום אומגליק, אויך געבראכט דערצו, אז די אלע ווייטערדיגע מוזיקער פון אידישען טעאטער, פון דעם דיריזשאָר ביז צום לעצטען כאָריסט און אויך די אקטיאָרען זענען צו־נויפגעשטעלט געוואָרען פון מענשען וואָס האָבען זייערע קינדעריאָהרען פארבראכט אלס משוררים ביי די חזנים, וואָרים זיי איז דאָס געווען לייכטער פון יעדען אנדערען צו נעמען דעם עולם דורך זייער זינגען די לידער פון דעם טעאטער שטיק מיט די מעלאָדיען פון אונזערע תפילות ביים דאווענען.

עס איז פאראן נאָך א סיבה פאר וואָס „אלי אלי" איז אזוי לייכט געוואָרען פּאָפּולער. ניט קוקענדיג דערויף וואָס צווישען די יונגע לייט וואָס האָבען צונויפגעשטעלט די „אידישע געזעלשאפט פאר פאָלקס

מוזיק", זענען געווען מענשען מיט גרויסע קענטעניש‏ען, זענען אָבער במעט די גאנצע חברה געווען ווייט פון דעם אידישען גייסט און פון דער אידישער פאָלק־נשמה. איך מיין צו זאָגען, אז צווישען זיי זענען געווען וועניג אמת אידישע פאָלקס מענשען, און דערצו האָבען זיי, נאָך מיין מיינונג, געליטען פון דעם פעהלער, וואָס זיי האָבען געוואָלט אלע זייערע קענטענישען אריינשפארען אין א קליין פאָלקלידעל פון עטליכע טאקטען, דערביי ניט שאדענדיג און ניט פיהלענדיג ווי געהעריג דאָס פראָבלעם פון דעם ליד. אין אנדערע לידער ווידער, האָט ביי זיי דער רעאליזם אריבערגעשטייגט אלע גרעניצען, אזוי אז דאָס גייסטיג רע־ליגיעזע, וואָס דער איד פארלאנגט אזוי אָפט פון זיין ליד איז אָפט פארלוירען געגאנגען. „אלי אלי" אָבער, איז באשערט געווען אריינצופאלען אין די הענט פון מיין חבר שאליט, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען צו אראנזשירען דאָס ליד מיט געשמאק, און דאָס אלץ האָט זעהר פיל מיטגעהאָלפען צו דעם קאָלאָסאלען ערפאָלג פון דעם ליד. דער ערפאָלג איז געווען אזוי גרויס אז די פעטערבורגער געזעלשאפט פאר דער אי־דישער פאָלקמוזיק, דורך וועמעס מיה דאָס ליד איז געבראכט גע־וואָרען פאר דער עפענטליכקייט, האָט דאָס נאָכדעם פארבאָטען צו זינגען אויף איהרע ווייטערדיגע קאָנצערטען. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. צי „אלי אלי" איז געווען אויפ'ן פראָגראם צי ניט, זינגען האָט מען דאָס געמוזט, אזוי האָט דאָס פובליקום פארלאנגט.

אָבער שטעלט מען ערנסט די פראגע, צי איז טאקע „אלי אלי" אונזער שענסט ליד? איז דאָס טאקע דער פערעל פון דער אידישער מוזיק? דאן ענטפער איך, ניין! „אלי אלי" איז פון די ניט געלונגענע לידער אונזערע, סיי אין מוזיקאלישען זין, סיי אין ליטערארישען שטאנד. נאריש איז דער אינהאלט פון דער אזוי גערופענער פאָעזיע, און צו איינטאָניג און לאנגווייליג איז די מעלאָדיע. און שטעל איך געגען איהם אוועק, דאָס יאָך ביז איצט אין ערגעץ ניט פארעפענטליכט ליד, דעם בעל דרשנ'ס „שיר המעלות", וואָס איך דרוק דאָ צום סוף פון דעם דאָזיגען ארטיקעל אינאיינעם מיט דער מוזיק, בין איך זיכער, אז יעדער מוזיקער וועט מוזען צוגעבען אז „אלי אלי" איז בלאָס אנטקעגען דעם טיפען אינהאלט פון די עטליכע נאָטען. אָדער טאקע אָט די

נגונים פון שלוש סעודות, צי דער דרור יקרה לבן עם בת, צי גאָר די ווייבערישע הבדלה „גאָט פון אברהם“. און נאָך און נאָך לידער, פון וועלכע די אידען אליין ווייסען נאָך צום באדויערען זעהר ווייניג.

דאָס, וואָס אזא פערזענליכקייט ווי הינעקער האָט זיך אין דער היגער „טיימס“ ניט לאנג צוריק אזוי באגייסטערט אָפּגערופען וועגען דעם ליד, באווייזט בלויז וואָס מיר קאָנען ערוואַרטען ווען די וועלט וועט דערהערען אונזערע בעסערע מעלאָדיען און לידער. אָבער וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען „אלי אלי“, איז דאָך דאָס פאָרט א אידיש ליד, געבויט לויט די אלטע אידישע פאר קריאת־שמע נסחאות, און דאָס איז דערפאר געוועזן נענוג, אז אזא מאן ווי הינעקער זאָל פון איהם קריגען אן אָנרעגונג וועגען דער גרויסער און ערנסטער אידישער נשמה.

אָבער פון דעם וואָס איך האָב געזאָגט אין אָנהויב פון מיינע נאָטיצען, איז פארשטעהט זיך קלאָר, אז הינעקער איז ווייט ניט דער איינציגער, וואָס איז מיטאמאָל אזוי באגייסטערט געוואָרען פאר אידישע מוזיק. און אָט נאָט אייך נאָך א מעשה:

צווישען די מצבות, וואָס שטעהען אויף א פּראָמינענטען פלאַץ אין די הייליגע פּעטערבורגער „נעווסקי ליאווערעס“, געפינט זיך אן אָנגעזע־העגער מצבה־שטיין אויף וועלכען עס איז אויסגעקריצט א אידישער חסידישער נגון. די מצבה מיט'ן אידישען נאָמען איז אויפגעשטעלט געוואָרען אויף אזא הייליגען קריסטליכען אָרט, אין די צייטען ווען א איד אליין האָט זיך ניט געטאָרט ווייזען אויף די גאסען פון פּעטער־בורג און אויפגעשטעלט איז די מצבה געוואָרען אויף דעם קבר פון איינעם פון די געניאלסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרען, — מוסאָרסקי, דער פארפאסער פון די וואונדערבארע אָפּערען „כאוואטשינא“ און „באָרים גאָדונאָוו“. און אָט ווי אזוי עס האָט פּאסירט. — אין דער יוגענד איז מיסאָרסקי געווען אן אָפיציר אין דער ארמיי. ער איז דעמאָלט געשיקט געוואָרען אויף מאנעווערעס מיט זיינע סאָלדאטען קיין וואָלין. וואָלין, מוז איך אייך זאָגען, איז דאָס וויגעלע פון אידישער נגינה. אלע בעסטע חזנים און זינגער קומען פון דאָרטען, אפילו אונזערע הייליגע תפילות האָבען זיך דאָרטען אזוי אויסגעבויגען, אז זיי זענען נאָכדעם אוועק אין פאָלק אונטער דעם נאָמען „וואָלינער נוסח“ און אויב אַ חזן אין א וועלכער עס איז שוהל דאווענט אפילו מיט א שלעכטער

שטימע נאָר אבי מיט דעם „נוסח וואָלין“, איז מען איהם אלץ מוחל. — און אזוי איז דאָס באשערט געווען אז דער געניאלער צוקונפטיגער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר זאָל פאַרבלאָנזשען אין וואָלין. זיין רעגימענט האָט ער, ווי עס האָט זיך געפיהרט אויפ׳ן רוסישען שטייגער, געהייסען געהן שלאָפען אונטער דעם וואָלינער הימעל און אליין איז זיך דער יונגער אָפיציר געגאנגען זוכען ערגעץ א שטוב וואו איבערצונעכטיגען. עס איז געווען א פרייטאָג צו נאכט, און מוסאָרסקי איז זיך אריין אין דעם ערשטען ליכטיגען הויז וואָס זיינע אויגען האָבען דערזעהן און זיך דאָרטען איינגעבעטען אויף נאכט. א וואָלינער איד, כאָטש אפילו בלויז א שניידער דארף דאָך זינגען זמירות און גלאט זינגען, ווייל עס איז דאָך שבת, און ער איז דאָך א וואָלינער איד! האָט ער דאָס אזוי ארום מכבד געווען מוסאָרסקי׳ן מיט אן עכט אידישען, חסידישען נגון. מוסאָרסקי האָט דאָס פאר זיך גלייך אויפגעצייכענט און האָט נאָכדעם אויף דעם מאָטיוו אָנגעשריבען זיין געניאלע קאָנטאנטע „יהושע בן נון“. און ווען מוסאָרסקי איז געשטאָרבען און מען האָט איהם פאר זיין באריהמטקייט באהאלטען אין די הייליגע פּעטערבורגער לאווּרעס, האָבען זיינע פארעהרער אָט דעם חסידישען מאָטיוו אויסגעקריצט אויף זיין מצבה־שטיין.

און דאָס איז פארשטעהט זיך, ניט די איינציגע מעלאָדיע וואָס האָט באוויזען וואָס פאר א גאונות מען קאָן אויפטאָן מיט אונזערע מעלאָדיען. און דאָס איז אויך ווייט ניט דער איינציגער קאָמפּאָזיטאָר וואָס האָט אויסגענוצט אונזערע מאָטיוען. — עס איז מעהר ווי זיכער אז אלע הימנען פון די קריסטען זענען גענומען ביי אונז, אידען. מיט דער מיינונג זענען א סך מוזיקאלישע היסטאָריקער איינשטימיג.

אָבער וועגען דעם א צווייטען מאָל.

## י. טאָפּעל:

1. מאָדערניזם.

2. אַ בילד פון אַ פערד מיט אַ טויטען רייטער.

(עסעיס)

### 1.

### מאָדערניזם.

אזוי ווי עס וואקסט אן עפּעל אויף אן עפּעלבוים אזוי וואקסט א קונסטווערק פון דעם לעבען ארויס; און דאָך איז נישט דער עפּעל דער עפּעלבוים — אזוי ווי קונסט איז נישט די נאטור. די ערשיינונגען, וואָס ליגען אָפען פאר'ן אויג דינען אי דעם פארשטאנד אי דעם הארץ. דער פארשטאנד בויעט מאשינען, וואָס האָבען אין זיך א סאָרט געאָמעטרישע פארשטאנדיגקייט, א טרייבקראפט, וואָס איז די באגרעניצטע נשמה פון מאשינען. דאָס הארץ געהט זיך זיין אייגענעם גאנג און וואָס דאָס הארץ שאפט האָט זיך זיין גייסטיגע טרייבקראפט. דאָס לעבען אליין באשאפט נישט דער מענש. עס ליגט אויסערהאלב זיינע גרענעצען. דאָס לעבען איז אזא זאך, וואָס איז דאָ און וועט זיין אייביג אפילו ווען דער הימעל זאָל צו דער ערד פאלען. דאָס לעבען איז אן איינהייטליכקייט, רופט עס נשמה, רופט עס גאָט. און מיר קאָמבינירען בלויז ווען מיר שאפען. דערפאר איז טאקע נישט פאראן קיין נייקייט אונטער דער זון, אין דעם טיפען זין, אז די נשמה פון דער זאך איז א נייע, אָדער אפילו אז די שטאָפען זענען נייע. וויי׳ גאָרנישט ווערט און אלעם איז שוין דאָ.

נאָר ווייל עס איז פאַראַן צייט און רוים און די וועלט איז אַ גרויסע, און די אַלע גוטע זאַכען ליגען פאַרבאַהאַלטען פון אונזערע אויגען, אויף דער ערד און אין, די הימלען, איז עס אַן אויפּטו צו פאַרבינדען און קאָאָרדינירען די נויטיגע ווייטע געגענשטאַנדען. אַזוי ווי די בין האָט זיך איהר פאַרדינסט ווען זי טראָגט איבער דעם מעלזאַמען פון איין בלום צו דער אַנדערער; אַזוי אויך די קינסטלער־בין, וואָס פאַרשטויבט זיך די פליגעל מיט די גוטע שענע זאַכען פון דער וועלט און צעטראָגט דאָס איבער דער וועלט פון אייביגען טויט־און־לעבען און באַשאַפט נייע פאַרבינדונגען. אפשר גאָר דורך דעם קריגט די וועלט איהר האַפּט, ווייל זייט מיר ווייסען האָבען דאָך מענשען געזוכט צו באַפרידיגען זייער גייסטיגקייט אַזוי גוט ווי זייער קערפּער. און די וואָס האָבען גאָר קיין גאָט אין האַרצען, ווערען דאָך צומייסט ווי אַ וואַסער וואָס טריקענט אויס, אָדער ווי שטיינער ביים וועג.

אָט די נשמה, וואָס איז אַזוי עכט ווי די פעדער וואָס איך האַלט אין האַנט, געהט דורך אַלע קונסטווערק, פון די צייטען ווען דוד האָט געזונגען זיין ערשטען פּסאַלם ביז די צייטען ווען ראָדען האַקט אויס זיין באַלזאַק פיגור, און פון די האַלבפאַרגעסענע צייטען פאַר דוד'ן און די אומבאַשטימטע צייטען, וואָס דאַרפען ערשט קומען. אָט די נשמה איז דער קערפּער און גייסט פון דער קונסט, און דער איינציגער מעסטשטעקען פון אַ קונסטווערק. די פאָרמען ענדערען זיך מיט דער צייט, און יעדע נייע פאָרמע פאַרמאָגט איהר באַזונדערען חן. נאָר דער קריטעריאָן איז דער געפיהל, די מאָס נשמה, וואָס קוקט אַרויס פון אונטער דער פאַרב, וואָס זינגט אַרויס פון צווישען די ליניען פון ליד.

נאָר נשמה איז אַזאַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט צוהאַלטען מיט די הענט; און אַ נישט אויפריכטיגער ווענד, און עס בלייבט הוילער ליים, פלאַכע פאַרב, ווערטער אָהן בילדליכקייט, אַ ליד אָהן לעבען. ביז עס קומט אָן אַ נייער גייסט, אַ פריש אויג, וואָס זוכט אָפּ דאָס האַרץ, דעם סאַמע וואָרצעל פון דער זאַך, וואָס עס דערזעהט. און יעדעס נייע זוכען איז דער אָנפאַנג פון אַן עפּאָכע. און יעדע עפּאָכע איז ניי און מאָדערן אין איהר צייט. עס איז געווענדט אין די מענשען, די אומשטאַנדען און דער צייט וואוהין עס זאָל זיך פאַרקירעווען דער גאַנג פון דער אויפלע־

בונג, ווי ווייט און ווי טיף דער קבר זאָל ליגען פון דער וויג. נאָר דער גייסט איז ווי דער ים און באַוועגט זיך אייביג אָהן אַן אָפּהאַלט.

ווען דו באַטראַכסט אַ מאָזאאיק פון די צייטען פון פאַר דזשיאָטאָ, לאָמיר זאָגען פון צענטען יאָרהונדערט נאָך קריסטוס, און דערנאָך די דעקאָראַציעס אויף אַן עגיפּטישער מומיע פון פאַר קריסטוס, און אויב דו ווילסט, אַ געמעלד פון דעם נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם אַמעריקאַנער אַלבערט פּ. ריידער, למשל — מוזטו קומען צום באַשלוס, אַז ווי פאַר־שידען עס זאָלען ניט זיין זייערע פאָרמען און דער רעספּעקטיווער קינסטלערישער צוטריט פון יעדען פון זיי, באַקומט זיך דער איין און זעלבער געפיהל: דער קינסטלער האָט געוואָלט דערגעהן און פעסטשטעל־לען דאָס אייביגע, דערקאַנען גאָט ווי ער אַנטפּלעקט זיך אין דער זאַך און אין יענער זאַך, און באַלייכטען דאָס נאָהענטע פאַרהאַלטען זיך פון זיך צו גאָט. זיי געהען דערפאַר מיט די פּיס פון זייערע קערפּער אַריבער די גרענעצען פון קערפּער און מישען זיך צונויף מיט די אַבסטראַקציעס, די נשמה, פון ליבע, פון נאַכט, פון דער זון און פון טויט. מיט דעם כח פון זייער אייגענער פאַרטיפונג רייסען זיי אונז מיט מיט זיך, און ווי דאַנטע אין די קרייזען פון גיהנם זעהען מיר דעם זין און דעם ווערט פון לעבען און פון טויט, פון ליבע און פון זומער. זייער אַרט שאַפען איז דער טויער צו דער גרויסער וועלט פון דער נשמה. דער טויער פאַר־שטעלט און קאָן זיך אָבער אויך ברייט צעעפענען און אַנטפּלעקען די ווייטע וועלטען.

מאַלעריי איז אַ שפּראַך וואָס נויטיגט זיך ניט אין איבערזעצונגען און דערקלערונגען, נאָר רעדט אימער און צו אַלעמען גלייך, אַזוי ווי די זון, וואָס שיינט גלייך פאַר אַלעמען דאַרף קיין דערקלערונגען. אָהן מיה געה איך דורך די טויערען פון דער און יענער טעכניק, און זעה פאַר מיר די נשמה פון דעם קינסטלער, זיין ליבע צו דער וועלט, זיין אָפענ־האַרציגקייט, זיינע געדריקטע און געהויבענע שטימונגען, צי ווען ער האָט געמאָלען זיינע פאַרנעפּעלטע צוויי־דימענסיאָנאַלע פּאָרטרעטען אין כינאַ צי ווען ער האָט געמאָלען זיינע פולע דריי־דימענסיאָנאַלע לאַנדשאַפטען און שטיל לעבענס אין פראַנקרייך און אויך איצט ווען ער זוכט אַ פערטע דימענסיע.

מאָדערניזם איז אַלזאָ ווי איינער וואָלט זאָגען: „היינט“; אימער

איז „היינט“, דאָך אַן אַנדערער היינט. מאָדערניזם איז פּשוט אויפלעבונג: מאָרגען פרישקייט און די אַלע גוטע ריחות פון טויפעלדער מיט יונגע גראָזען. עס איז דער קומען פון אַן עפּאָכע — די ערשטע ליבע. צווישען די בלומען וואַקסט שוין שטעכיגס, און די רויזען זענען דאָך די רויזען פון פריערדיגע באַגעגענישען. נאָר דאָ ליגט נאָך דער טוי אויף זיי. זיי בליהען נאָך אויף דער ערד גופא, און טרינקען נאָך לופט און וואַסער און זענען נאָך צונויפגעוואַקסען מיט'ן לעבען פון דער וועלט.

ווען די פאָרם ליגט שוין אויף דער לייוועגט, ווי אַ קבר, וואָס באַגראָבט די נשמה, אין אינהאַלטלויזע בילדער אָהן עמאָציע, מיט פּוסטע הימלען, וואָס פאַרשפּרייטען זיך אויף שטרעקען און ליגען ווי נבלות, און די סענטימענטאַלע זיסקייט שלאָגט צו צום האַרצען; דעמאָלט רעוואָלטירט דער יונגער גייסט, ווערט ווילד, צעשפּרייט די הענט מיט רציחה און מיט געבעט און געהט אַוועק זוכען. ווישט ער אָפּ פון וועג, וואָס קומט אונטער דער האַנט און געהט גלייך צו זיך. הייבט אָן פון דאָס נייע. דערגעהט ער אַמאָל און אַמאָל נישט. נאָר אין זיין שאַפען ליגט שוין דער כח פון זיין גרויסען ווילען. געהט ער און זוכט, דערגעהט ער אַמאָל צו די ערשטע לערער פון דער וועלט. און אַמאָל געפינט ער אין די אַרכיוועןפאַרגעסענע פאַרנאַכלעסיגטע קונסטווערטען. אַמאָל דערזעהט ער גאָר אויף אַלטע ווענט די בילדער, וואָס ער וויל מאָלען. און דאָס וואָס ער לערנט איז שוין פון פריהער געוועזען אין איהם, איידער ער האָט נאָך אָנגעהויבען זוכען. די צייט האָט בלויז אָפּגעדעקט זיין אייגענעם כח: אַזוי ווי פון דער נוס וואַקסט אויס אַ דעמב נאָר דער דעמב איז שוין אין דער נוס גלייך פון אָנהויב.

דער וואָרצעל פון בוים איז רעוואָלט. רעוואָלט איז אויך די שפּייז פון דער ערד: די אַטמאָספערע פון מאָדערניזם. דאָן צעצווייגט זיך דער שטאַם, פאַרנעמט זיך אהער, אהין, אַרויף, אַראָפּ, אַרום, בייגט זיך אויס, ברעכט זיך, טיילט זיך אָפּ, גראָבט זיך איין. דאָס אמת'ע אינדיווידועלע באַנייען קומט פאָר צווישען די פיר ווענט פון'ם קינסטלער'ס צימער. דאָ דערזעהט עס דאָס ליבט. און אין די גרענעצען פון אייגענעם כח וואַקסט דאָס נייע לעבען, מאַכט זיך אַ נייעם אייגענעם באָדען, באַוואַסערט איהם, האַלט איהם דערהויפּט פריש און קרעפטיג. איינער צעשפּרייט די הענט ווי וואַיט ער קען און נישט ווייטער. דער קינסטלער

געהט ווי ווייט ער קען און ווי אזוי ער קען. נאָר דאָס וואונדערליכסטע איז, אז וואָס מער איינער גיט אלץ מער פארמאָגט ער. ווער קען אויס־שעפּען דאָס הארץ און דעם מח, און די ליבשאפט וואָס שפּייזט דאָס הארץ און דעם מח, און פון וואָס מיר אלע לעבען.

עס איז רעכט, אז דער היסטאָריקער זאָל זיך ארויסגעהן מיט זיין לאמטערען אין האנט אויפזוכען אין דער פארגאנגענער קונסט־עפּאָכע איהרע מיטלען און מאָטיווען. טעאָריען געהען נישט פאָראויס צו צייגען דעם וועג, בלויז די קאָנקרעטע ווערק ווערען די איינציגע מיילען־שטיינער. דערפאר איז עס נאָך שווער צו זאָגען באשטימט, וואָס עס איז אזוינס „מאָדערנע" מאלעריי אויסער ר ע ו ו אָ ל ט.

### 2.

## אַ בילד פון אַ פערד מיט אַ טויטען רייטער.

עס שפּרייט זיך אַ פעלד אונטער דער זון. אַ פערד מיט אַ רייטער שטעהען אין פעלד. רוה. דער עק פון פערד הענגט אַראָפּ, דער קאָפּ הויך פון די אַקסעל אַרויס. דער רייטער זיצט טויט. זיץ איך אויף אַ שטיין און קוק. און די ערד דרעהט זיך נישט אָפּ פון דער זון, און בלייבט. און עס איז שטיל: טראַכט איך, דערפאַר איז דאָס אַזוי, ווייל אַלעס דאָ איז געשטאָרבען נאָר איך לעב. לעבט דאָך דאָס פערד אויך. אין דעם שטעל פון די לאַנגע פיס, אין דעם האַלטען פון הויבען קאָפּ איז דאָ אַזוינס וואָס איז לעבען. אָט וועט זיך דער קערפּער געבען אַ נעם אויף צוריק און די פאָדערשטע פיס וועלען זיך געבען אַ ציה צוריק, און אַוועק, עס וועט פליהען. נאָר דער טויטער מענש זיצט, און וועט אפשר פאַלען, אַראָפּפאַלען און בלייבען ליגען, אַ פּאָר טויטע ביינער. דאָס פעלד וועט בלייבען אויב איך וועל דאָ בלייבען. און איך ווייס נישט צי די זון וועט אויך דאָ בלייבען. איך קוק אין דער זון אַריין. זי עסט מיר די אויגען אויף — ווייס איך, אַז זי וועט דאָ נישט בלייבען. איך וועל דאָ בלייבען אַליין אין פעלד.

נאָר דאָס פערד בלייבט, און די זון שטעהט אין פעלד. טראַכט איך, פאַרוואָס זעהט דאָס פערד אויס ווי עס געהט, און דאָך עס געהט נישט. דער מענש יאָגט עס נישט, ווייל דער מענש איז טויט. אָבער דאָס פערד קאָן דאָך געהן. און פאַרוואָס הייבט זיך דאָס פעלד נישט אויף און געהט אַוועק? איך זיץ דאָ, טראַכט איך, און איך לעב דאָך געוויס. לעבט אפשר יענער טויטער אויך? און דאָס פעלד — לעבט עס אויך? עס שפּראָצט נישט קיין גראָז. איך ווייס אָבער, אַז עס וואַקסט גראָז — לעבט דאָס פעלד.

זיץ איך אויפ'ן שטיין לאַנג, לאַנג. נאָר איך ווייס, אַז דאָס איז איין מינוט; נאָך ווייניגער, איין אויגענבליק; נאָך ווייניגער, גאָרנישט;

ניין, עפּעס עפּעס מער פון גאָרנישט — דער פּונקט ווי צוויי מינוטען טרעפען זיך. דאָס טרעפען זיך פון דאָס, וואָס איז פאַרגאַנגען מיט דאָס, וואָס דאַרף קומען. אָט דאָס ווייניגער־פון־צייט, די גאָרנישט־טראָפּען פון וואָס עס באַשטעהט די צייט. ווייס איך שוין, אַז דאָס פערד איז נישט באַ־שאַפען געוואָרען דאָ אין פעלד, נאָר אַז עס קומט פון דער פאַרגאַנגענהייט און אַז עס האָט נאָך אַ צוקונפט, און אַז עס וועט צוזאַמענגעמען דעם גרויסען לאַנגען קערפּער אויף די דינע פיס און אוועקפליהען.

און דער מענש, טראַכט איך, דער טויטער? אַלץ דאָ איז דאָך איין מאָמענט, דער העכסטער מאָמענט, וואָס איז צווישען פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. און דער העכסטער מאָמענט איז דאָס לעבען. און פון טראַכ־טען ווייס איך שוין, אַז דער טויט איז אויך אַ סאָרט לעבען און האָט אויך אַ העכסטען מאָמענט, אָבער נישט זיין אייגענעם, נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון מיינעם. און דער טויטער איז נישט דאָ געשטאָרבען, נאָר דאָס פערד האָט איהם דאָ אַראָפּגעבראַכט אַ טויטען. און דער, וואָס האָט אהערגע־בראַכט דאָס פעלד מיט דער זון מיט'ן פערד האָט אויך געבראַכט דעם מענשען אַ טויטען.

און ווען איך בין אהיימגעגאַנגען פון פעלד האָב איך געזאָגט צו זיך אין דער שטיל, באַטראַכטענדיג די מענשען, די פערד און אַלעס וואָס לעבט, אַז דאָס אַלעס לעבט איין מאָמענט, און ווייניגער פון אַ מאָמענט, נאָר דער מאָמענט פאַרקערפּערט און אַנטהאַלט די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט און אַלעס וואָס דאַרף ערשט קומען. נאָר אַז די הייזער, די שטיינער און די רעלסען, וואָס זענען טויטע זאַכען, זענען נישט אין דער מדרגה פון אַן אייגענעם העכסטען מאָמענט, קענען זיך אָבער אָפּשפּיגלען אין מיין מאָמענט.

און אַזוי ווי בילדער זענען איין מאָמענט, דער העכסטער מאָמענט, פיהל איך און איך ווייס, אַז דער מאָמענט מוז, אויב דאָס בילד זאָל לע־בען, אַנטהאַלטען דאָס וואָס איז געווען און דאָס וואָס דאַרף קומען.

און עפּעס פיהל איך איז געווען דעמאָלט אין דעם שטילען פערד אויפ'ן פעלד פון וואָס עס וואָלט געקענט צוזאַמענגעמען דעם לאַנגען קערפּער אויף די דינע פיס און אוועקפליהען.

**באָרים אניספעלד:**

צוויי קעפּ. יציאת מצרים.

**א. וואָלקאָוויץ:**

אין בית המדרש.

**י. טאָפּעל:**

סאלאָמע.





י. טאָפּעל סאַלאָמע



י. טאָפּעל סאַלאָמע

## איינציגע לידער:

ראשעל וועפּרינסקי.
צילִיע דראַפּקין.
אידאַ גלאַזער.
אסתר פּעווזנער.
בערטא קלינג.

## ראשעל וועפרינסקי:

### פון מיינע שלאַנקע גלידער.

פון מיינע שלאנקע גלידער וועלען קינדער ניט געבוירענע,
וואָס ווילען דורך מיין לייב די ווייסע וועלט דערזעהן,
און אויפבליהען אונטער דער זון,
מיט קעפעלעך געקרויזעלטע,
אויגעלעך ברייט פארוואונדערטע,
שווארצינקע און בלוי.
נאָר טיף אין זיך פארטויב איך
יענע צארטע שטימעלעך;
מיט טויזענט שטימען פון א פיבערישען דראנג,
צו זיין ווי איצטער, אייביג אזוי בויגזאם, אזוי שלאנק
און פריי פאר מיין קאפריז,
פאר נעכט געשטערענטע,
און פאר דיינע צערטלענדיגע הענט —
זאָלען מיינע טעג כאָטש ווערען האסטיגער פארשווענדט,
אז דאָרטען וואו איהר וואַרט —
איהר וויינענדיגע אויגעלעך אונטער די ווייסע טויערען
קומען זאָל איך יונג צו אייך,
איך וועל אייך שטיל צוזאמעננעמע,
אונטער מיינע ווייסע פליגלען,
און אויף עפעס טרויערען
און וויינען שטיל מיט אייך.

## ציליע דראַפּקין:

אין העמאָק.

איך ליג אין העמאָק
דורך צווייגען שיינט הייס אריין די זון
איך פארמאך מיינע אויגען
און זעה א בלויע כינעזישע שריפט
אויף א גאָלדענעם בלאַט.
ליכטיג בלויע כינעזישע אותיות
פינקלען ארויף און אראָפּ,
ווי קליינע פאנטאסטישע פענסטער,
אויף א וואנט פון א גאָלדענעם טורעם
איך פארשטעה ניט די שריפט
נאָר עפּעס פארדריקט מיין הארץ.
איך דערמאָן זיך:
„איך ליב דיך, איך ליב דיך",
אזוי לעז איך די בלויע
כינעזישע שריפט.

## אידא גלאזער:

דער לעצטער קלאנג.

פון איין זייט טיר שטעהסטו אצינד
און הערסט נישט אויף צו קלינגען.
פון וועהטאג ביים איך זיך די הענט
און דרעה זיך אויף אין רינגען.

עס רייסען זיך די פיס צום טיר —
אין שטול בלייב איך דאך זיצען,
און הער צונויפגעדרעהטערהייד
ווי מיינע ציינער קריצען.
— — — — — — — — —

דער לעצטער קלאנג פון דיינע טריט
אין שטילקייט ווערט פארשלונגען,
און אין דער שטילקייט ווער איך אויך,
ווי דיינע טריט פארזונקען.
— — — — — — — —

עס וועט זיך קיינמאל מעהר מיין טיר
ניט עפענען פאר דיר...

## אסתר פעווזנער:

די שליסעל מיינע.

איך בענק נאָך דיר,
דיין פּנים האָב איך קיינמאָל ניט געזעהען.
א טיפער טרויער נאָגט און נאָגט מיין הארץ.
אליין בין איך פאר זיך א צייכען אין דער לופטען,
א באוועגונג וועלכע זוכט א ציעל.

אין א שווייגען נעץ בין איך פארפלאָנטערט,
אין דער שטילקייט קלאפּט זיך אָפּ מיין בליק.
אין פארגליווערונג פארמאך איך מיינע אויגען —
עס עפענט זיך ערגעץ ווייט פאר מיר א לאנד.
אין יענעם לאנד ביסטו,
ביי דיר די שליסלען מיינע.

פארשלאָסען אין מיין וועלט, בין איך אליין פארבליבען.
רייס דעם שווייגען נעץ פון מיר ארונטער,
וועל איך פריי צו דיר אין יענעם לאנד זיך לאָזען.
אומזיסט פּרואווסטו די שליסלען צו אלע טירען, —
זיי נוצען קאָן נאָר איך אליין.
מיין וועלט איז פעסט פארשלאָסען.
איך בענק צו דיר
פון לאנד פון מיינע סודות.

## בערטאַ קלינג:

**טעג געגאַרטע.**

טעג גענאַרטע,
טעג גענאַרטע,
טעג איהר בלויע,
טעג איהר גרויע,
אייער געהן,
אייער קומען
האָט ביי מיר וואָס
שטענדיג צוגענומען.

טעג באשטראַלטע,
טעג איהר קאַלטע,
טעג באשעהנטע,
טעג באוויינטע,
מיר געלאָזען
האָט איהר נאָר
פעדים זילבער
גרויע האָר.

## א. ראבאָי:

דאָס ווילדע לאַנד.

## קאפיטעל א.

בען איז אראפגעשפרונגען פון א וואגאן, געבליבען שטעהן ביי א קליין הויז. אויף דעם דאך פון הויז איז געהאנגען א טאבעל מיט גרויסע אותיות: סטאנציאן ט...., נארד דאקאטא.

ער האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען. דערזעהען העט ווייט אין אונטערגרונד פון דער דאזיגער סטאנציאן א קליינע שורה נידריגע הייזער, ווייט אפגעטיילטע איינע פון דער אנדערער.

דערווייל, איז נעבען איהם דורכגעגאנגען א פארטראכטער מיטעל־יאהריגער מענש מיט א פייף אין זיין מויל. זיין פנים פארוואקסען מיט הארטע האר, זיין קאפעליוש א פארשמאלצענער און פארשטויבטער און זיין גאנצער הולך איז געוועזען, אזוי ווי דער גאנג פון א „היימלאזען” אין די גרויסע שטעדט פון דער איסט.

בען האט געפרובט און איהם א פרעג געטאן:

— ווייסט איהר, ברודעריל, ווי ווייט עס איז פון דאנען קאלדוועל'ס ראנדזש?

— וואס הייסט צי איך ווייס, סיר, פאר וואס זאל איך ניט וויסען וואו קאלדוועל'ס ראנדזש איז? איך בין דאך דאס קאלדוועל אליין.

— און מיין נאמען איז בען. איך האב אייך געשיקט א טעלעגראם, אז איך קום — האט דער איסטערנער אויסגעשטרעקט זיין האנט צו קאלדוועל'ן.

— אזוי, גוט וואס איהר זייט געקומען אין צייט; ווען איהר קומט שפעטער טרעפט איהר מיך שוין ניט און איהר וואלט באדארפט כאפען א שפאציר אויף עטליכע מייל — אבער ווי אזוי האב איך אייך ניט באמערקט, וואס פאר א באב איך בין. לויפענדע באהנען באמערק איך קיינמאל ניט, וואס פאר א באב איך בין. נו, קומט שוין.

בען האט דעם דאזיגען פארשוין וואס הייסט קאלדוועל שטארק בא־

טראַכט און מורא געהאַט, אַז דאָ האָט מען מיט איהם ווייטער געשפּילט אַ שיינעם וויץ. אַזאַ פאַרשוין באַדאַרף דאָס אַ מענשען צו זיין ראַנדזש.

נאָר פונדעסטוועגען איז ער איהם נאָכגעגאַנגען ביז צו דער שורה מיט די נידריגע הייזלאַך וואָס האָבען פאַרגעשטעלט דאָס שטעטעל ט... ער האָט זיך אָבער געטראַכט, אַז ער וועט פריהער אַ פרעג טאָן ביי עמיצען אין שטעטעל אויף דעם מאָדנעם הערר קאַלדוועל און זיין ראַנדזש.

אַזוי געהענדיג זענען זיי צוגעקומען צו אַ שיינעם פּאַעטאַנדעל, אין וועלכען עס זענען געוועזען איינגעשפּאַנט צוויי קליינע פּעטינקע פערד־לאַך, ווייסע מיט גרויע פּינטלען. קאַלדוועל האָט צוגענומען בען׳ס וואַ־ליז און איהם אַריינגעלעגט אין פּאַעטאַנדעל. אַז בען האָט דאָס דערזעהן, איז איהם אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. וואָרים, אויב אַ מענש קאָן זיך פאַר־גינען אַרויסצופאָהרען אין אַ מיטענוואָך מיט אַזוינע צוויי פערדלאַך און אַזאַ גוטען געשפּאַן, מוז ער זיין עפּעס מעהרער ווי אַ גוטער באַלעבאָס.

דערפאַר, האָט שוין בען ניט געפרעגט ביי קיינעם וועגען זיין נייעם באַלעבאָס. און באַלד זענען זיי ביידע שוין געזעסען אין פּאַעטאַנדעל און די צוויי גרויע פערד האָבען געטאַנצט אַזוי לייכט און גרינג אַז מען האָט ניט געקענט זעהן, ווי זיי רירען אָן מיט זייערע פיס די ווייכע ערד פון וועג.

קאַלדוועל האָט אָנגעטריבען און בען איז געזעסען ביי זיין לינקער זייט און געקוקט און זיך געוואונדערט. פאַרענדיג מיט דער באַהן האָט בען געזעהן כאַפּענדיג די לויפענדע פעלדער פון אַלערליי שטאַטען אָבער איצטער האָט ער מיט זיין נאַקעטען אויג געקאָנט זעהן די פּרעירים פון נאָרד דאַקאָטאַ. באַרג און טאָל און גרויסע אויסגעשטרעקטע פלאַכע לענדער. דאָ און דאָרט אַקערט איינער מיט פיער פערד אין־דער־ברוסט און אויף אַן אַנדער פעלד בראָנעוועט אַ מענש מיט זעקס פערד אין־דער־ברוסט, אָבער מיט אַזאַ ברייטער בראָנע, וואָס מען זעהט גאַר ניט אין דער איסט, און פון דער ערד געהט אויף אַ גרויסער זייל מיט צומאָלענעם שטויב פון דעם וואָס די בראָנע מאָלט די צואַקערטע ערד מיט איהרע גראָבע שטאַרקע ציין.

און אַזוינע לאַנגע און ברייטע בייטען וואָס ווערען ערגעץ פאַרפאַלען פון דער אַנדער זייט פון אַ באַרג אָדער זיי לויפען פון אַ באַרג אַראָפּ אין אַ טיפען טאָל.

און הימעל און ערד און דער ווייסער וועג, וועלכער ציהט זיך און צעצווייגט זיך דא און דארט אין אנדערע קלענערע וועגען. וואו ניט וואו ערגעץ פארוואָרפען שטעהט זיך א היים פון א מענשען מיט זיין שטאל און ברונעם; ברונעמס עפּעס אזוינע הויכע, טורעמדיגע מיט ווינד־מילען אויף זייערע שפּיצען און די ווינד־מילען דרעהען זיך און פּאמפּען דאס געבענשטע וואסער פון דער טיפעניש פון דער ערד.

און די ווייטע פעלדער זענען ארומגערינגעלט מיט דראטענע פּלויטען. שטעכיגער דראט אנגעצויגען אויף קיילכיגע ווייסע סלופּעקלאך.

הערר קאלדוועל האט געזאגט:

— איהר ווייסט, סיר, ווען איך בין אהער געקומען צוריק מיט א סך יאהרען האט מען נאך ניט געוואוסט פון פּלויטען. די פּרעירי איז גע־ווען אָפען און פריי. איצט, פון א פּאר יאהר צוריק, האבען מיר איינגע־פירט פּלויטען, דאס הייסט איך האב עס איינגעפירט און די טייוואלים האבען שוין געמוזט מיר נאכטאן.

בען האט ארויסגענומען א סיגאר און דערלאנגט צו הערר קאלדוועל. ער האט זיך אפּגעזאגט:

— ווען איך טרייב מיינע פערד רויכער איך ניט. אויב אבער איהר ווילט מיר געבען א געלעגענהייט צו רויכערען, דאמאלט מוזט איהר נעמען די לייצעס. איך וויל זיי אייך איבערגעבען אזוי שטיל און פּאמעליך אזוי אז מיינע פערד זאלען עס ניט באמערקען.

קאלדוועל האט זעהר פּאמעליך און שטיל איבערגערוקט די לייצעס אין די הענט פון בען.

בען האט שוין געהאט אנגעגרייט פאר זיין נייעם באלעבאס א קאנ־ווערט און אויך דעם סיגאר. קאלדוועל האט פּאררויכערט, אויפגעריסען דעם קאנווערט און איבערגעלעזען דאס פּאפּיר, וואו עס איז געשטאנען אנגעשריבען, אז בען ווייסט דאס פערד בעסער ווי זיך אליין און אז עס איז פאראנען אין זיין בלוט עפּעס אזוינס, פאר וואס א פערד האט זעהר מורא.

קאלדוועל האט אויפגעהויבען זיינע אויגען פון פּאפּיר און שטרענג אנגעקוקט דעם וואונדער־בלוטיגען בחור בען, איהם אויסגעפרעגט אלערליי קלייניגקייטען. עס האט זיך געהערט אין קאלדוועל'ס טאן אזוינס, ווי

ער וואָלט איהם אַליין ווייזען, אז ער איז שוין גאָר ניט קיין פערד און האָט ניט מורא פאַר דעם וואָס עס איז פאַראַן אין בען׳ס בלוטען.

און כאָטש בען האָט זיך ניט אַזוי באַקוועם געפיהלט אונטער דעם דאַזיגען טאָן פון קאַלדוועל׳ס אויספרעגען, האָט ער אָבער ווי אַ מייסטער געהאַלטען די צוויי קליינע האַלב ווילדע בראָנקאָס, זיי האָבען געטאַנצט איינער אָפּגעטיילט פון אַנדערען אין אַ סימעטרישער שיינער ליניע, מיט דעם דישעל אין דערמיט.

קאַלדוועל איז שוין די גאַנצע צייט פון פאָרען געזעסען אַ פרייער און דערצעהלט און נעגעבען צו פאַרשטעהן איטלאַך ווינקעל אויף דער פּרעירי וואָס איז געלאָפען פון ביידע זייטען וועג.

דער וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אין אַ סקאָסנעם טאָל אַריין, אין טאָל איז געלאָפען און איבערגעשניטען דעם וועג אַ שמאָל טייכעל. אַרי־בערפאָרען דאָס טייכעל האָט מען באַדאַרפט האָן אַ בריקעל.

קאַלדוועל האָט אַריינגערעדט אין בען׳ס אויערען, ווי ער וואָלט זיך היטען אַז זיינע פערד זאָלען עס ניט הערען, אַז דאָס טייכעל אַריבערצו־פאָרען מיט די דאַזיגע צוויי בראָנקאָס באַדאַרף מען קאָנען.

פאַרשטענדליך, אַז בען האָט זיך דערפילט אין דער מינוט עפּעס מאָדנע, נאָר באַלד האָט ער זיך איבערגעגעבען אין די הענט פון זיין בלינדען, פאַר איהם אַליין אומבאַוואוסטען, וואונדער־בלוט. די בראָנקאָס זענען אַריבער דאָס טייכעל גלאַט ווי מיט אַ ווירע, דאָס וואַסער פון טיי־כעל האָט געטאָן אַ שפּריץ און איז געוואָרען באַדעקט מיט בולבאָנס און איז געוואָרען קאַלעמוטנע.

דערפאַר אָבער האָט זיך פון דעם פלאַכען שטיק פעלד, וואָס איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף יענער זייט טייכעל, אויפגעהויבען אַזאַ מאָדנע מין בילעריי, אַזוי ווי פון אַ גאַנצער מחנה קליינטשיגע הינטלאַך.

קאַלדוועל האָט דאָס דערקלערט :

— דאָס איז אַ שטעטעל פון פּרעירי הינט. אַזוי הייסט עס, דאָס דאַזיגע אָרט. מיר פלעגען האָבען זעהר פיעל שאָדען פון די דאַזיגע פאַר־דאַמטע פּרעירי הינט. זיי וועלען אייך קיינמאָל ניט אַרויסקומען פון זייערע לעכער ביי טאָג. און אויב אַ פּרעירי הונט וויל טרינקען וואַסער אין מיטענטאָג, קריכט ער אונטער דער ערד דורך אַזוינע קאַנאַלען, וועלכע ער מאַכט. ער קריכט אויף מיילען און מיילען ביז ער קומט צו אַ טייך

און טרינקט זיך אָן. אונזער נאָרד דאקאָטא איז, ווי מען רופט זי, אַן אָרט פון „טרוקענע פאַרמינג". מיר האָבען זעהר ווינציג רעגען און אַז עס רעגענט שוין יאָ אַמאָל, רינט דאָס וואסער אוועק פון די בערגיגע לעפּער אין די טייכען אריין. אונזער ערד איז דערפאַר אַלע מאָל אַזוי ווי אַ הארטער קליי, און דאָס ביסעל פייכטקייט וואָס די ערד זאַפּט אין זיך אריין, איז ניט גענוג, אַז דאָס „ברויט" זאָל זיך קאָנען איבערשטופען זיין לעבען. פאַרשטעהט איהר דאָך, אַז צו דעם דאָזיגען ניט זעהר וואוילען צושטאַנד פון אונזער צוזאַמענגעקלאַפּטער ערד, פלעגען נאָך קומען די פּרעירי הינט און נאָך גראָבען קאַנאַלען הינטער דער אויבערשטער פלאַכע פון דער ערד. איז שוין דאָס ביסעל פייכטקייט דורך די דאָזיגע קאַנאַלען זיך אוועקגערונען און די אויבערשטע ערד איז געבליבען טרוקען ווי אַ שטיין. מיר האָבען דאָס געפיהלט זעהר שטאַרק און געלערנטע מענשען האָבען אונז געגעבען אַן עצה צו מאַכען אַ באַזונדערע שטאָט פאַר די דאָזיגע הינט ערגיץ נאָהענט פון אַ טייך. און אָט אַזוי האָט אונזער קאָמונע געבויט די דאָזיגע הינט־שטאָט...

בשעת קאַלדוועל האָט דאָס אַזוי ברייטלאַך און אויף זיין אייגענעם שטייגער דערקלערט האָט דערהוייל בען געקוקט אויף דער גאַנצער פּרעירי־הינט־שטאָט. דאָס איז געוועזען אַ פעלד באַדעקט מיט קליינע בערגעלאַך ערד, נעבען יעדען בערגעל אַ לאָך אין דער ערד און פון יעדען לאָך האָט ארויסגעשטעקט דאָס קעפּעל פון אַ פּרעירי־הונט. אַלע האָבען געבילט אין הימעל אריין און עס איז געוועזען אַ כאָר פון בילעריי פון אַ גאַנצער מחנה קליינטשיגע הינטלאַך.

בען האָט געטראַכט, אַז די וועסט איז עפּעס מאָדנע און אַנדערש פון דער איסט.

קאַלדוועל האָט דאָס דערשמעקט און באַלד איהם איבערגעשלאָגען זיינע געדאַנקען:

— מיר, אין דער וועסט זענען פריש, געזונט און משוגע, כע, כע —

זיי זענען אוועקגעפאָרען ווייטער און קאַלדוועל האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם, צי האָט בען עלטערען אין דער איסט און וואָס זיי זענען פאַר אַ מין מענשען.

בען האָט איהם אין קורצען דערציילט, אַז זיינע עלטערען זענען אין דער איסט ביזנעס־מענשען. ער אליין האָט ניט געוואָלט שטעקען זיין

נאָז אין ביזנעס; דורכגעמאַכט די געוועהנליכע שול, זיך נאָכדעם אוועק־געלאָזט אין אַן אַגריקולטור שול און דאָרטען אָפּגעווען צוויי יאָהר, זיך ספּעציאַליזירט אין אַ קורס וואָס מען רופט „פערד, און ווי אַזוי מיט זיי ארומצוגעהן". נאָכדעם איז ער אוועק אויף אַ גרויסען פארם, וואו ער האָט נאָר געהאַט צו טאָן מיט פערד. ער האָט דערפילט אין זיך דעם באַרוף צו זיין אַ מייסטער פון פערד. און פון יענעם פארם קומט ער דאָס גלייך אהער אין דער ווייטער וועסט. און ער האָט אפילו ניט אָפּגעטראָטען צו זאָגען זיינע עלטערען גודבאַי, דאָרטען אין ניו יאָרק, זיינע עלטערען ווי־לען איהם סיי ווי סיי איבער זייער שוועל ניט אַרויפלאָזען...

קאַלדוועל האָט זיך איינגעהערט מיט אָנגעשטעלטע אויערען און האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזען אַזאַ מין זיפץ וואָס האָט זיך אויסגע־דריקט אין אַ טרויעריגען גוטמוטיגען העך, העך.

דערוויילי, ניט אַזוי גיך ווי עס רעדט זיך, זענען זיי דורכגעפאָרען דורך אַ דראָטענעם פּלויט. קאַלדוועל האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לייכטען דרימעל און געזאָגט:

— יונגערמאַן, דאָ הויבען זיך אָן מיינע לענדער, און אַז איהר וועט דאָרטען פון יענעם בערגעל דערזעהן אַן אָפענעם טויער וועט איהר אַזוי גוט זיין און אריינקירעווען אהין. איך וועל אייך שוין ווייזען.

פון יענער זייט בערגעל האָט זיך אַנטפּלעקט, אויף ווי ווייט האָט אויג האָט נאָר געקאָנט כאַפּען, אַ ברייט פעלד, ערטערווייז באַפּלעקט מיט צעאַקערטע שטיקער ערד און ערטערווייז מיט אַלערליי גרין־קאָלי־רענדיגע פּאַסען און דאָ און דאָרט אַ קליין סקאָסנע בערגעל. און ביי איינעם פון אָט אַזוינע בערגלאַך האָט זיך געטוליעט אַ קליין ווייס הויז מיט אַ רויטען דאַך, נאָהענט פון הויז — אַ שטאַל, און אביסעל ווייטער — אַ ברונעם מיט אַ טורעם און אויפ'ן טורעם אַ ווינדמיל.

— דאָס איז מיין היים — האָט קאַלדוועל שטאָלץ געזאָגט.

בען האָט פּאַרקירעוועט די פערד אין דעם אָפענעם דראָטענעם פּלויט, די פערד זענען דורך דעם טויער ווי אַ פייל פון בויגען. קאַלדוועל האָט געהייסען בלייבען שטעהן. בען האָט אַ ציה געטאָן די לייצעס. די פערד זענען געבליבען שטעהן. קאַלדוועל איז ארונטער פון זיין זיץ, צוגע־גאַנגען צום טויער און איהם פּאַרמאַכט, צוריק זיך אוועקגעזעצט אויף זיין זיץ, און בען האָט ווייטער געטריבען און זיך ניט איינגעהערט צו דעם

וואָס קאַלדוועל האָט געמורמעלט: אז ער האָט ט[illegible]ערען, וויל ער זיי זאָלען זיין פאַרמאַכט.

זיי זענען צוגעפאָרען צו דעם וועג וואָס איז געלאָפען צווישען דעם הויז און דער שטאַל. עס האָט זיך דערהערט א פערד הירזשען פון שטאַל ארויס.

א פרוי איז ארויס פון הויז אקעגען זיי, זיך אוועקגעשטעלט מיט ביידע הענט אונטערגעשפאַרט אויף ביידע זייטען און געזאָגט: א גוטען־טאָג אייך, מענער.

קאַלדוועל האָט פאַרגעשטעלט:

— דאָס איז, מיין טייערע, אונזער בחור פון דער איסט. זיין נאָמען איז בען.

די פרוי האָט זיך פאַרנויגט און מיט א גאסטפריינדליכען שמייכעל געזאָגט:

— דאָס מאָל איז גוט, וואָס אונזער נייער איז ניט קיין הויכער. יענער, וואָס דו האָסט געבראכט פאַר א יאָרען, איז געוועזען הויך און גראָב און אונזערע פערד האָבען איהם פון זיך ארונטערגעוואָרפען ווי א האַק וואַרפט אראָפּ שפענער... העי, איסטערנער, וואָס האָט איהר עפּעס געבראכט פון דער איסט, פאַר דער ליידי, פאַר מיר?

## קאַפּיטעל ב.

נאָכדעם ווי בען האָט זיך ארומגעוואַשען און פארקעמט זיינע האָר איז ער געבליבען שטעהן אין דערמיט פון דער גרויסער, ריין און וויים געהאַלטענער קיך, און זיך אזוי ווי פלוצים דערפילט, אז ער איז אין דער פרעמד. ער איז אזוי געשטאַנען אביסעל, זיך געוואָלט אוועקזעצען און ניט געפונען קיין אָרט. ביז די פרוי קאַלדוועל האָט מיט א ברייט צושמייכעלטען פּנים איהם געזאָגט, אז ער זאָל אריינגעהן אין עס־שטוב, ווייל דער טיש איז שוין געגרייט פאר אָווענדמאָלצייט.

קאַלדוועל׳ס הויז איז באַשטאַנען פון דער גרויסער קיך, דורך וועלכער מען איז אריינגעקומען פון דרויסען. נאָך דער קיך איז געקומען די עס־שטוב. איין טיר פון עס־שטוב האָט געפירט אין אַן אַנדער צימער. די קיך איז געוועזען אין גאַנצען אויפגעבויט איבער דער פלאַך פון דער ערד און אין מזרח זייט. און דער לעצטער צימער אין מערב זייט אָבער שוין טיף פארגראָבען און אריינגערוקט אין דעם קליינעם רונדען בערגעל וואָס האָט פארשטעלט און איינגעטוליעט דאָס גאַנצע לאַנגליכע הויז. די פענסטער זענען געוועזען קליינע, פּירעקיגע און נאָהענט פון דער ערד פון דער דרויסענדיגער זייט און אינוויינינג אויף האַלב וואַנט הויך פון דיל. געזעהען האָט זיך דורך דעם שניט פון די פענסטער אז די ווענט פון דעם דאָזיגען הויז זענען גראָבע, שטיינערנע אינוויינינג זענען די ווענט געוועזען וויים באַקאַלעכטע און געהאַלטען אין א זעהר פיינעם און ריינעם פאַסאָן. די דילען פון ברעטער. פון עס־שטוב אין א ווינקעל האָט געפירט אַ טיר אין דער דאַך שטוב ארויף מיט טרעפּ. בען האָט באַדאַרפט שלאָפען אין דאַך שטוב מיט די איבריגע צוויי בחורים וואָס האָבען געאַרבייט אויף קאַלדוועל׳ס ראַנדזש.

די פרוי האָט אין איילעניש, ווען זי האָט איהם אָנגעוויזען אין וועלכען בעט ער וועט שלאָפען, דערצעהלט בען׳ן, אז ער וועט שלאָפען נאָך

מיט צוויי מענער דאָ אין דאַך שטוב. און אַז זי האָפּט, אַז ער איז חלילה ניט אַזוינער ווי יענע צוויי, וועלכע שלאָפן מיט די שטיוועל, ווי עס שיינט איהר, אין זייערע בעטען און זי באַדאַרף נאָכדעם אַלע אינדער־פריה אַרויסטרייסלען דעם שטויב וואָס זיי ברענגען אַריין מיט זייערע שטיוועל פון דער צעאַקערטער ערד.

בען האָט זיך ניט גוט געפילט פון די אַלע זאַגעכצען וואָס קאַלדוועל אַליין האָט אין איהם אַריינגערעט און וואָס זיין פרוי האָט אויך ניט פאַרשוויגען איהר טייל. ער האָט דערפאַר זיך טאַקע באַלד דערפילט זעהר פרעמד און געהאַט דאָס פאַרגעפיל, אַז ער וועט דאָ אין דעם הויז ניט שטעהן לאַנג.

נאָר וואָס דען, אַז ער איז אַריינגעקומען אין עס־שטוב און האָט דער־זעהן דעם אויפגעדעקטען טיש, אַ טיש אָהן אַ סערוועט, און די אַלע געריכטען מיט די גאָפּל מעסער און לעפעל אויף איהם, די צוויי לאַנגע בענק פון ביידע זייטען טיש און דער גרויסער קעראָסין לאָמפּ אין דערמיט, האָט עס אויף איהם אָנגעהויבט מיט דעם ריח פון אַ היים. בען האָט זיך אוועקגעזעצט, וואו קאַלדוועל האָט איהם געהייסען. באַלד זענען אַזוי ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסען צוויי בחורים, איינער אַ לאַנגער אַ דאַרער און דער אַנדערער אַ קירצערער און אויך אַ דאַרער, ביידע מיט פאַרוואַקסענע, אָפּגעברענטע פון דער זון פּנימער מיט אויך אַזוינע הענט און מיט לאַנגע נעגעל אויף זייערע פינגער. זיי האָבען זיך שטיל, און אַזוי ווי שעמעוודיג, אוועקגעזעצט איינער נעבען אַנדערען קעגענאיבער בען׳ן. די באַלעבאָסטע איז אַריינגעקומען מיט אַ גרויסער טיפער שיסעל, פון וועלכער עס האָט געזעצט אַ פּאַרע. זיך אוועקגעזעצט אויבענאָן נע־בען הערר קאַלדוועל.

באַלד איז נאָך אָנגעקומען אַ מיידעל, דין ווי אַ פייפעל, און אַ בויגיגע, אַ ווייכע, און איהרע באַקען האָבען זיך געררויטעלט. זי האָט ניט אויפגעהויבען איהרע אויגען פון דעם דיל און אַזוי ווי עס האָט אויס־געוויזען, בלינדערהייט זיך אוועקגעזעצט אין עק פון טיש.

דער מאָלצייט האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם, וואָס קאַלדוועל האָט אַריינגעשטעקט זיין גאָפּל אין אַ שטיק פלייש.

בען האָט געגעסען, ווי נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען, מיט אַ גרויס צעעפענט מויל, זיינע ציין האָבען געקייט מיט אַזאַ געשמאַק, אַז ער האָט

זיך אליין געוואונדערט ווי אזוי ער האט ביז איצט ניט באמערקט, אז ער האט אזוינע שטארקע ציין.

ער האט פון צייט צו צייט געטאן א כאפ זיינע אויגען אנצוקוקען די נייע מענשען ארום טיש. אלעמאל איז איהם אויסגעקומען זיך אנצוטרעפען מיט דעם מיידעל'ס אויגען, וועלכע האבען זיך אזוי דערשלאגען, אזוי קינדיש, שולדיג און דערשראקען פארבאהאלטען.

דעם געשפרעך האט אנגעהויבען פרוי קאלדוועל.

— קינדער, טוט א קוק, וואס פאר א מתנה דער איסטערנער האט מיר געבראכט.

אלע האבען אויפגעהויבען זייערע אויגען פון די שיסלען און באטראכט די צוויי גרויסע שעהנע גערינצעלטע אראנזשען, וועלכע זענען געלעגען אינדערמיט טיש אויף א טעלער.

פרוי קאלדוועל האט זיך אויפגעשטעלט און א כאפ געטאן ביידע אראנזשען און מיט זיי אנגעהויבען צו טאנצען איבער דער גרויסער עסשטוב און זיך אויסגעקייקעלט דאס פנים מיט זיי.

קאלדוועל האט זיך צעלאכט, פארווארפענדיג זיין קאפ אויף ארונטער.

— וואס איז דא די פרייד, — האט ער געזאגט, — איך מוז צוליב מיינער נאך פארזעצען אראנזש בוימער ארום מיין הויז.

די צוויי בחורים און אויך דאס מיידעל האבען מיט איינמאל אויסגעשאסען אין א געלעכטער פון קאלדוועל'ס וויץ.

נאכדעם האט קאלדוועל געזאגט שטאלץ און פאראדנע:

— פארוואס ניט... איך געדענק צוריק מיט יארען, אז בראנפען פלעג פארפרוירען ווערען ביי אונז אין די דאקאטאס.

שוין ביי דעם ענד פון מאלצייט האט זיך קאלדוועל אזוי ווי דערמאנט און געפרעגט בען'ן מיט וואס פאר א ביזנעס, זיין פאטער אין ניו יארק, פארנעמט זיך.

בען האט געענטפערט:

— אידער וועט לאכען, ווען איהר וועט הערען. ער קויפט צונויף פון אנדערע ביזנעסלייט דעם אפפאל פון רויכווארג און מאכט דערפון צוויי מאטריאלען. די האר ווערען אראפגעשאבען פון די שטיקלאך פעל. מען מאלט זיי אין אזא מעל און מען פארקויפט עס צו די פארמער פאר אזא מין באמיסטיגונג צו זייערע פעלדער און די שטיקלעך פעל וועלכע פאר-

בלייבן ווערן געקאַכט און געקאַכט, ביז זיי צולאָזן זיך און עס ווערט פון זיי אזא קליי.

— קאַלדוועל, וויפיל זאכן און מאטעריאַלן ווערן דאָ אויף דער פּרעירי פאַרלוירן און פאַרפוילט — האָט דער הויכער בחור אינדערגיך מיט אַ קוויטשיגער שטימע געזאָגט:

— וואָס עס באַטרעפט נאָר דאָס, וואָס מען שניידט אַלע יאָהר אַראָפּ פון די איבערגעוואַקסענע האָפּס פון די פערד. מען וואָלט עס האָך אויך געקאָנט צומאָלען, כע, כע — האָט קאַלדוועל זיך געוויצעלט — היינט ווען מען שטעלט נאָך אונטער ביי יעדן זאַנג ווייץ אַ טעפּעל, וואָלטען דאָך אָנגעזאַמעלט טעפּ און טעפּ מיט ווייץ בשעת דער ווינט שאָקעלט דעם זאַנג און די קערנער טרייסלען זיך אַראָפּ.

בען האָט געלאַכט האַרציג. זיינע אויגען זענען פול געוואָרען מיט טרערען. דער גוטער מאָלצייט און די אַלע מענשען האָבען איהם שטאַרק דערוואַרעמט.

נאָך דעם מאָלצייט האָט קאַלדוועל זיך דער ערשטער אויפגעהויבען און נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעזאָגט די צוויי בחורים וואָס זיי זאָלען מאָרגען טאָן און וואו זיי זאָלען אַקערן, האָט ער זיך געווענדט צו זיין נייעם בחור בען און צו איהם געזאָגט:

— בען, אייך, מאַך איך, פון מאָרגען אָן פאַר דעם שעף איבער מיינע פערד; אי די פערד אין שטאַל, אי די פערד וואָס לויפען אַרום איבער מיינע פּרעירים.

בען האָט זיך גוט איינגעהערט צו דעם וואָס קאַלדוועל האָט געזאָגט און ווען יענער האָט געענדיגט, האָט ער געפרעגט:

— וואָס וועל איך באַדאַרפען טאָן?

— דאָס איז אייער אַרבייט און אייער זאַך איז פערד, ווייסט איהר דאָך וואָס איהר האָט צו טאָן. איך האָב פיינט צו זאָגען. איך האָב ליב אַז יענער ווייסט אַליין, וואָס ער האָט צו טאָן, — האָט קאַלדוועל שוין אַזוי ווי זיך אַ בייזער געטאָן און איז אַוועק אין דער טיר וואָס האָט געפירט אין דעם דריטען צימער, פון עס־שטוב.

די צוויי בחורים האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערען. אונטער דער פאַרוואַקסענער הויט פון זייערע שמאָלע פּנימער האָט זיך באַ־

האלטען א לייכטער שמייכעל און זיי האבען, אזוי וויביידע מיט אמאל, געזאגט:

— מיר וועלען ארויס אין דרויסען, לאזען רויך.

בען איז מיט זיי ארויס אין דרויסען. מען האט זיך אויסגעשטרעקט אויף דעם גראז און איטליכער האט זיך פארטיפט אין זיין ארבייט פון מאכען א סיגארעט.

אין דרויסען איז געוועזען נאך ליכטיגלאך, אבער שוין בלאה. מען האט נאך געקאנט זעהן אזוי ווייט ביז די בערג. אבער וואס עס טוט זיך אן דארט אויף די בערג און פון יענער זייט איז שוין געוועזען אוממעגליך צו זעהן.

די גאנצע פרעירי האט געשמעקט, און איז געוועזען שטום.

איינער פון די בחורים וואס זענען געלעגען מיט בען'ן האט זיך אזוי ווי איינגעשטעלט דאס לעבען און געפרעגט:

— פון ווי ווייט קומט דער ברודער?

— הא, פון זעהר ווייט. פיר טאג מיט דער באהן געפארען. צום טייוועל, זאגט מיר פריהער, ווי מען רופט אייך — האט זיך בען פון זיין פארטראכטקייט אזוי ווי אויפגעכאפט.

— מיך רופט מען מעק — האט דער הויכער בחור געענטפערט — און איהם רופט מען עד. נאר ווער ווייסט צי דאס איז אמת. אבער אז מיין נאמען איז מעק, דאס בין איך אן עדות.

— העי, העי, הויבסט שוין אן, קאמעדיאנט.

— איידער איך האב מיט איהם חתונה געהאט — האט דער הויכער בחור, וואס האט געהייסען מעק, זיך צעווארעמט מיט זיינע חכמות — האט ער געהייסען פיל. אזוי ווי איך בין א הויכער און ער א נידריגער, איז ער דערפאר מיין ווייב, האך, האך —

דאס געזאגט, האט ער זיך אויפגעזעצט, אויסגעשטרעקט זיינע לאנגע פיס פאר זיך געטאן א שטארקען ציה פון זיין סיגארעט, דעם סיגארעט נאכדעם ארייגעשטופט אין דער ערד מיט זיינע פינגער און זיך גע־ווענדעט צו בען'ן, אזוי ווי שוין אן אלט באקאנטער:

— צו וואס אזא יונגערמאן ווי איהר קומט אויף דער פרעירי ווייס איך ניט. פון אונז איז נישטא וואס צו רעדען, מיר האבען זיך ביז איצט געוואלגערט אויף די דאזיגע ווילדערנישען און מיר וועלען זיך ווייטער

וואלגערען ביז וואנען ער, עד אונזער פּילאָזאָף זאָגט, דער קאַיאָט וועט אונז אויפעסען. אָבער גלויבט מיר, אז איך וואָלט ניט געקומען צופאָרען אַזש פון דער ווייטער איסט אהער און נאָך צו קאַלדוועל אויפ׳ן ראַנדזש.

בען איז געלעגען אויסגעשטרעקט מיט זיין פּנים צו דעם פּיאָלעטעווען הימעל אויף וועלכען עס האָט שוין, אַזוי ווי אין אַ חלום, ערגעץ זיך גע־וויזען אַ שוואכער שיין פון אַ שטערען. בען איז געוועזען פארטיפט און פונדעסטוועגען געהערט וואָס מעק האָט גערעדט, אָבער די דאָזיגע רייד האָבען איהם ניט געגומען, אזוי ווי ניט איהם מיינט מען דאָס.

וואָס האָט ער טאַקע מורא צו האָבען אויב קאַלדוועל איז ניט גוט?

דער קורצער בחור, וואָס האָט געהייסען עד, האָט געזאָגט:

— ניט אזוי באַדאַרף מען צעשרויפען אַ נייעם מענשען. וויפיל ערטער ער איז שוין ניט אויסגעוועזען האָט ער נאָך אַזאַ גוטען מאָלצייט אין ערגעץ ניט געגעסען. שלעכט זענען זיי די באַלעבאַטים, אַלע.

— קאַלדוועל קען מען דען רופען שלעכט — האָט מעק שטילערהייט געזאָגט, ארומקוקענדיג זיך אזוי, אז קיינער זאָל ניט הערען — ער איז אַן אויסוואורף, אַ הינטישער זוהן. זיין אייגענעם זוהן, אייניאיינציגען זוהן האָט ער אליין מיט זיינע הענט, זאָגט מען, דער׳הרג׳עט און ערגעץ אויף דער פּרעירי באהאַלטען. עס האָט זיך דאמאָלט אָפּגעטאָן אביסעל. פּלוצים ניטאָ קאַלדוועל׳ס זוהן. די שטיף מאמע האָט איהם ניט געגליכען, נו, האָט ער גענומען און איהם פארטיג געמאכט. מען האָט דאמאלט די גאַנצע פּרעירי איבערגעקעהרט און איהם ניט געפונען, ער איז אריין ווי מען זאָגט טאַקע, אין דער ערד אריין.

— דאָס האָב איך אויך געהערט — האָט עד, דער קורצער בחור, לי־גענדיג מיט זיין בויך אויף דעם גראָז, געזאָגט — זיין זוהן איז מיט איהם ארויס טאָן אין פעלד עפּעס אַן ארבייט. האָבען זיי זיך צוקריגט. און דער פאַטער קאַלדוועל האָט דעם זוהן געטאָן אַ כמאַליע מיט אַ לאָם איבער׳ן קאָפּ און איהם צופּלעטשט. און איך האָב אויך געהערט, אז ער האָט פיינט צו צאָלען זיינע מענשען. ווען וועט ער געבען געלט, מעק?

— געלט וועט ער דיר געבען, — האָט מעק מיט גאַל געזאָגט, — ער גיט גוט אָפּצועסען, אָבער געלט האָט ער אליין ליב. מאָרגען מאָן איך געלט. אויב ער וועט געבען, איז גוט, און אויב ניט, וועלען מיר נעמען אונזערע פּעקלאַך און ארויס פון יענער זייט טויער.

בען האָט אזוי ווי דערפילט, אז ער באדארף מיט די דאָזיגע חברה מער ניט רעדען. ער האָט זיי דערפאר גאָרניט געזאָגט נאָר געלעגען און געקוקט ווי אזוי דער הימעל פון דער ווערט וואָס אמאָל טונקעלער. ער האָט געפילט אַ מידקייט אין זיינע גלידער פון דער לאנגער באַן רייזע און זיך קוים דערוואָרט ביז די אנדערע צוויי האָבען פאַרגעשלאָגען צו געהן זיך לייגען שלאָפען.

## קאפיטעל ג.

בען איז איבערגעשלאפען די ערשטע נאכט אויף דער פרעירי זעהר גוט. ער האט זיך אויפגעכאפט, אז עס האט אנגעהויבען צו ווערען טאג. ער איז אזוי געלעגען אביסעל און באטראכט זיין שלאף־צימער. עס איז געוועזען נאך דעם געשמאק פון דער וועסט. אהן א סופיט. נאר די שינד־לען און די באלקענס אפגעווייסט מיט קאלך, און זעהר ריין געהאלטען. זיין בעט איז ברייט, ריין פארשפרייט, אבער ניט גענוג ווייך.

און מיט דעם אייגענעם געשמאק האט זערך שעהן אין דרויסען אנגעהויבען צו טאגען. בען האט זיך אויפגעהויבען פון בעט שטילערהייט, ניט געוואלט אויפוועקען די אנדערע צוויי, וועלכע האבען נאך געשלא־פען, זיך אנגעטאן און אראפ מיט די טרעפ.

ווען ער איז אריין אין קיך האט ער זיך דערשראקען. אויף דעם הילצערנעם גרויסען סטאפטשאן, איז געלעגען אויסגעשטרעקט דאס דינע, שעמעוודיגע מיידעל. בען האט אינדערגיך אוועקגעכאפט זיינע אויגען און מיט דער זייט זיך ארויסגעכאפט אין דרויסען ארויס.

עס איז געוועזען קאלט, אבער לוימער און שעהן. א האן האט גע־קרעהט ערגעץ נאהענט און פון שטאל האט זיך געהערט דאס טופען פון די פערד און א גרויסער געל־ברוינער הונט מיט גרויסע פלעקען איז צוגעקומען צו די פיס פון בענ'ן און האט זיך אנגעהויבען צו טוליען און צו רייבען זיך ארום איהם.

בען האט זיך איינגעבויגען, געטאן דעם הונט א גלעט איבער זיין שמאלען, קלוגען קאפ און איז נאכדעם אוועק אין שטאל.

צעעפענט די טיר פון שטאל. אלע פערד האבען אויסגעדרעהט זייערע קעפ און איהם באטראכט. בען האט דערפילט, אז זיי קוקען אויף איהם, ווי אויף א נייעם מענשען און עס איז איהם אומהיימליך געווארען. און

אומבאוואוסט האָט ער געטאָן זאכען אזוי כדי די פערד זאָלען אָנהויבען צו האָבען א שעהנע מיינונג וועגען איהם.

אויף דעם בוידים איז ער ארויפגעקראָכען, דורך דער לייטער אין א ווינקעל פון שטאַל, וואוילקענעוודיג, פארפעלט איין סטעבעליע איבער דער אנדערער און זיך אָנגעהאַלטען נאָר מיט איין האַנט. און שוין דאָרט אויף דעם בוידים, שטעהענדיג מיט דעם היי־גאָפּעל אין דעם באַרג־היי האָט ער געוויזען, אז ער קאָן ארויסקנייפען מיט איינמאַל א גרויסען בינט היי.

ארונטערגעוואָרפען דורך דעם לאָך איבער איטליכען פערד'ס קאָפּ א בונט היי, און עס איז געוואָרען א רעש אין שטאַל. פערד קייען היי, בלאָזען אוועק דעם שטויב פון זייערע נאָזדרעס. בען שפרינגט אראָפּ פון בוידים און פאַלט אריין, אָנשלאָגענדיג זיך אָן די צוויי בחורים, מעק און עד.

זיי זאָגען איהםביידע מיט אמאָל גוטמאָרגען, רייבען מיט זייערע הענט די פארשלאָפענע קליינע אויגלאך און וואונדערען זיך אויף דעם וואָס ער האָט שוין באַטיילט אלע פערד מיט היי, און וואס פאר א טייוועל ער איז, אזוי פריה אויפגעשטאנען.

— איצט, קינדער — האָט בען געזאָגט — פירט ארויס די פערד אָנטרינקען.

מעק און עד האָבען זיך איבערגעקוקט, אָבער גאָר ניט געזאָגט, נאָר אזוי געטאָן ווי בען האָט זיי געהייסען.

די פערד אָנגעטרינקען, הויבט זיך אָן נאָך אמאָל דאָס קייען פון היי, נאָך מיט מעהר געשמאַק. די גאַנצע שטאַל ווערט פול, אזוי ווי מיט מיל־שטיינער. בען זאָגט, אז די פערד זענען שעהנע, אָבער זיי זענען אָפּגע־לאָזענע. שוין יאָרען אוועק, אז מען האָט זיי ניט געריייניגט און ניט געקאַמט.

— איהר, קינדער — האָט ער באַפוילען — רייניגט נאָר ארויס דעם מאַנור פון אונטער די פערד און איך וועל זיי אויסקעמען; אויב איהר ווילט, אָבער, קענט איהר קעמען די פערד און איך וועל רייניגען דעם מאַנור.

— זיכער ווילען מיר קעמען — האָט דער הויכער מעק ווי זיך אָנגעכאַפּט.

בען איז געוואָרען שטאַרק פארנומען. גערייניגט דעם מאַנור פלאַכ־

טעסוויים. דער שאַרפער ריח איז געקראָכען אין זיין נאָז אריין. קאָמאַנ־דירט מיט די פערד, אַנרירענדיג זיי לייכט מיט זיין האַנט אויף זייערע קרייזשעס, דאַ רעכטס, דאַ לינקס, און אַנדערס מאָל האָט דאָס פערד געמוזט פאָלגען און אויפהויבען א פוס אין דער לופטען, ווייל בען האָט באַדאַרפט אויפגראָבען דעם איינגעטראָטענעם מאַנור.

נאָכדעם האָט דער נידריגער עד געבראַכט א ריידעל־טראָגער און אָנגעהויבען אַרויסצעפירען דעם מאַנור פון שטאַל אין דרויסען, דערביי אונטערברומענדיג עפּעס אין דער שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט עמיצען גע־שאָלטען.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם מאַנור האָט בען באַטראַכט די פערד.

— אָט דאָס רופט איהר קעמען? — האָט ער זיך גע׳ברוגז׳ט און גע־טאָן א וואָרף מיט דעם שטאַל־גאָפּעל צו דער ערד מיט א קלונג — וואו זענען דאָס קעמעל מיט דער באַרשט?

באַלד האָט פון דעם שוואַרצען פערד, וואָס איז געשטאַנען אין דער ערשטער אָפּגעזונדערטער שטאַל ביי דער טיר, אָנגעהויבען אויפצוקומען א באַרג מיט שטויב. בען האָט דאָס דאָזיגע פערד געריבען מיט ביידע הענט, אין איין האַנט דאָס קעמעל און אין דער אַנדערער די באַרשט. דאָס פערד איז געוועזען א קיצעלדיגער און זיך געבויגען נידריג צו דער ערד אונטער דעם דרוק פון בען׳ס הענט. בען האָט אויף דעם פערד אַלע מאָל ביין אָנגעשריגען און געהאַלטען אין איין איבערזאָגען: אָט אַזוי קעמט מען א פערד!

מעק און עד זענען געשטאַנען, מיט די הענט פאַרשטעקט אין זייערע הויזען קעשענעס, און געקוקט ווי אַזוי דער בען פון דער איסט — אַזוי האָט ער ביי זיי געהייסען — מאַכט זיך קינדער־נאַריש, זיך איינגעהערט צי מען שרייט שוין ניט פון דער קיך אַז איבערבייסען איז פאַרטיג, גע־שלונגען דאָס שפּייעכץ אין זייערע מיילער און זיך איבערגעקוקט מיט ווינקענדיגע אויגען.

— איסטערנער, זייט פאָרזיכטיג ווען איהר קעמט דאָס דאָזיגע פערד אויף זיינע פיס, ער איז א קיצעלדיגער אַזוי ווי אונזער מיידעל — האָט דער הויכער מעק געזאָגט און געטאָן א טרייסעל מיט זיין שמאָלען קאָפּ און מיט דער היטשקע האָר אויף זיין קאַרק.

דער נידריגער בחור האָט זיך פּלוצים צעלאַכט און געטאָן א שטויס מעק׳ן, אז יענער איז שיר ניט אומגעפאלען :

— איך בין היינט אריין אין קיך האָב איך אונזער מיידעל געפונען ליגענדיג אַן אויסגעשטרעקטע און זי האָט געכראָפּעט ווי א קאץ. בין איך צוגעגאַנגען און זי אויפגעדעקט, האָב איך דערהערט טריט און איך בין ארויס אין דרויסען.

— ביזט א נאַר. איך בין באלד נאָך דיר אַנגעקומען. איך — —

ער האָט ניט דערענדיגט, דערוואָרגען זיך מיט זיינע ווערטער, ווייל עס האָט זיך דערהערט האָס אויסזינגען פון א פּרויענשטימע :

— איבערבייסען, איבערבייסען !

## קאַפּיטעל ד.

די שטאַל איז געוואָרען לײדיג. מעק האָט אײנגעשפּאַנט פיר פערד און ער האָט אויך אײנגעשפּאַנט פיר פערד. בײדע בחורים זענען אוועק אין באַזונדערע וועגען אַקערען קאַלדוועל׳ס פעלדער.

קאַלדוועל האָט געזאָגט, אַז בען זאָל אַנזאַטלען דאָס רײטפערד און אַרויסרײטען אויף דער פּרעירי, צונויפרינגלען אַלע פערד און זײ ברײנגען אין דעם קאַרעל. אָן, דאָרט צופוסענס פון יענעם באַרג שטעהט אין טאָל די קאַרעל. דאָס איז די אײנציגע, און ער וועט זי זעהן, די קאַרעל. אויף זײנע פערד איז אויסגעברענט א צײכען: א קיף מיט א קעסטאַלע אַרום דער קיף. און זײן פּרעירי איז גרויס. נאָר אײן זאַך זאָל ער ווײסען, אַז זײן פּרעירי האָט אויך א גוטען צײכען. זי איז אַרומגעצאַמט מיט שטעכיגע דראָט און ווײסע סלופּיקלאַך און דערהויפּט זענען די פּלויטען ניט קײן קײלעכיגע; קאַלדוועל האָט פײנט קײלעכיגע זאַכען און ווען ער קאָן זיך העלפען, וואָלט ער די ערד פון א וואָגען אויך ניט געמאַכט קײלעכדיג.

בען איז אַרויסגעפאָרען אויף דער פּרעירי. געגעבען זײן רײטערילפּרײע לײצעס. אַרײן אין דעם טאָל וואו קאַלדוועל׳ס קאַרעל איז געשטאַנען. מיט דעם שמאָלען שטעגעל פון טויער פון קאַרעל אוועקגעריטען. צוגעקומען צו א קלאָרען ווײסען טײך, אַריבער דעם טײך, אײנגעטונקען זײנע שיך אין דעם קלאָרען קאַלטען וואַסער און אוועק מיט דער פּרעירי. א נאַקעטע, אָהן א בוים צו זעהן אויף מײלען און מײלען איז זי געלעגען אײנגעטונקען אין אַלערלײ נידריגע גרינסען, מיט שמאָלע שטעגלאַך א צעשניטענע.

די שטעגלאַך פאַרנאַרען דעם פרעמדען רײטער, ער ווײסט ניט וואוהין זײ לויפען און ווער עס האָט זײ דאָ אויסגעלײגט און צוואָרפען איבער דער פּרעירי.

בען האָט זיך געפילט אויף דעם רייטעריל ווי אויף א פליהענדיגען פויגעל. ער איז געשטאַנען מיט זיינע פיס אין די זאָטעל טרעטערס און זיך געוויגט אראָפּ און ארויף און געקוקט אין אלע זייטען פאר קאלד־וועל׳ס פערד.

אונטער די פיס פון זיין רייטעריל זענען געשוואונדען בערג און טאָלען און גרויסע שטיקער פלאַכעס. די זון האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו ווארעמען און פון די גראָזען האָט זיך אויפגעהויבען א פּארע. בען האָט געאָטעמט מיט דעם ריח פון דער פּרעירי, זיינע ברייטע נאָזלעכער זענען צעשפרייט געוואָרען און ער האָט עפּעס א ניגון אונטערגעפייפט. דאָס פערד האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערען, גענומען זיך יאָגען מיט א זייט פארדרעהענדיג זיין קאָפּ און מיט איין אויג ארויסגעבויגען צו זיין רייטער.

בען האָט דערזעהן א סטאַדע פערד און א שניט צווישען צוויי בערג. צופאָרענדיג צו יענעם אָרט האָט ער זיך דערמאָנט ווי אזוי מען האָט איהם געלערענט ארומצוריינגלען פערד אויף דער פּרעירי. דאָס איז גע־רעדט געוואָרען, אז די פערד שטעהען אויף א פלאַך שטיק לאַנד. אָבער וואָס טוט מען ווען זיי זענען אין א טיפען שניט צווישען צוויי בערג?

בען האָט זיך פריהער גוט ארומגעקוקט און עס איז איהם איינגעפאַלען אז ער זאָל די דאָזיגע סטאַדע דאָ איבערלאָזען און אוועקרייטען ווייטער. זיי וועלען דאָך ניט אַנטלויפען פון דאַנען ווייל זיי זענען איצט הונגעריג און עסען זייער איבערבייסען און אין דעם טיפען שניט איז דאָס גראָז געוועזען טיפער ווי אויף דעם פלאַכען לאַנד.

ער איז אוועק ווייטער. געפונען א ריידעל פערד ארומטאַנצענדיג אין א קיילעכיגען קאראַהאָד ארום א צעשראָקענעם האָז. ער האָט איהם זיך ניט געגלוסט צו צעברעכען אזא שיינעם טאַנץ, אָבער אז ער האָט זיך גוט אָנגעזעטיגט האָט ער אריינגעריטען אין דעם רינג פון די פארטיפּטע טאַנצענדיגע פערד. די פערד האָבען זיך צעשראָקען און דער האָז איז אַנטלאָפען שפּרינגענדיג אויף צוויי פיס באַרג ארויף, באַרג אראָפּ.

בען איז ארומגעפאָרען ארום דעם קליינעם טאַבון עטליכע מאָל און זיך געטאָן א לאָז רייטענדיג גלייך אויף זיי ארויף. זיי האָבען זיך דער־שראָקען, די ווילדע פּרעירי לאָשעקעס, און אויסדרעהענדיג זיך מיט א שפּרונג האָבען זיי אָנגעהויבען צו לויפען, וואו בען האָט זיי געטריבען.

נאָכדעם האָט בען צונויפגעבראַכט, א ביסעל און א ביסעל, א סך פערד נאָהענט צו דעם טיפען שניט צווישען די בערג און זיי אלע ארויס־געטריבען, מיט א פייפעריי און פאָכענדיג מיט זיין קאַפעליוש אין דער לופטען, פון דעם שניט אויף דער נאָהענטער פלאַך; דאָרט האָט ער זיי ארומגעריטען עטליכע מאָל, געמאַכט דעם טאַבון ענגער, אזוי, אז איין פערד איז געשטאַנען מיט זיין האַלז ארויפגעלעגט אויף דעם אַנדערען פערד. אוועקגעריטען א ווייטען דיסטאַנץ און צוריקגעקומען מיט א גאַ־לאָפּ גלייך אויף דער סטאַדע ארויף.

דער גאַנצער, גרויסער בונט מיט פערד האָט זיך צעשאָטען. בען האָט געריטען אין דער מיט און זיי זענען געלאָפען און געלאָפען, מיט זייערע פיס געריסען דאָס גראָז פון אונטער זיך, די עקען צעשפּרייטע אזוי ווי פליגלען.

בען האָט זיי געבראַכט צו דעם טייך וואָס איז געפלאָסען נאָהענט פון דעם קאַרעל. זיי זענען אלע אריין, צעשלאָגען דאָס וואַסער און גע־מאַכט א ווייסען שוים דערפון, געבליבען שטעהן, געטרונקען, געשמיסען מיט די עקען איינגעטונקענע אין וואַסער איינער אויף דעם אַנדערען, געהויבען די הינטערשטע פיס און געבריקערט ווייזענדיג אויסגעוואַשענע האָפען.

עס האָט זיך שוין ניט געגלוסט ארויסצוגעהן פון טייך. בען האָט אויף זיי אָנגעשריגען ארויסברייגענדיג פון זיין מויל און וואַרפענדיג אין דער לופט ארויס אזוינע קוילעכדיגע אויסגעשרייען, אז די פערד האָבען געמיינט, אז טויזענדער יונגען זיינען געקומען צו לויפען און טרייבען זיי.

דערפאַר זיינען זיי ארויס פון טייך מיט אזא ווילדקייט, שפרינגענ־דיג איינער איבער דעם אנדערען דאָס קליינע בערגעל פון טייך ארויף, אז בען האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך צעלאַכט.

פאַרטרייבענדיג זיי אין דער קאַרעל האָט בען פאַרמאַכט דעם טויער און איז צוריק אריינגעשפּרונגען אין זאָטעל און אוועקגעריטען אהיים.

אויף קאַלדוועל׳ס הויף זיינען געשטאַנען פוהרען. אין די פוהרען גרויסע בונטען היי און פערד אָנגעטאָן אין זייערע געשפּאַנען האָבען גע־האַלטען זייערע קעפּ טיף באַהאַלטען אין דעם היי.

בען איז וואוילקענעוודיג אראָפּגעשפּרונגען פון זיין רייטערעל, ווען ער איז צוגעקומען צו דער טיר פון שטאַל. פון דאָרטען זענען ארויסגע־

פלויגען מיט א קאַקאַדאקען צעשראָקענע הינער. די זון איז געליגען אויף א האלבער שטאל און זי געוואָרעמט און די צווייטע האלבע שטאל איז געווען אין שאָטען.

בען האָט אריינגעלאָזען זיין רייטערעל אין שטאל. אוועק מיט גיכע טריט צו דעם הויז. קאַלדוועל האָט איהם באגעגענט ביי דער טיר און געזאָגט, אז איהם וואונדערט ווי אזוי ער איז אזוי גיך צוריקגעקומען. און אז עס איז דאָ קונים וואָס ווילען קויפען פערד און צי דאָס רייטערעל איז נאָך אָנגעזאָטעלט. אויב יאָ, מעג ער דאָס אויסזאָטלען.

איידער בען האָט אויסגעזאָטעלט זיין רייטערעל און איז ארויסגעקומען אין דרויסען, האָט שוין קאַלדוועל געפירט א גרויסען שווארצען ברייטביינינגען אָגער.

קאַלדוועל האָט איבערגעגעבען אין די הענט פון בען'ן א שטריק צוזאמענגעלעגט אין א רינג און א ווייכע לאַנגע בייטש און אויך דעם מיט א גראָבען קניפּ פאַרענדיגטען עק פון דער קאפּעסטרא, אין וועלכער דער אָגער איז געווען אָנגעטאָן.

נאָהענט פון דער קאַרעל האָט דער אָגער אָנגעהויבען אויפצעציטערען און אלעמאָל אויסגעצויגען זיין ברייטען לאַנגען האלז און צעשניטען די לופט מיט זיין הירזשען. אויב א לייב שרייט, דאמאָלט איז דאָס ווי אזוי דער אָגער האָט איצט געהירזשעט נאָך העכער ווי געשריגען.

די פערד פון קאַרעל, דאָס מייסט, זי־פערד, האָבען אָפּגעענטפערט און זיך אויסגעשטעלט ארום דעם פּלויט און ארויסגעשטעקט זייערע קעפּ צו כאַפּען א קוק אויף דעם שענעם שווארצען אָגער, וועמען זיי האָבען שוין אפשר א גאַנצען ווינטער ניט אנגעזעהן אין זייערע אויגען און געמיינט אז דער אָגער האָט זיי שוין פאַרלאָזען און וועט שוין צו זיי מעהר ניט קומען.

אז בען האָט אריינגעבראכט דעם אָגער אין דעם אינוועניג פון דער קאַרעל האָט קאַלדוועל געזאָגט בען'ן אז ער זאָל דעם אָגער לאָזען א שמעק טאָן צו איטליכען פערד, אויב דער אָגער וועט נאָר וועלען.

אליין איז קאַלדוועל געשטאַנען פון דער ווייטענס מיט זיינע קונים און אויסגעהערט וואָס זיי האָבען גערעדט צו איהם און אויך מיט זיינע שארפע אויגען זיך איינגעקוקט ווי אזוי דער אָגער שמעקט זיך אָן מיט די פערד. קאַלדוועל האָט אויך באַמערקט אז זיין אגער, ווי אזוי ער

זאָל ניט ווערען אָנגעצונדען פון דער ליידענשאַפט, קאָן ניט פארגעסען, אז עמיצער האלט איהם אין די הענט. דאָס איז איהם שטארק געפעלען. און קאלדוועל האָט געטראכט, אז איצטער האָט ער אין דער פּערזאָן פון בענ׳ן אן אמת׳ן פערד־מענשען.

און אזוי איז דאָס געווען: דאָס זי־פערד האָט געווארט ביז דער אנגער איז צוגעקומען, געטאָן א שמעק צו איהר, ארויפגעלעגט זיין שווע־רען קאָפּ אויף איהר האלז און אזוי ווי ער האָט נאָר געטאָן א הויב מיט א פוס אויף איהר ארויפצושפּרינגען איז זי שוין אויסגעטריקענט געוואָ־רען און נישט.

וואָס זשע האָט דער אנגער געטאָן? ער האָט אויפגעהויבען זיין קאָפּ אין דער הויך, אויסגעשטרעקט זיין האלז און פארהויבען די אויבערשטע ליפּ און מיט זיינע גרויסע ווייסע ציין שטיל געהירזשעט.

דער אָגער האָט זיך ניט פארלוירען און אז דאָס דאָזיגע פערד האָט איהם אוועקגעוואָרפען איז ער צוגעגאנגען צו אַן אנדער פערד, זיך געהיט טאָמער איז איינעם איינגעפאלען איהם צו געבען א בריק מיט די הינטער־שטע פיס אין זיינע ציין. פאר א ביס האָט ער גאָר און גאָר קיין מורא נים.

פארקערט, איינער א זי־פערד גיט איהם א ביס, האלט ער שוין מיט איהר אויף א וועג. דער אגער דערפיהלט דאמאלט א ווארימען שטראָם אריבערלויפענדיג הינטער זיין גאַנצער הויט. ער קושט זי אין איהרע ליפּען. און מיט זיין גרויסען קאָפּ גיט ער א שאָקעל אראָפּ און ארויף, שפּייט אויף דער ערד מיט שטיקער ווייסען שוים, לייגט ארויף זיין האלז אויף דער שקאפּע׳ס האלז און נאקען. פאָהרט אריבער איבער דער גאנ־צער שעהן און רונד אויסגעבויגענער לענג פון איהר קריזש מיט זיין האלז, א שפּרונג, א כאפּ מיט זיינע ציין איהרע האָר און זי איז זיינע.

דער אגער בלייבט דערנאָך שטעהן מיט צעשפּרייטע פיס אויף דער ערד, שאָקעלט מיט זיין קאָפּ ארויף און אראָפּ אוןווארפט פון זיין מויל מיט ווייסען שוים. און דאָס זי־פערד יאָגט זיך ארום און ארום איבער דער קארעל מיט אויסגעשאָסענע אויגען, יאָגט זיך און ווערט ערגעץ אזוי ווי פארפאלען.

קאלדוועל קומט צו און זאָגט, אז בען זאָל דעם אגער ארויסנעמען

פון קארעל און אהיים פירען. פאר דעם אָגער איז גענוג היינט. און איצט געהט מען א היים עסען מיטאָג.

איינער פון די קונים האָט שמייכלענדיג געטאָן א וואונק צו בענ'ן און אויסגעשריגען:

— א פיין שטיק ארבייט, בחור.

## קאפיטעל ה.

בען האט אריינגעלאזען דעם אגער אין זיין גרויסער אפגעזונדערטער שטאל, פארמאכט דאס טירעל און איז ארויף אויף דעם בוידים אנצוואַרפען היי פאר איהם און פאר אלע פערד.

פון אלע ווינקעלעך פון שטאל זענען געלאפען צעשראקענע הינער מיט אויסגעשטרעקטע קעפלעך און מיט צעשפרייטע פליגלען.

בען האט געטראכט, אז ער וועט זאגען דער פרוי קאלדוועל, אז ער וויל ניט האבען קיין הינער ביי זיך אין שטאל. זיי מאכען דאס היי פול מיט לייז. נאכדעם עסען די פערד דאס לייזיגע היי און די לייז באפאלען די פערד, ברר...

אז בען האט געטאן א שפרונג ארויף אויף דעם בוידים האט ער זיך געטאן א ווארף פון שרעק.

דערזעהן דאס מיידעל פון הויז מיט איהרע פיס טיף פארשטעקט אין דעם ווייכען היי. ער האט צו איהר עפעס געוואלט זאגען, נאר די ווערטער האבען איהם געווארגען.

זי האט פון די הענט ארויסגעלאזען די עקען פון איהר פארטוך און עס האבען זיך געטאן א שיט ארויס פון פארטוך אלע אייער, וואס זי האט פון די פארבארגענע, אין היי, הינערנעסטען צונויפגעקליבען.

— וואס האט איהר זיך אזוי דערשראקען, מיידעל — האט בען זי אנגעכאפט ביי איהרע קליינע הענט.

— צובראכען אלע — האט דאס מיידעל דערוויל געריסען איהרע הענט פון בען'ן — לאזט מיך אפ, איך בעט אייך.

— איך וועל אייך ניט אפלאזען ביז איהר זאגט מיר ניט ווי אזוי מען רופט אייך — האט בען מיט זיינע שטארקע הענט זי נאך שטארקער גע־האלטען.

— איך וועל ניט זאגען — האט זיך דאס מיידעל געריסען.

— אויב איהר זאָגט ניט וועל איך דערצעהלען אייער מוטער — האָט בען א פארפלאָמטער מיט א מימיק אָנגעוויזען אויף דעם בערגעל צעבראָכענע אייער.

— מיין מאַמען קענט איהר געהן דערצעהלען, זי וואוינט זעהר וויט פון דאַנען — האָט דאָס מיידעל געלאַכט אַזוי ווי פון זיך ארויס.

— אזוי. איך האָב געמיינט, אז פרוי קאַלדוועל איז אייער מאַמע — האָט בען שטילערהייט, מיט גרויס צועפּענטע אויגען, געזאָגט. —

— איך דיען אָפּ פאר מיין טאַטענ'ס פערד, מיין טאַטע האָט גע־קויפט צוויי פערד ביי הער קאַלדוועל. מיין טאַטע האָט אָבער ניט גע־האַט קיין געלט. האָט ער געזאָגט צו מיר: ליזאבעט, געה וועסטו אָפּ־דיענען ביי הער קאַלדוועל פאר די צוויי פערד. בין איך געגאַנגען, — האָט דאָס מיידעל אזוי שעהן און פראָסט דערצעהלט, אקוראַט ווי א קליין קינד, ווען עס דערצעהלט עפּעס זיין מאַמען.

— אהא, איך וויים שוין ווי איהר הייסט, ליזאבעט — האָט בען זיך דערהפרעהט און אָפּגעלאָזט דאָס מיידעל און מיט ביידע הענט געטאָן א פאטש.

דאָס מיידעל האָט געטאָן א שפּרונג, צוגעלאָפען צו דער טיר פון בוידים און איז, אזוי ווי ארונטערקייקלענדיג זיך פון א בארג, אראָפּ דורך דער לייטער.

ווען מען האָט געגעסען מיטאָג האָט פרוי קאַלדוועל געפרעגט בען'ן צו דעם אנער איז היינט געגאַנגען אין ליבע.

בען האָט געפיהלט ווי זיין גאַנצער פּנים פלאַמט. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אז די דאָזיגע פרוי צילט ערגיץ אנדערש. ער האָט זיך געוואָלט ארויסדרעהען פון דער דאָזיגער לאַגע און געזאָגט:

— איהר הערט, אייער מיינונג וועגען אייערע הינער מעג זיך זיין ווער ווייסט וואָס, אָבער איך האָב פיינט צו זעהן, ווי זיי קריכען מיר אין שטאַל אריין. איך וועל דארום זעהן מאַכען פאר די הינער אייערע א באַזונדער אָרט ארומגעצוימט מיט א פּלויט פון דראָט.

— אָט אזוי, הייסט גערעדט — האָט קאַלדוועל אונטערגעגעבען חשק — זי מיינט, אז איהרע הינער מעגען טאָן וואָס זיי ווילען.

— און דאָס וואָס אייערע פערד פרעסען אויף די אייער — האָט פרוי קאַלדוועל געזאָגט האלב אין ברוגז און האלב אין שפּאס — אייערע

פערד, איהר מענער מיט אייערע פערד. דאָס מיידעל איז ארויסגעגאַנ־גען אויפקלייבען אייער און צוריקגעקומען מיט גאָרנִיט.

בען האָט זיך איבערגעקוקט מיט דעם מיידעל, פאַרלוירען א שמייכעל. ליזאבעט האָט אויך פארלוירען א שמייכעל. הינטערען טיש האָט בען דערפיהלט, ווי עמיצער דריקט איהם לייכט אויף זיינע שיך.

נאָכמיטאָג האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען דער אנדערער טאָג פון שפאנען פערד. די מענער זענען זיך צעגאַנגען פון הויז, איבערלאָזענדיג וואָלקענס רויך, דעם ריח פון ערד און זאמדיגע ברעקלעך אויף די דילען.

קאַלדוועל מיט זיינע קונים און אויך בען זענען אָנגעקומען אין דער קאַרעל, וואו דאָס ווילדע געזינדעל פון דער פרעירי, קאַלדוועלס פערד, זענען געשטאַנען איינגעשפּארט און זיך געבאָדען אין דער זון.

דאָס מאָל האָבען די פרעמדע מיטגעבראַכט זייערע וואָגענס מיט די פערד איינגעשפּאנט און זיי איבערגעלאָזט שטעהן אין דרויסען פון קאַ־רעל. דאָס געיעג האָט זיך אָנגעהויבען. מען האָט באַדאַרפט כאַפּען צוועלף ווילדע פערד.

בען האָט גענומען אין זיינע הענט דעם פאַרוויקעלטען שטריק. אָנ־געשפּיגען אין די דאָלאָניעס, פארבונדען א שלייף און איהם געמאַכט לויז און גענוג גרויס און הער קאַלדוועל האָט איהם אָנגעוויזען וועלכען מען דארף כאַפּען.

בען האָט אין איין האַנט געהאַלטען דעם גאַנצען שטריק און אין דער אנדערער האַנט האָט ער גענומען דעם שלייף, איהם געטאָן א הויב איבער זיין קאָפּ און מיט איהם געדרעהט אין דער לופטען און אָנגעהויבען צו געהן אויף די שפּיצען פון זיינע שיך נאָך דעם אָנגעוויזענעם פערד.

דאָס פערד האָט באַלד פון אָנהויב זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען צו לויפען ארום און ארום אָנשלאָגענדיג זיך מיט זיין קאָפּ אין אנדערע פערד. יענע האָבען זיך אָנגענומען מיט זיין שרעק און אויך אָנגעהויבען צו לויפען. א גרויסער בארג מיט שטויב האָט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד.

בען האָט אָנגעהויבען צו לויפען פונקט אקעגען דעם קאָפּ פון זיין פערד, וועלכען ער האָט געוואָלט כאַפּען. אז זיי האָבען זיך באַגעגענט האָט דאָס פערד זיך שארף ארויסגעדרעהט און אַנטלאָפען אין אַן אנדער

זייט. בען האָט געדרעהט מיט זיין שלייף אין דער לופטען און מיט איהם געטאָן א וואָרף אויף דעם פערד, פארכאפט זיין קאָפּ און נאָכגע־לאָזט די גאנצע לענג פון שטריק.

דאָס ווילדע פערד האָט גאלאָפּירט ארום און ארום, געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ, געוואָלט אראָפּוואַרפען פון זיין האלז דעם שלייף וואָס האָט איהם שוין אָנגעהויבען צו שניידען. אז ער האָט געזעהן, אז עס איז שוין פארפאַלען, האָט דאָס פערד אָנגעהויבען ערשט גיכער צו בריקערען און געריסען דעם גאנצען לאנגען שטריק מיט בען׳ן נאָך זיך.

בען איז נאָכגעלאָפען מיט גרויסע שפּאַן און געוואָרפען זיין גע־וויכט אויף ארונטער, געריסען די ערד מיט זיינע שטיוועל, איינגעגראָ־בען זיינע אָפּצאַסען און זיך באלד געמוזט אונטערגעבען, ווייל טויזענט טייוועלס האָט די בראָנקאָ אין זיך געהאט און איהם בייגעקומען.

אָט אזוי האָבען זיי זיך געשפּילט אין יאָגעניש ביז בען איז צוגע־קומען צו דער מיט פון קארעל וואו עס איז געוועזען אין דער ערד טיף אריינגעשטעקט א שווערער סלופּ. בען האָט ארומגעכאפּט מיט דעם עק פון שטריק דעם דאָזיגען סלופּ. גיך געמאכט א שטארקען קניפּ און שווער אָפּגעאָטעמט.

איצט איז שוין דאָס פערד געוועזען זיינער, ווייל ער האָט זיך גע־דרעהט ארום דעם סלופּ און זיך נאָהענט צוגעדרעהט, ארומוויקלענדיג דעם שטריק ארום דעם סלופּ, אז ער האָט געמוזט אויפהערען צו לויפען.

צוויי וועגען האָט ער געהאט, אָדער זיך אוועקלעגען אָדער שטעהן און זיך אונטערגעבען.

דאָס פערד האָט אויסגעקליבען דעם אנדערען וועג. געשטאנען און ערהגעץ ווייט געוואָרפען זיינע ווילד ארויסגעשאָסענע אויגען, זיין גאנצע פעל איז געוועזען באדעקט מיט שוויים און זיינע ברוינע האר האָבען זיך אָפּגעלעגט אין קניימשען. זיינע נאָזלעכער זענען געוועזען רויט אָנגע־צונדען און צעשפּרייט.

איצט איז שוין איינער פון די פרעמדע, א מיטעלוואוקסיגער מיט א גרויסער שווארצער באָרד און א פּארוואקסענעם קאָפּ און האלז און נאקען צוגעגאנגען פּאמעלעך צו דעם דאָזיגען ווילדען פערד און נאָכדעם ווי ער האָט איהם מיט זיין גרויסער שווערער האנט געפּאטשט אין האלז אריין און געגלעט איבער דעם פּנים, איהם דעם גאנצען קאָפּ ארומגע־

פלאַכטען מיט א נייעם ווייסען שטריק און אויך ארומגעבונדען זיין נאָז און מויל.

מען האָט דעם שלייף פון זיין האלז אראָפּגענומען. א שארפער צייכען איז געבליבען אין די ברוינע האָר. דער באַבאָרדעטער מאן האָט דאָס פערד געהאלטען ביים שטריק נאָהענט פון זיין מויל און איהם געפירט צו זיין וואָגען.

אז אלע קונים האָבען שוין געהאט צוגעבונדען זייערע נייע איינגעקויפטע ווילדע פערד ארום זייערע וועגענער האָט קאלדוועל צועפענט ברייט דעם טויער פון קארעל און די איבערגעבליבענע פערד זענען זיך צעלאָפען אין א צעשפרייטער פארם.

דערנאָכדעם האָבען זיך די פרעמדע ארייגגעזעצט אין די וואָגענס און גערירט פון אָרט.

צוערשט האָבען די איינגעבראָכענע אלטע פערד ניט געקענט ריירען די וואָגענס פון אָרט, ניט קענענדיג ביישטעהן דאָס צוריקציהען פון די ווילדע פערד פון הינטען. נאָר, אז קאלדוועל האָט געטאָן א פּאַך מיט זיין בייטש און עס האָט זיך אָפּגעשלאָגען א פייף אין דער לופטען האָבען די ווילדע פערד צעשראָקענע זיך ארונטערגעקוקט צו דער פרעירי און מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ אָנגעהויבען צו געהן נאָך די וואָגענס.

— גוד ביי — האָט קאלדוועל נאָכגעשריגען.

## קאפיטעל ו.

קאלדוועל'ס פערד אין שטאל האבען אנגעהויבען צו שיינען און זייערע האר האבען באקומען א שעהנעם גלאנץ דערפאר ווייל בען האט זיי געקעמט און געבארשט אלע אינדערפריה.

קאלדוועל האט דאס באמערקט, עס האט איהם דערפון הנאה געטאן אבער ער האט עס ניט ארויסגעוויזען און אז ער איז אריינגעקומען אין שטאל איז ער אומערווארטעט צוגעגאנגען און באטראכט, ווי אזוי די פערד זענען צוגעבונדען צו די רינגען פון דער שטאל.

ער האט צוגערופען בען'ן און איהם מיט א ווייכער גוטברידערלי־כער שטימע געזאגט, אז ער בעט איהם איבערצובינדען די פערד, אט אזוי ווי ער וויל און אזוי ווי מען באדארף עס טאן אין דער וועסט.

יענע צוויי קען ער דאס ניט אריינקלאפען אין זייערע קעפ. זיי פארבינדען אזוי ווי עס מאכט זיך און קאלדוועל האט ליב, אז אלע פערד זאלען זיין צוגעבונדען מיט אט דעם דאזיגען קניפ. דערביי האט קאלד־וועל אליין געמאכט א קניפ. עס איז אי גרינג צו פארבינדען, אי שטארק גענוג, אז דאס פערד זאל ניט קענען זיך אליין אויפבינדען און ארויס פון שטאל און עס איז אויך גרינג אפילו פאר א קינד אויפצעקניפען. מען דארף נאר א שלעפ טאן דעם עק און עס איז אויפגעבונדען, וועט בען אזוי גוט זיין?

און נאך א זאך. קאלדוועל וויל אז בען זאל אלע טאג ארויסרייטען מיט דעם אגער אויף א צוויי שעה, פאר א שפאציר. אנדערע ראנדזשערס ארבייטען מיט זייערע אגערס אבער קאלדוועל'ס אגער איז פון א גרויסער אריסטאקראטישער פאמיליע און ער וויל מיט איהם ניט ארבייטען. דער־פאר אבער באדארף דער אגער שפאצירען.

קאלדוועל אליין איז שוין אן אלטער מאן, כע, כע, און וועט זיך ניט גאר און פלוצים ארויפזעצען און רייטען אויף אן אגער. ווידער, דעם

אגער געטרויען אבי וועמען, קען קאלדוועל אויך נים. דאָס פערד איז א טייערער אוצר. ווי קען מען היינט ערגיץ קויפען אזא אגער? ווען מען פאָהרט אוים די גאנצע פרעירי, וועט מען נים געפינען א פאָר צו איהם. ער קאָסט צעהן טויזענט אין בארעס גאָלד, אָבער דאָס איז גאר נים אקעגען דעם, וואָס דער דאָזיגער אָגער איז איינגעבאקען אין הארצען. קאלדוועל האָט איהם ליב, האָט מורא פאר איהם און ציטערט און פלאַטערט נאָך זיינע טריט. ווי אזוי זשע קאָן איך איהם געטרויען אין פרעמדע הענט?

וועט איהר דאָך פרעגען, ווי אזוי וועל איך איהם געטרויען אין אייערע הענט? נו, דאָס איז שוין מיין זאך. קאלדוועל רעדט נים קיין סך און ווייסט שוין מיט וועמען ער האָט צו טאָן.

בען האָט געטאָן שטאל ארבייט, אויפגעהאנגען כאמוטען, זאָטלען, בייטשען און אנדערע זאכען, יעדע שטאל זאך אויף א באזונדער אָרט, וואו מען זאָל עס קענען געפינען, ווען מען וועט עס באדארפען. זיך מיט א האלבען אויער צוגעהערט, וואָס קאלדוועל האָט צו איהם גערעדט.

אז ער וויל זיין אגער זאָל שפאצירען, זאָל זיין שפאצירען, וועמענס דאגה איז דאָס.

און נאָכדעם אז בען איז שוין געוועזען אין דער גרויסער אָפּגעזונדערטער שטאל וואו דער אגער האָט זיך אויפגעהאלטען און איהם געזאָטלט מיט א לייכטער אויפרעגונג, איז קאלדוועל אויך אויסגעוואקסען ביי דער טיר.

און ביי דעם פארבינדען די רימענס פון זאָטעל ארום דעם בויך פון פערד איז קאלדוועל צוגעקומען און געזאָגט, אז עס איז נים זיין טבע זיך אריינצומישען, אָבער דאָ אין דער וועסט פארבינדט מען אנדערש די רימענס פון זאָטעל, ווי אין דער איסט.

אָבער אזוי ווי עס איז געשטאנען אין בען׳ס רעקאָמענדיר פאפירען אז ער ווייסט דאָס פערד בעסער פון זיך אליין, איז שוין אליין פארשטענדליך, אז בען האָט זעהר גיך איבערגענומען די ווענדונג און דעם סטיל, וואָס די וועסט האָט געהאט, ווי אזוי דעם רימען פון זאָטעל ארומצובינדען ארום דעם בויך פון א פערד.

בען האָט זיך ארויפגעכאפט אין זאָטעל און פאר דעם אוועקרייטען האָט קאלדוועל איהם געבעטען, אז ערשטענס זאָל ער רייטען זעהר פאַ־

מעלעך, אזוי אז דאָס פערד זאָל האָבען א געוועהנליכען גלייכען טראָט. און צווייטענס זאָל ער זעהן, אז דאָס פערד זאָל זיך ניט שטארק דערהי־צען. און דריטענס זאָל ער מיט דעם פערד ניט רייטען אויף דעם וועג, נאָר זיך האַלטען אין די רעמלעך פון די דראָטענע פּלויטען. און אז ער מעג זיך נעמען צייט א צווי שעה.

בען האָט ארויסגעריטען פון דער ברייטער גרויסער טיר פון שטאַל גלייך אין דעם טאָל, וואָס האָט זיך געשפּרייט פון הויז און שטאַל ביז וואַנעט עס האָט זיך ווייטער אויפגעהויבען א לאַנגער, לאַנגער בארג.

דאָס פערד האָט פון אָנהויב געריסען מיט זיין מויל די לייצעס פון בען׳ס הענט. אָבער באַלד האָט ער זיך איבערגעגעבען אין די הענט פון זיין רייטער, זיין קאָפּ רונד און שעהן אויסגעבויגען, האַלטענדיג איהם אין דער הויך, און געטראָטען מיט זיינע שווערע פיס שטיל און וויגענדיג און אויף זיין גלאַנציגער שווארצער פעל האָבען זיך געוואָרפען און פאר־שוואונדען קנייטשיגע כוואַליעס. אויף דער ערד און אויף דעם גרינעם נידריגען גראָז איז די זון געליגען אויסגעגאָסען אזוי ווי א ליכטיגער טייך און דער שאָטען פון דעם פערד און זיין רייטער האָבען זיך געבאָ־דען און געשוואומען אין דעם טייך פון זונשיין, א לאַנגער שאָטען, דאָס פערד איז געוועזען לאַנג און דער רייטער א קליינער.

צוקומענדיג צום לאַנגען בארג האָט בען פאַרדרעהט דאָס פערד און געריטען ביים פוס פון בארג ארום און ארום. בען האָט א קוק געטאָן צו קאָלדוועל׳ס הויז און שטאַל. פון ווייטען האָבען זיי אויסגעוויזען ווי קליינע קעסטעלעך. פון איין קעסטעלע האָט זיך געצויגען צו דעם הימעל א לאַנגער פאָדים פון ווייסען רויך.

ארומרינגלענדיג דעם לאַנגען בארג איז בען געבליבען אויג אויף אויג מיט דעם גרויסען פערד.

ער האָט פארדרעהט א ציגארעטעל, אין דעם ווייסען דיקלעכען פּאַפּיר, וואָס ער האָט שוין געקויפט אין דער וועסט און פאַררויכערט.

און צוקומענדיג צו א פּלויט פון שטעכיגע דראָטען איז בען ארונ־טערגעקראָכען פון זאָטעל און געגאַנגען ביי דער זייט פון פּלויט, פירענ־דיג לויז דאָס פערד הינטער זיך.

דאָס פערד איז געוואָרען גוטברודער מיט איהם און געשטעקט זיין מויל אין בען׳ס קעשענע אריין, דאָרט וואו דער טיטון איז געליגען.

— ברודערל — האָט בען צו דעם פערד געזאָגט, וויסענדיג אז א פערד וועט צו א מענשען זיין זעהר שטארק צוגעבונדען, אויב דער מענש וועט איהם געבען אביסעל טיטון אויפצעפרעסען — נעם און פארזוך מיין טיטון, אפשר וועט עס דיר געפעלען.

דאָס פערד האָט געדרעהט מיט זיין צונג און דער אייזערנער צוים האָט געקלונגען צווישען זיינע ציין ווען ער האָט דאָס ביסעל טיטון, וואָס בען האָט איהם געגעבען, אויפגעפרעסען.

זיי זענען געגאנגען לעבען פלויט און בען האָט באטראכט די צע־דערנע סלופיקלאַך און די גלייכקייט פון דעם אויג, וואָס האָט זיי אזוי אין דער ערד פארגראָבען, אז אלע באגעגענען זיך אין איין אָפגעווירעטער ליניע. און אין די שטייף אָנגעצויגענע דראָטען איז געלעגען אן איי־ביגע איינגע׳עקשנ׳טע ענערגי.

און א מענש האָט דאָס מיט זיינע הענט געמאכט.

שטעהט זיך א מענש אויף דער פרעירי, צעווישען לאנגע בערג, הויכע אזוי ווי אינדערמיט איבערגעהאקטע שטיינערנע, ווייסע סקאָלעס, קניי־טשיגע פלאכעס באוואקסען מיט ווילדע גראָזען, און איינער אליין פלעכט ער זיין פלויט ארום זיינע לענדער, שטעלט אויס זיינע סלופעקלעך איי־בער קרומע און אָפגעהאקטע בערג און אין טיפע טאָלען און אויף ווייטע ברייטע שטיקער פלאכעס פארוואָרפט די שטעכיגע דראָטען און ציהט זיי אָן אזוי שטארק אזוי ווי סטרונעס און מיינט אז ער האָט שוין די פרעירי ארומגערינגעלט, זי זאָל ניט קענען אנטלויפען.

בען האָט אזוי געהענדיג פארטראכט, מיט דעם אגער פון הינטער זיך, ביי דער זייט פון פלויט פלוצים דערזעהן, אז א שמאָל טייכעל שנייט איהם איבער דעם וועג.

דאָס גרויסע פערד האָט מורא געהאט אריבערצוגעהן דאָס שמאָלע טייכעל און בען האָט זיך געמוזט אויפזעצען אין זאָטעל און זיך צעלאכט, וואָס מיט זיין רייטער אויף זיך איז דאָס פערד יאָ אריבערגעגאנגען דאָס טייכעל.

אריבערקומענדיג אויף דעם אנדערען ברעג, דורך אן איינגעשני־טענעם טיפען שטעגעל אין גראָז, האָט בען באמערקט פון ווייט קליינע קעסטעלעך פון אן אנדער פארוואָרפענער היים אויף דער פרעירי.

דער אַנגער האָט באַלד אַרויסגעהירזשעט, ווי דאָס פּייפען פון אַ באַהן.

דער פּלויט האָט זיך אַריינגעשניטען אין אַ סקאַסנעם שמאָלען ווינ־קעל און פון ווינקעל האָט ער זיך אין דעם אייגענעם סטיל אַוועקגעצויגען ווייטער. וואָס ווייטער דער פּלויט איז געלאָפען זענען זיך די קעסטעלעך אַלץ מעהרער גרעסער געוואָרען ביז זיי זענען אויסגעוואַקסען אין אַ שטיבעל און שטאַלען.

אַ לאַנגע פיגור אין אַ הוט, האָט זיך בען׳ן אויסגעוויזען, פּאַכט מיט איין האַנט און געהט איהם אַקעגען.

בען האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געוואַרט. וואָס נעהענטער די פיגור איז צוגעקומען, האָט שוין בען געקאָנט זאָגען אויף זיכער, אַז דאָס איז אַ פרוי אין אַ מענער הוט.

די פיגור איז צוגעקומען פון יענער זייט פּלויט. דאָס איז געוועזען אַ בלאָנד מיידעל מיט אַ דערשראָקענעם, ווייסען פּנים.

דאָס פערד איז געוואָרען נערוועז און געריסען די לייצעס פון בען׳ס הענט, געקלאַפּט מיט זיינע ברייטע פיס און אויסגעקראַבט טיפע רינגלען אין דעם ווייכען גראָז. בען האָט איהם אָנגענומען און געגלעט אויף זיין וואַרימען האַלז.

דאָס מיידעל איז צוגעקומען זעהר נאָהענט צו דעם פּלויט, זיך אָנגע־שפּאַרט אין איינעם פון די סלופּעקלעך, געמאַן אַ שמייכעל, ווייזענדיג איהרע ווייסע ציין און אויפהויבענדיג איהר פאַרריסען נעזעל אַביסעל העכער, האָט זי געפרעגט:

— ווילט איהר זיך אָפּרוהען, סיר?

— איך בין ניט מיד — האָט בען זיך אַ בויג געטאָן און געדאַנקט.

— איך ווייס, אַז איך זעה איינעם מיט אַ פערד און זאָטעל און דער מענש געהט צו פוס, ווייס איך, אַז ער מוז זיין מיד — האָט דאָס בלאָנד מיידעל געזאָגט און איהרע דינע ליפּען האָבען זיך קוים אָנגערירט איינע אָן דאָס אַנדערע — איהר זייט אַ פרישער נאָוויטנער מענש. קומט איהר פון ווייט?

— פון דער איסט.

— אַזוי! פון דער ווייטער איסט — האָט דאָס מיידעל פאַרמאַכט

איהרע אויגען און זיך געוואונדערט — זייט איהר מיד? טאָמער ווילט איהר אַ טרונק וואסער?

אויף איהר ווייס פּנים האָט זיך צעשפּרייט אַ ראַזעווע שעמעוודיג־קייט. בען האָט זיך אונטערגעגעבען, אז ער איז טאקע מיד, ווייל דער פארנעם פון זיינע פיס איז צו קליין, פאר דעם דאָזיגען ברייטביינינגען פערד, און אז זי איז אזוי גוט און וויל גיבען אַ טרונק וואסער וועט ער טאקע דערקוויקען זיין טרוקענעם גומען.

זיי זענען אזוי געגאנגען, דאָס מיידעל פון יענער זייט פּלויט, בען מיט זיין פערד פון דער זייט, ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ דראַטענעם טויער. דאָס מיידעל האָט דעם טויער געעפענט און מען איז אוועק גלייך צו דעם מיידעל׳ס היים.

הינטער אַ קיילעכיג־אויסגעבויגענעם בערגעל איז דאָס קליינע פיר־עקעכיגע הויז געשטאנען. די פאָדערשטע האלב אין דרויסען און די אנדערע העלפט איז געוועזען איינגעגראָבען אין בערגעל אריין.

דאָס מיידעל איז אריין אין הויז און האָט זיך באדארפט איינבויגען, אז זי זאָל ניט אַ קלאפּ טאָן מיט איהר קאָפּ אין דער אויבערשטער שוועל פון טיר.

בענ׳ן האָט פארדראָסען פארוואָס איהר פאָטער האָט געמאכט אזא נידריגע טיר. און איבערהויפּט מאכט מען אין דער איסט פאר אַ חזיר אַ שענערע הויז פון דעם דאָזיגען קליינעם ערדענעם פּליוו.

דערוויל איז דאָס מיידעל צוריק ארויסגעקומען מיט אַ בלעכערנער קוואָרט פול מיט וואסער. בען האָט געמענדיג דאָס וואסער אָנגערירט זיין האנט מיט דעם מיידעל׳ס. ארונטערגענומען זיין הוט און אָנגעהויבען צו טרינקען, פארהויבענדיג זיין האלז, געשלונגען דאָס קאלטע וואסער און דערפיהלט, אז דאָס מיידעל נעמט די לייצעס פון זיין צווייטער האנט ארויס.

אז בען האָט ארויסגענומען, פון דעם דנאָ פון דער בלעכערנער קוואָרט, זיינע אויגען, איז שוין זיין גרויסער פערד לעבען איהם ניט גע־וועזען.

דאָס מיידעל איז געקומען צוריק אַ שפּרינגענדיגע פון דעם דערביי־איגען שטיינערנעם שטאַל, מיט ביידע הענט פארלעגט אויף הינטען און אויף איהר פּנים איז געוועזען צעשפּרייט אַ ווייסער ברייטער שמייכעל.

— איך האב צוגע׳גנב׳עט אייער פערד, ביל.

— מיין נאמען איז בען און ווי אזוי רופען אייך אייערע עלטערען, לוידי?

— איך וואוין דא מיט מיין מאן, סיר.

בען האט געמאכט א באוועגונג צוצוגעהן צו דער שטיינערנער שטאל, זעהן וואס זיין גרוים פערד טוט דארט.

דאס מיידעל האט איהם אנגעכאפט ביי זיין האנט און שטילערהייט געזאגט:

— האט געדולד, מיין מאן איז איצט ווייט אין פעלד, ער זייהט האבער. מיר זענען דא „האמסטעדערס", ערשט דאס צווייטע יאהר. האבען מיר נאר איין פערד. זייהט מיין מאן האבער מיט די הוילע הענט און דאס פערד שטעהט אין שטאל.

— זעהר גוט. עס פרעהט מיך, לוידי, אבער מיין פערד איז א ווילדס, אז ער וועט דערזעהן אייער פערד אין שטאל וועט עס ווילד ווערען, אייך טאן שאדען און זיך אליין.

— בארוהיגט זיך. אונזער פערד איז א לוידי...

בען האט ארונטערגעלאזען זיינע אויגען צו דער ערד, זיך פארלוירען ווי א אינגעל. איהם האט זיך געוואלט כאטש איינמאל א קוק טאן אין איהרע אויגען, אבער זיין פנים האט געפלאמט אהן אן אויפהער און ער איז געשטאנען אזוי אומבאהאלפען נאהענט פון דער לוידי מיט די בלאנדע האר.

שפעטער האט זי ארויסגעבראכט דאס פערד און געזאגט:

— גאט זאל העלפען, וועט איבער א יאהר זיין נאך א פערד.

זי האט זיך אנגעהאנגען אויף דעם ברייטען האלז פון אגער איהם געקושט אין זיינע אויגען און אויך אין דעם ווייסען פלעק וואס דער אגער האט געהאט צווישען זיינע אויגען. איהם גערופען אלערליי שענע נעמען.

נאכדעם איבערגעגעבען די לייצעס אין בען׳ס הענט. בען האט זיי גענומען און אוועק צו פוס מיט זיין פערד ביז צו דעם טויער. געזעגענדיג זיך מיט דער לוידי, דורך א הויב פון זיין הוט הויך איבער זיין קאפ, איז בען אריין אין זאטעל. פון יענער זייט טויער האט ער זיך ארומגעקוקט. די לוידי איז געגאנגען צו זיך אין הויז ניט אומקוקענדיג זיך.

דעם גאַנצען וועג צוריקרייטענדיג, האָט דאָס פערד געהויבען זיין קאָפּ, אויסגעשטרעקט זיין האַלז און פאַרבויגען זיין אויבערשטע ליפּ.

בען איז געווען בייז אויף זיך אַליין און געקוקט אַלע מאָל אויף די וויזערלעך פון זיין זייגער. ניט געזעהן די צייט.

אַז ער איז צוגעקומען צו דער שטאַל איז גראַד קאַלדוועל ניט גע־ווען אין דרויסען. בען האָט שטיל געמורמעלט אַ דאַנק צו גאָט און אַריינגעריטען דורך דער ברייטער טיר פון שטאַל.

אַרונטער פון פערד, איהם אויסגעזאָטעלט, און פאַרמאַכט דאָס דראָטענע טירעל. ער האָט געפונען אַ שטיק בורלאַפּ און אין קיך ביי ליזאַבעטען אויסגעבעטעלט אביסעל קעראָסין.

וואַשענדיג דעם שוואַרצען אַגער מיט קעראָסין, האָט בען נערוועז געשריגען אויף דעם פערד פאַרוואָס ער שטעהט ניט רוהיג.

קאַלדוועל איז אַריינגעקומען אין שטאַל, שטיל ווי אַ קאַץ.

דער אַגער און בען האָבען זיך ביידע דערשראָקען.

קאַלדוועל איז צוגעקומען נאָהענט צום פערד. דעם אַגער געגעבען און אַ קוק געטאָן אין זיינע אויגען. נאָכדעם געזאָגט:

— האָט בען פאַרמאַכט דעם טויער?

בען האָט אביסעל געוואַרט, זיך אַזוי ווי מיט אַ שלונג וואַסער גע־וואָרגען און געענטפערט:

— וואָס פאַר אַ טויער?

— פאַרגעסען, אַז איהר זייט אין דער וועסט, סיר.

מעהר האָט קאַלדוועל גאָר ניט געזאָגט.

שפּעטער אין אָוונט, נאָכדעם ווי בען האָט שוין אינסטינקטיוו ניט געקענט גאָר ניט טאָן קיין שום אַרבייט, האָט מען געגעסען ביים טיש, דאָס גאַנצע געזינדעל. דער גרויסער לאָמפּ האָט געלויכטען. פון דרוי־סען האָט זיך געהערט דאָס וואָיען פון פּרעירי וועלף.

פרוי קאַלדוועל האָט זיך אויפגעהויבען, גענומען אַ ביקס פון דער וואַנט און דורך דעם אָפענעם פענסטער אין דעם טונקעלען אָוונט אויס־געשאָסען.

אַזוי גיך ווי קאַלדוועל האָט איהם אָפּגעגעבען, נאָך אין דעם אייגע־נעם אָוונט, דעם קאָנטראַקט מיט די רעקאָמענדיר־פּאַפּירען האָט בען נישט געמאַכט קיין שום טענות און איז אַרויפגעגאַנגען אין דאַך שטי־

בעל, געגומען זיין וואליז און ארונטערקומענדיג האָט ער אויסגעשטרעקט זיין גרויסע האַריגע האַנט צו דעם באַלעבאָס און געזאָגט גודביי.

עס האָט ניט געהאָלפען דאָס פּאַרוואונדערען זיך פון הער קאַלד־וועל, פאַר וואָס בען פאַרלאָזט אין אָוועגט זיין הויז איבערהויפּט ווען ער איז א פרעמדער אויף דער פּרעירי און אז מאָרגען אינדערפריה וועט ער איהם אָפּפירען צו דער באַן און אז בען טוט איהם אָן א בושה ניט וועלענדיג איבערנעכטיגען אין זיין הויז. עס האָט אויך ניט געהאָלפען דאָס אריינמישען זיך פון דער באַלעבאָסטע.

בען האָט געזאָגט גודביי צו דעם מיידעל ליזאַבעט. זי האָט גע־שמייכעלט. געמיינט, אז בען מאַכט שפּאַס. אָבער באַלד האָט זי אויס־געשטרעקט איהרע אויגען און א דערשראָקענע ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי איהם געבען א האַנט, צי זאָל זי זיך צוואוויינען. בען איז ארויס גיך פון הויז. ער איז ניט אוועקגעגאַנגען ברוגז, ווייל ער האָט פאַרמאַכט אונטער זיך די דרויסען טיר אזוי שטיל, גלייך ווי ער וואָלט באַלד געדאַרפט צוריק אריינקומען. אָבער ווען בען איז שוין געווען ווייט פון קאַלדוועל'ס הויז, האָט ער דערפיהלט, אז ער הויבט אָן צו ווע־רען ברוגז.

די נאַכט איז אָבער געווען א שווארצע און א מילדע און בען איז באַלד רוהיג געוואָרען. ער האָט זיך געלאָזט געהן גלייך אויף דער נאַכט ארויף, מיט דעם וועג, וואָס האָט געפירט צו דער באַן. די קאַיאָטען האָבען געוואָיעט אויף דער פּרעירי, ווער ווייסט וואו ווייט זיי זענען גע־ווען אָדער עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז זיי זענען זעהר נאָהענט פון איהם.

איהם איז פון דעם דאָזיגען וואָיען שטאַרק אומהיימליך געוואָרען. פאַרוואָס עפּעס וואָיען היינט פּרעירי־וועלף?..

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף א ווייל און אויסגעדרעהט זיין פּנים אויף צוריק, פון דעם וועג צו דער באַן.

געהענדיג צוריק, האָט איהם אזוי ווי א לייכט געטאָן עפּעס א גע־דאַנק. ער האָט פאַר זיך דערזעהן אזוי פיעל ארבייט דאָ אין דער ווייַ־טער וועסט. בען האָט אַלעמאָל אזוינע שלעכטע אָנהויבען געהאַט, זיך אַלעמאָל איבערגעגעבען צו דעם שיקזאַל און ניט געגאַנגען ווייטער ; דאָס וואָס עס איז ניט גוט אָנגעהויבען איז שוין ניט גוט — און פאַרפאַלען...

אָבער איצטער וועט בען אַ פּרוּווּ טאָן בלייבען דאָ אין דער ווייטער וועסט, כאָטש ער האָט געהאַט אַזאַ גיט גוטען אָנהויב.

בען איז צוגעגאַנגען צו אַ דראָטענעם פּלויט, דורכגעקראָכען צווי־שען די שטעכיגע דראָטען און איז אַוועק מיט דער פּרעירי. ער איז גע־גאַנגען מיט דעם אייגענעם מאַרשרוט, וואו ער איז געפאָרען מיט קאַלד־וועל׳ס אָגער ביז ער איז צוגעקומען צו דעם טויער פון יענער פאַרוואַר־פענער היים, וואו די שלאַנקע פרוי האָט איהם מיט אַ טרונק וואַסער פאַרנאַרט.

גוט אַזוי.

אָט שטעהט די קליינענקע היים פאַרגראָבען אין אַ בערגעל. בען שטעהט אַ מידער ביי דער נידריגער טיר. זאָל ער אַ קלאַפּ טאָן?

ער איז מיד, אָבער דאָס בלוט פון דער איסט, וואָס פליסט אין זיינע אָדערען, גיט איהם גענוג מוט.

אפשר וואָלט שענער געווען אויסצוּוואַרטען אויף דעם פרימאָר־גען, האָט בען געטראַכט, און אינדערפריה וועלען זיי אוישטעהן און איהם געפינען שלאָפען ביי דער טיר. די פרוי האָט שוין מן הסתם דער־צעהלט איהר מאַן, ווי אַזוי זי האָט אויסגענאַרט ביי אַ יונגען בחור פון דער איסט קאַלדוועל׳ס אָגער. צוערשט וועט דער מאַן ארויס פון הויז און דערזעהן אַ פרעמדען שלאָפען ביי זיין טיר. וועט ער באַלד אריין אין הויז און דאָס ווייב זייגס ארויסברייגגען און איהר ווייזען דעם פרעמדען ביי זייער טיר. וועט די יונגע פרוי איהם שטיל און מיט אַ לייכטען שרעק אָנזאָגען אַז דער פרעמדער איז, דאַכט זיך איהר, אָט יענער יונגער בחור ביי וועמען זי האָט אויסגענאַרט קאַלדוועל׳ס אָגער. זי וועט באַלד אריין צוריק אין הויז און זיך אַזוי ווי באַהאַלטען און איהר מאַן וועט צו־געהן און מיט אַ לייכטען שטויס פון זיין שטיוועל איהם אויפוועקען און איהם זאָגען: „גוטער מאָרגען, וואָס טוט אַ פרעמדער דאָ ביי מיין טיר?“

„וואָס וועל איך איהם דעמאָלט ענטפערען?“ האָט בען ווייטער געטראַכט.

בען האָט זיך דערפאַר אָנגענומען מיט מוט און איז באַלד צוגעגאַנ־גען צו דער נידריגער טיר פון דער קליינער איינגעגראָבענער הויז און צו־ערשט אָנגעקלאַפּט זעהר לייכט. געוואַרט און זיך איינגעהערט. אָנגע־קלאַפּט נאָכאַמאָל שוין שטאַרקער.

ער האט דערהערט אזוי ווי א פאל פון א שווערער זאך באלד:

— וועלכער טייוועל קלאפט דארט אין מיין טיר?

עס איז געווען א גראבער, קיילעכדיגער טאן, וואס האט זיך איהם אויסגעוויזען פון דעם באלעבאס פון יענער זייט טיר. דער האלב פארשלאפענער בייזער מענש האט געוואלט וויסען ווער עס קלאפט אין זיין טיר —און בען האט געענטפערט:

— א פרעמדער פארבייגעהער.

— וועלכער טייוועל האט עס געטריבען א פרעמדען ארומצוגעהן ביינאכט אויף דער פרעירי?

— עפענט, וועל איך דערצעהלען.

— פון ווי ווייט קומט דער פרעמדער?

— זעהר פון ווייט. לאזט מיך אריין אויף איבערצונעכטיגען — האט שוין בען אזוי ווי געציטערט אין זיין שטים.

— איבערנעכטיגען? ביי אונז אין הויז איז נישטא וואו. אויב דער פרעמדער וויל, זאל ער געהן אין שטאל. אין מיין שטאל איז דא היי, וועט איהם זיין ווייך צו שלאפען, נאר, זאל דער פרעמדער ניט רוי־בערען, צום טייוועל!

עס איז געווארען שטיל פון יענער זייט טיר.

בען איז געשטאנען אביסעל ווי צומישט, זיך דערפיהלט אזוי קליין און דערשלאגען. איהם האט שוין באנג געטאן פאר וואס ער האט גע־קלאפט אין דער דאזיגער פרעמדער טיר.

בען איז אוועק פון דער טיר און זיך אוועקגעזעצט אויף דעם ווייכען גראז, פארדרעהט א סיגארעט און געריוכערט און זיך געהיט אז די פונקען פון זיין סיגארעט זאלען ניט פאלען און טאן שאדען.

נאכדעם, ווי ער האט זיך גוט אנגערויכערט, האט ער באקוקט די נאכט איבער דער גאנצער פרעירי, דעם ווייטען הימעל און די ווייטקייט פון דעם גאנצען ארום און ארום. ער האט געהערט ווי די קאיאטען שווייגען. עס קאן זיין, אז זיי האבען פון דער ווייטענס דערהערט ווי א פרעמדער איז דא אויף דער פרעירי און זיי האבען אויפגעהערט צו וואיען און שטעהען ערגעץ אויף בערג און קוקען צו דעם פרעמדען.

בען האט איינגעגראבען דאס איבערבלייבעכץ פון זיין סיגארעט אין דער ווייכער ערד, זיך אויפגעהויבען און אוועק אין שטאל אריין. די

טיר פון שטאַל איז געווען אָפען און די פינסטערקייט פון דער שטאַל אין דער אָפענער טיר האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער דרויסענדיגער נאכט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אָפּגעשניטען מיט א מעסער.

ער איז אריין אין שטאַל, געהערט ווי דאָס פערד האָט א בלאָז געטאָן מיט זיינע נאָזלעכער. בען האָט אָנגעשמעקט דעם ריח פון דער שטאַל, געבליבען שטעהן א וויילע און אָנגעהויבען צוביסלאַך ארויסצוזעהן וואָס אין שטאַל טוט זיך אין דער פינסטער. ער האָט באלד דערזעהן די גאַנצע פיגור פון א פערד, די ווענט פון שטאַל און דאָס איינציגע פענסטער, און שפּעטער האָט ער אין א ווינקעל פון שטאַל אויך באַמערקט, ווי דורך א נעבעל, א לאַנגע לייטער.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער לייטער, זיך ארויפגעדראַפּעט און איז ארויפגעקראָכען אויף דעם בוידים פון שטאַל.

דאָרט האָט ער באלד דערשמעקט דעם זיסען־ביטערען טעם פון היי, וואָס האָט זיך געבויערט דורך זיינע נאָזלעכער און געקראָכען אין זיין האלז אריין.

בען איז אריינגעקראָכען אין דעם היי, זיך צעשטרעקט, געפיהלט ווי עס איז איהם קיהל געוואָרען אין זיינע ביינער. האָט זיך גוט איינגעגראָבען טיף אין היי אריין. דאָס היי האָט איהם געשטאָכען אין זיין פּנים, אין זיין האלז און אויך געקראָכען דורך זיינע קליידער; האָט ער געפּרובט איין שטרויעלע מיט זיינע הענט איינפלעטשען איז אַן אַנדער אויפגעקומען און איהם געשטאָכען. ער האָט זיך געדרעהט אויף אלע זייטען.

די קאַיאָטען האָבען זיך ווידער צעוויינט אָדער צעשריגען, ווייסט זיי דער טייוועל, וואָס דאָס הייסט ביי זיי, און עס האָט אויסגעוויזען, אַז זיי שטעהען נאָהענט ביי דער שטאַל.

בען איז געליגען און געטראַכט. פאַרגלייכט דאָס דאָזיגע בעט פון היי צו זיינע ווייכע בעטען אין דער איסט, פון וואַנען ער איז אַהער געקומען, און האָט זיך צעלאַכט. זיך באלד בארוהיגט און דערפיהלט ווי עס ווערט איהם וואַרים אין אלע זיינע גלידער.

די טיר פון שטאַל אָפען. די שטאַל שטעהט אין דער אָפענער ווייטער פּרעירי און ער ליגט זיך א פרעמדער, איינער אליין, אין א בארג מיט היי און ווערט צוביסלאַך איינגעשלעפערט — זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין — מאָרגען.

## קאפיטעל ח.

אינדערפריה, נאכדעם ווי בען איז אוועק, זיינען מעק און ער אריינ־געקומען אין שטאל, זיך געריבען זייערע אויגען, באקוקט די פערד, זיך איינגעהערט צי עמיצער איז דא דארט אויף דעם בוידים, געווארט א קליינע ווייל און אז זיי האבען געזעהן, אז בען איז טאקע נישטא האבען זיי זיך שטארק דערפרעהט. דער קורצער עד האט געטאן א שטויס, פאר פרייד, דעם לאנגען מעק און יענער האט זיך אויסגעשטרעקט אין דער מיט שטאל.

— ביזט אראפ פון זינען, דזשימנים.

— ער איז נישטא — האט עד אויסגעשפרייט זיינע הענט — מען האט איהם, דזשימנים, געהייסען פארמאכען דעם טויער פון יענער זייט. וואסער, וויל ער מען זאל געבען די פערד, אי פאר דעם איבערבייסען, אי נאך דעם איבערבייסען. איצט איז אומזיסט דאס אויסשטרעקען פון דיינע אויגען. וואסער וועט איהר טרינקען נאך איבערבייסען.

דאס לעצטע האט ער געזאגט, זיך ווענדענדיג צו איינעם פון די פערד, וועלכער האט געהאלטען זיין קאפ אויסגעדרעהט און געקוקט אויף די צוויי יונגען און זיך געוואונדערט, פאר וואס זיי ווארפען ניט אן קיין היי אין זיין קארעטע.

מעק און עד האבען געטאן שטאל ארבייט זעהר פויל און פאמעלעך אלעמאל געפרעגט איינער ביי דעם אנדערען צי האט ער גיט אפשר שוין געהערט רופען פון קיך פאר דעם איבערבייסען.

די פערד האבען געקייט זייער היי און נאכדעם נאך מיט מעהר אפעטיט זיך צוגעכאפט צו דעם האבער. און עד און מעק האבען גע־ווארט אויף דעם איבערבייסען, געשלונגען די סלונקעס, געשאלטען דעם אומבאוואוסטען ערגעץ אין דער וועלט פאראנענעם הער „דזשימני", אויסגעלאזט צו איהם זייער הונגער.

אין הויז ביי קאלדוועל'ן האָט זיך געפיהלט, אז עס איז עפּעס גע־שעהן, קיינער האָט עס ניט דערצעהלט און ניט ארויסגעבראכט פון זיין מויל, אָבער געוואוסט האָט קאלדוועל, אז ער האָט פארלוירען, אין אַנ־פאַל פון איינעם פון זיינע קאפּריזען, א מענשען, וואָס קיינער אין דער וועלט וועט איהם ניט קענען איבערבייטען. פרוי קאלדוועל, האָט מיט איהרע נאקעטע אויגען, אזוי ווי אלע פרויען, געזעהן, אז זינט בען איז אוועק איז נאָך קיין מעת לעת נישטאָ און אויף ליזאבעט'ס געזיכט ליגט א טול פון טרויער, גאָט זאָל אויסהיטען, וואָס דער דאָזיגער משוגענער מאַן איהרער, האָט דאָ פארקאָכט. ליזאבעט האָט זיך געמאכט, ווי זי איז זעהר פארנומען מיט צוגרייטען דעם איבערבייסען. עס איז ביי איהר פון די הענט געפאלען און דאָס פייער אין אויווען האָט ניט גע־וואָלט זיך צעברענען און אז דער אויווען איז געוואָרען הייס, האָט זיך דאָס קאפע קריגעל מיט וואסער איבערגעקערט אויף דעם הייסען אוי־ווען, די קיך איז געוואָרען פול מיט פארע. און דורך דער פארע האָט זי געקענט שווערען, אז זי האָט געזעהן בען'ס פּנים.

פרוי קאלדוועל איז געוואָרען מיט איהר אזוי ווייכהארציג, ווי זי וואָלט געוועזען איהר מאמע. די מאמע איז ווייט און זעהן וועט ליזא־בעט איהר מאמען שפּעטער מיט עטליכע וואָכען. פאר וואָס ניט היינט? א שטיק פון טאָג איז ליזאבעט ארומגעגאנגען מיט דעם געדאנק, אז זי נעהמט א הייס צו פּוס און זי וויל זיך נאָך היינט זעהן מיט דער מאמען. זי האָט זיך געהיט, אז פרוי קאלדוועל זאָל דאָס ניט דערקענען אין איהר פּנים.

ביז איצט איז זי געוועזען ליזאבעט. דער טאטע האָט געהייסען געהן ארבייטען פאר די צוויי פערד. איז זי געגאנגען, אָט, אָט ארבייט זי א יאָהר און נאָך א יאָהר און זי קומט א היים און איהר פאָטער האָט שוין זיינע אייגענע פערד.

איצט איז זי אן אנדערע. זי מוז אהיימגעהן און זעהן, וואָס די מאמע טוט עפּעס.

ווען ליזאבעט האָט געהאט א געלעגענהייט צו זיין אין דרויסען איז זי לאנג געשטאנען און געקוקט אויף אלע זייטען אין דער פרעירי.

אקעגען אָווענט אז זי האָט געזעהן, אז אהיימגעהן וועט זי שוין

ניט, האָט זי פּלוצים געזאָגט צו פרוי קאַלדוועל, אַז זי וויל מעהר ניט שלאָפען אין קיך אויף דעם סטאָפּטשאַן. אַ ניט, געהט זי אַהיים.

פרוי קאַלדוועל האָט זי אָנגעקוקט, פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— מיט מיר אין איין בעט, וועסטו ניט מורא האָבען?

ליזאַבעט האָט געשאָקעלט מיט איהר קאָפּ אויף ניין.

פאַרוואָס האָט פרוי קאַלדוועל איהר ניט געהייסען געהן אַהיים. וואָלט זי זיך איינגעפּאַקט איהרע זאַכען און אַהיים געגאַנגען.

ביז דער קומענדער זונטאָג איז אָנגעקומען, האָט ליזאַבעט'ן זיך אויסגעוויזען, אַז עס ציהען זיך לאַנגע יאָרען און יאָרען. עס איז איהר איינמאָל פאַרגעקומען אַז איהר פאָטער האָט זי פאַרקויפט צו הער קאַלדוועל אויף אייביג פאַר צוויי פערד און אַן אַנדערש מאָל האָט זי פּלוצים דערפיהלט, אַז זי האָט צוויי פליגלען, אַזוי לייכט איז זי געוועזען אַן ארומגעטאַנצט און אָט באַלד טוט זי אַ פאָך מיטביידע פליגלען און פליהט אַוועק אויף דער פּרעירי.

דער זונטאָג איז אָנגעקומען. דערלעבט די שעה ווען ליזאַבעט האָט איהר אָפּרוה, נאָך דעם מיטאָג. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַן אַנדער קלייד און האָט פּאַמעלעך אַוועקגעשפּאַצירט איבער דער פּרעירי. אַז זי איז אַוועק ווייט פון הויז האָט זי זיך אַוועקגעלעגט אויף דעם גראָז און זיך דערפיהלט, אַז איהרע אויגען ציטערען און אויף איהרע באַקען רינען ריטשקאַלעך.

זי האָט גערעדט צו זיך אַליין, זיך פאַרגעשטעלט, אַז בען שטעהט לעבען איהר און זי רעדט מיט איהם. זיך געוואונדערט וואו זי האָט גענומען אַזוינע קלוגע און גוטע רייד. בען איז געוואָרען צוגעבונדען צו איהר און געזאָגט, אַז אַזוי ווי זי באַדאַרף אָפּדינען פאַר צוויי פערד וועט ער אויך מיט איהר דינען. ביידע אינאיינעם. און דערנאָכדעם וועט ער זי צונעמען פון קאַלדוועל'ס הויז. ליזאַבעט וועט זיין זיינע. יאָ, איך וועל זיין דיינע, האָט זי איהם אינדערהויך געזאָגט, אַזוי הויך, אַז זי האָט זיך דערשראָקען. דערנאָכדעם אָפּגעוואַשען דאָס פּנים ביי דעם טייכעל און צוריקגעקומען אין קאַלדוועל'ס הויז, פאַרנאַכט, ווען די זון האָט אָנגעהויבען צו פאַרגעהן.

געוועזען פרעהליך. געשאָטען מיט וויצען, גערעדט אַזוינע רייד, וואָס זי האָט זיך אַליין געוואונדערט פון וואַנען זי האָט זיי גענומען.

## קאַפּיטעל ט.

הער קאַלדוועל איז ארומגעגאנגען, אזוי ווי א דערשלאָגענער. געמאַכט דעם אונטערציה פון זיין לעבען אויף דער פּרעירי, לאַנד, ברויטען, גראָזען ווילדע און בעסערע. פלאַקס און האָבער, מאשינען און פערד ווילדע און אויסגעלערנטע. דראָטענע פּלויטען, טייכען, א קארעל, א הויז און שטאַלען. דערפון האָט ער אראָפּגערעכענט אזוי פיעל יאָהר האָרעוואַניע. דאָס, וואָס עס וועט זיך שוין מעהר ניט אומקערען און דאָס, וואָס ער האָט מורא צו ברענגען אויף זיינע ליפּען — די פארלוירענע יאָרען און דער סוף. עס בלייבט גאָר ניט. זירא.

אז קאַלדוועל איז אין די יונגע יאָרען אראָפּגעקומען אויף דער פּרעירי, האָט ער מיטגעבראַכט א ווייב מיט צוויי קליינע קינדער, א איינגעלע און א מיידעלע, זיין מוטער, וועלכע איז שוין דאַמאָלט געוועזען אן אלמנה, א וואָגען מיט א יאָך־אָקסען, צוויי גרויסע ברייטביינינגע אָקסען זענען זיי געוועזען, איין אקעראייזען, א פולער וואָגען מיט געהילץ, ברייטע זיילען און שינדלען, און די פרייד זיינע, אז ער הויבט אן בויען זיין היים.

זיין שטיק לאַנד איז געוועזען באוואַקסען מיט הויכע פּרעירי גראָז. דאָס ערשטע האָט ער אויסגעקאָסעט אין דער מיט פון א פלאַכען אָרט דאָס גראָז און אויפגעשפּרייט זיין לייוועגטע ביידעל. עס איז געוועזען אין אָנהויב זומער. ווארימע טעג, שענע נעכט. די אָקסען זיינען אריין אין גראָז אזוי טיף, אז מען האָט זיי קוים געקענט געפינען. אָבער זיי האָבען דאָס דאָזיגע גראָז ניט געוואָלט עסען, ווייל עס איז געוועזען גראָב און ווילד און הארט ווי האָלץ. נאָר אזוי ווי די קליינע קינדער קאַלדוועל׳ס, האָבען זיי זיך געשפּילט און געשוואומען אין דעם טיפען גראָזיגען טייך.

די קינדער און די אָקסען האָבען זיך געשפּילט און קאַלדוועל, זיין

ווייב און זיין מוטער, האָבען געבויט דאָס הויז. א גאַנצען טאָג האָט געהילכט דאָס קלאַפּען פון העמערלעך און פון דער האַק.

פאַרטיג מיט דעם הויז געוואָרען, האָט קאַלדוועל אָנגעיאָגט זיינע אָקסען און דאָס ערטשע ארומגעאַקערט א גרויסען קייַלעכדיגען רינג ארום הויז. ער איז געוועזען יונג, האָט ער זיך אזוי צוגעכאַפּט צו דעם אַקער, אז איינער פון די אָקסען איז געפאַלען אין שפּאַן. געזיפּעט און געבלאָזען מיט זיינע זייטען און זיך שוין ניט געקענט אויפהויבען. האָט ער, אויף דעם באַראָט פון זיין מוטער, דעם דאָזיגען אָקס ניט גע־לאָזען קיין סך זיך מאַטערען און איהם געקוילעט. זיי האָבען געהאַט פלייש, און דער אָקס האָט ניט באַדאַרפט שטאַרבען מיט אַזאַ שווערען טויט. און דערווייל איז ער געבליבען נאָר מיט איין אָקס.

דאַמאָלט האָבען איהם גוטע מענשען געזאָגט, אז ער זאָל זיך בעסער קויפען פערד, נאַטיווע פערד. די גראָזען זאָל ער פריהער אויסברעכען וועט ניט זיין אזוי שווער צו אַקערען.

פון דאַמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבען די מעשה מיט די פערד. ווייבאַלד פערד, און נאָר זי פערד, וועלען זיי דאָך געווינען אַלע יאָהר לאָשעקעס, וואו זשע וועט קאַלדוועל זיי אהינטאָן? דערפאַר האָט קאַלדוועל׳ס מוטער גענומען אויף איהר נאָמען נאָך אַן אַנדער שטיק לאַנד. עס איז אין נאָרד דאַקאָטאַ געוועזען גענוג ערד און מען האָט עס געגעבען איטליכען אומזיסט, כדי מען זאָל די ווילדע לאַנד באַזעצען. קאַלדוועל׳ס ווייב האָט אויך גענומען אויף איהר נאָמען א שטיק לאַנד און אז קאַלדוועל׳ס קינדער האָבען געטאָן א וואַקס אריבער די צוועלע־וער, הויכגעוואַקסיגע זיינען זיי געוועזען, האָט קאַלדוועל זיי געשיקט צו דעם אַפּיס און זיי האָבען אויך אויף זייערע נעמען גענומען שטיקער לאַנד.

פאַרשטענדליך, אז קאַלדוועל האָט געוואָלט, אז די אַלע שטיקער לאַנד זאָלען זיך גרעניצען איינער מיט דעם אַנדערען, כדי ער זאָל פון זיי אַלע קענען מאַכען איין גרויסען טראַקט.

איז אָבער אזוי, ווי איהם אויף צו להכעיס, אויסגעקומען, אז א פרעמדער האָט געהאַט א שטיק לאַנד צווישען די גרעניצען פון קאַלד־וועל און זיינע קינדער׳ס, אָדער ווייב׳ס לענדער.

דערווייל איז קאַלדוועל געוואַקסען, פון יאָהר צו יאָהר. זיינע פערד

האָבען זיך געמערט און געוואַקסען ווי אויף הייוועז. די פרעמדע מענ־שען, וועלכע האָבען געהאַט זייער שטיק לאַנד צווישען זיינע גרעני־צען, זיינען קאַלדוועל׳ען געשטאַנען ווי א ביין אין האַלז.

וואָס זשע האָט קאַלדוועל געטאָן? אַזוי ווי די גאַנצע פּרעירי איז געוועזען פריי זיינען זיינע פערד אַרומגעלאָפען אומטעום. די שכנים זיינע, אַז זיי האָבען באַדאַרפט ערגעץ פאָרען אָדער אַזוי געהן, האָבען זיי געמוזט זיך דורכבברעכען א וועג דורך קאַלדוועל׳ס לענדער. האָט קאַלדוועל געזאָגט פאַר דער וועלט, אַז ער קען ניט ליידען וואָס זיינע פערד שפּרינגען אַרום איבער דער פּרעירי און מאַכען שאָדען וועמען זיי מאַכט זיך צו מאַכען, איז דערפאַר, האָט קאַלדוועל אַרום זיינע לענדער אויסגעצויגען צוימען פון שטעכיגען דראָט. שוין. קענען זיינע פערד ניט אַרויס פון זיינע גרעניצען.

דערפאַר אָבער האָט זיך באַוויזען אומצופרידענהייט צווישען זיינע שכנים. וואָס איז דאָס פאַר א שטיק? נעמט א מענש און פאַרצוימט זייערע וועגען. וואו אַרומעט אַרויסצופאָרען, איז נישטאָ קיין וועג. עס האָט זיך אָנגעהויבען קריגערייען. אָבער געה קריג זיך מיט קאַלד־וועל, אַז ער האָט אַזא מין נאַטור, גאָר ניט צו ענטפערען ווען יענער רייסט זיך אויס דאָס האַרץ.

— קינדערלעך, איהר ווילט איך זאָל אייך מאַכען טויערען. גוט. אָבער איך וויל פאַר מיינע טויערען געלט. און איהר וועט זיי מוזען אָפּ־היטען מיינע טויערען, אַז זיי זאָלען זיין אַלע מאָל צוגעמאַכט — האָט קאַלדוועל קאַלטבלוטיג צו זיינע שכנים געזאָגט.

איינער אָדער צוויי האָבען זיך אונטערגעגעבען. אַנדערע האָבען אויפגעהויבען א גוואַלד, אוועק אין אָפּיס, געריסען טירען. געה שריי, אַז קיינער הערט ניט. קאַלדוועל האָט באַשמירט און זיינע רעדער דרע־העז זיך. צודערצו האָט גלאַט געברענט ביי די מענשען א פייער. זיי האָט זיך תמיד אויסגעוויזען, אַז זיי ליגען אויף דער ערד און קאַלדוועל שפּאַנט איבער זיי פון איין שטיק לאַנד צו דעם אַנדערען.

מען האָט געטאָן א שפּיי און פאַרקויפט צו דעם דאָזיגען קאַלד־וועל׳ן, אי דאָס לאַנד, אי אַלע זאַכען און אוועק וואו די אויגען האָבען געוויזען.

אָט אַזוי האָט זיך קאַלדוועל צעשפּרייט איבער דער גאַנצער פּרעירי.

די צאָל פון זיינע פערד איז געוואקסען. ער איז אזוי געוועזען אריינגע־טאָן אין זיין אייגענעם וואקסען, אז ער האָט ניט באמערקט, ווי אזוי זיין מוטער איז געשטאָרבען. דערנאָכדעם איז דאָס ווייב זיינ׳ס אויך אוועק אויף יענער וועלט. זיינע קינדער זענען שוין געוועזען אויפגע־וואקסען. א געזונטער הויכער בחור און א הויך שלאַנק מיידעל.

ער האָט ניט פארשטאַנען זיינע קינדער און זיי איהם אויך ניט. אָפט האָט מען זיך געקריגט, זאָגאר געשלאָגען. אז דער פאָטער איז אָנ־געפאלען אויף זיין זוהן, איז דאָס מיידעל געוועזען אויף דעם פאָטער׳ס זייט. איז דער זוהן אָנגעפאלען אויף דעם מיידעל, האָט דער פאָטער געהאלטען מיט דעם זוהן. און עס איז צווישען זיי ניט געוועזען קיין פארשטענדנים פאר וואָס זיי טוען עס אזוי און ניט אנדערש.

קאַלדוועל האָט זיך אויסגעשריבען דורך א צייטונג אן אנדער ווייב. האָט עס געטאָן אזוי, אז זיינע קינדער זאָלען עס ניט וויסען.

און אזוי, ווי ער האָט ביי זיי ניט געפרעגט, איז דאָס געוועזען א פארפאלענע זאך.

געקומען איז קאַלדוועל׳ס נייע ווייב.

דאָס הויז איז געוועזען פארפונדעוועט מיט אלדאָסגוטס. זי, דאָס נייע ווייב, האָט געמאכט אזוי, אז די ברעגען פון קאַלדוועל׳ס הויז זאָלען ווערען אריבערגעגאָסען מיט דעם שוים פון די גוטע זאכען.

איינגעפירט נייע זאכען. געבראכט מיט זיך א נייע קאַץ.

און באַלד אזוי ווי זי האָט אריבערגעטראָטען די שוועל פון קאַלד־וועל׳ס הויז, האָט זיך דאָס רעדעל איבערגעדרעהט. דאָס הייסט ניט, אז מען האָט זיך בעסער אָנגעהויבען צו פארשטעהן. עס איז אָבער אזוי איינגעטיילט געוואָרען, אז דאָס מיידעל, קאַלדוועל׳ס, האָט זיך אָנגע־הויבען צו פיהלען אונטער דעם שוץ פון דער שטיף־מאמע, אביסעל וואָ־רימער, און דער בחור פארקערט איז געוואָרען פון טאָג צו טאָג אָפגע־פרעמדט.

קאַלדוועל האָט געבליט און געוואקסען. זיינע לענדער זיינען גע־

וואָרען ברייטער און זיינע פערד האָבען זיך פאַרמערט, אזוי גוט ווי זיינע שונאים.

האָט ער געהאַט שונאים! אפילו זיין זוהן האָט איהם אויך שטאַרק פיינט באַקומען. ביז איינמאל אין א מיטענטאָג, ווען זיי ביידע זיינען געווען אויף דער פּרעירי, געמאַכט פּלויטען, האָט זיך אָנגעהויבען א קריג צווישען טאַטען און זוהן און פון דעם קריג זיינען זיי אריבער אין א געשלעג.

דערנאָכדעם איז קאלדוועל׳ס זוהן אזוי ווי אין וואַסער אריין.

קאלדוועל׳ס שונאים האָבען געזעהן, אז עס פעהלט דער בחור, האָבען זיי אָנגעהויבען צו מורמלען, און עס איז ארויס א קלאַנג, ביז עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט וואו מען באַדאַרף, און מען איז געקומען ביי איהם אויף דער פּרעירי זוכען, דעם דער׳הרג׳עטען זוהן זיינעם. מען האָט געזוכט און געזוכט אָבער גאָר ניט געפונען.

קאלדוועל האָט געלאַכט. זאָלען זיי זוכען די נאַראָנים. ער האָט צו זיי געזאָגט, די נאַראָנים, אז אויב זיי מיינען אז קאלדוועל האָט דער־הרג׳עט זיין אייגענעם זוהן און איהם באַהאַלטען אויף דער פּרעירי, דאַמאָלט צו וואָס טויג דאָס זוכען. מען קען דען איבערזוכען אזא פּרעירי. עס באַדאַרף דאָך נעמען טויזענט יאָהר.

קאלדוועל האָט אָבער דאָס אויך אריבערגעלעבט.

מען האָט אין דעם פאַרגעסען. דאָס נייע ווייב זיינס האָט באַלד, נאָכדעם ווי דער זוהן איז ערגעץ פאַרפאַלען געוואָרען, אָנגעהויבען אַנ־דערש צו פּיהלען אקעגען דעם מיידעל.

דאָס מיידעל, מאַרגאַרעט, איז געבליבען אַן איינזאַמע אין הויז. ווער האָט זיך אויף איהר אומגעקוקט?

מאַרגאַרעט, דאָס פּרעירי מיידעל.

זי האָט זיך ניט געבויגען און ניט אונטערגעגעבען. זי האָט דער שטיפמאַמען גאָר ניט געוואָלט העלפען. זי האָט פאַרקערט געזעהן, אז זי זאָל איהר נאָך קאַליע מאַכען.

צוטריבען די הינער, וואָס די שטיף מאַמע האָט אָנגעזאַמעלט, אי־בער דער פּרעירי און זיי בעסער אוועקגעגעבען צו די ווילדע און ווילדע קעץ איידער זיי זאָלען לעגען אייער און די שטיף מאַמע זאָל זיך מיט זיי באַרימען.

די שטיף מאַמע האָט געוואָלט פרעגלען וויינשעל איינגעמאַכץ, איז מאַרגאַרעט אוועק אויף דער פרעירי און אָפגעטרייסעלט די וויינשעל פון די ווילדע נידריגע וויינשעל ביימלעך, וועלכע וואַקסען אין טאָל לעבען דעם טייכעל.

אויף דער שטיפמאַמע'ס גאָרטען, האָט מאַרגאַרעט ארויפגעלאָזט עטליכע פערד און זיי האָבען אָפגעביסען און צוטראָטען אַלע בלעטער און גרינסען.

מאַרגאַרעט, דאָס פרעירי מיידעל, האָט ניט מורא געהאט פאַר קיינעם, ווייל זי האָט געקאָנט נעמען א ווילדען פערד, זיך אויפזעצען אויף איהם אָהן א זאָטעל און אוועקפליהען.

מאַרגאַרעט האָט געשאָסען מיט דער ביקס, און אַלעמאָל געטראָפען. זי האָט אַלעמאָל געבראַכט ווילדע פרעירי הינער, וויזעלס, ווילדע קעץ, האָזען געשאָסענע און האַלב לעבעדיגע.

דער הונט „טייג" איז געוועזען איהר איינציגער חבר, ווייל זי האָט איהם געקענט פון קינדערווייז אָן. יאָ, איז „טייגער" געוועזען מיט איהר א פריינד, ביז עס איז צו הער קאַלדוועל אָנגעקומען ארבייטען א בחור מיט דעם נאָמען ראָבערט.

## קאַפּיטעל י.

ווער איז אַט דער דאָזיגער ראָבערט?

ראָבערט איז דער זוהן פון דעם אלטען קאַראַבעל, וועלכער איז שוין אזוי אלט, אז ער גערהט ארום אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען. דער אלטער טוט שוין איצט גאָר ניט, נאָר ער זיצט אויף די טרעפּ פון פּאָסט הויז און ווארימט זיך מיט זונענשטראַלען. זיין היים איז דאָס „מושב־זקנים“ פון שטעטעל ט...

קאַראַבעל איז ווייס, ווי א ווייסע גאַנז און זיין פּנים איז איינגע־שרומפּען און צעקנייטשט, זיין האַלז איז דין און איבערגעפלאָכטען מיט קליינע בלאָהע אָדערען, זיינע הענט און פינגער זענען בלאָה און זיינע אוי־גען זענען אלע מאָל בלאָה געוועזען, אָבער איצטער זענען זיי שוין אויך לויטער און רוהיג.

אין ט... רופט מען איהם אָנקעל קאַראַבעל.

דער אלטער קאַראַבעל, ווען ער איז געוועזען געזונט און יונג האָט ער געהאט א נאָמען איבער דער גאַנצער פּרעירי, אז ער איז אַ בראַווער קאָו־באָי. ער איז קיינמאָל ניט אראָפּגעקראָכען פון זיין זאָטעל, אזוי ווי דער ווינט, געיאָגט זיך איבער דער פּרעירי, וואו געטאָגט דאָרט האָט ער ניט גענעכטיגט. זיין גאַנץ פאַרמעגען איז געוועזען דאָס פערד, זאָ־טעל און א שטריקערנער באַפּער.

אז עס איז געקומען דער הערבסט און מען האָט באַדארפט אָפּטיי־לען די יונגע פערד פון די אלטע איז קאַראַבעל ארויסגעפאָרען זיי צו צעטיילען. ער האָט געהאט א גאַנצע חברה קאָו־באָיס, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען. אז מען האָט געלאָדען וואַגאָנעס מיט אָקסען צו דער שלאַכט, האָט קאַראַבעל ארומגעריטען אויף דער פּרעירי, ווי א ווילדער אינדיאַנער צווישען זיינע קריגער, געכאַפּט די אָקסען, זיי אָפּגעצייכענט

און זיי אַנגעזאַמעלט אין די טאָלען און פון דאָרטען זיי געטריבען צו דער באַן און געלאָדען די וואַגאָנען.

דאַמאָלט איז די פּרעירי געווען אָפען. ווילדע פערד און אָקסען זענען ארומגעלאָפען און זיך געמערט, מען האָט ניט געוואוסט צו וועמען זיי געהערען. נאָר עס איז געווען אַזוי. יעדע שטעטעל האָט פאַרמאָגט איהרע קאָו־באָיס. די קאָו־באָיס זענען ארום אויף דער פּרעירי און ווי־פיל זיי האָבען געכאַפּט, איז דאָס געווען זייער גליק. זיי פלעגען ווע־רען ארויסגעשיקט פון איינעם, אָדער צוויי, רענדזשערס אין איין צייט. אַז זיי האָבען געהאַט, אַ די רענדזשערס זענען רייך געוואָרען. דערפאַר איז אָבער אָפט געקומען צו שיסערייען און געשלעגען צווישען די באַנ־דעס קאָו־באָיס. אַמאָל האָט איין באַנדע געפּרובט אָפּטרייבען פון דער אַנדערער באַנדע דאָס „געכאַפּ". דאַמאָלט, איז, ווער עס איז געווען געזונטער, דער האָט באַזיגט.

אָן אַנדערש מאָל, פלעגען קומען באַנדעס פון ווייטע פּרעירים און אַפּרייניגען די פערד און אָקסען פון קאַראַבעל'ס קעניגרייך. דאַמאָלט האָט קאַראַבעל באַדאַרפט באַווייזען וואָס ער קען, נאָכשפּירען די טריט פון דער באַנדע, געפינען דאָס אָרט, וואו זיי באַהאַלטען זיך, צוריק אָפּ־שלאָגען און אָפּנעמען די פערד אָדער אָקסען, זעהן, אַז קיין געדעכעניש פון דער באַנדע זאָל ניט בלייבען.

קאַראַבעל האָט געפיהרט זיין קעניגרייך, ווי ער אליין באַרימט זיך נאָך איצט, מיט דעם גראַדען און ערליכען וועג. וואָס גאָט האָט אַריינ־געשיקט, איז געווען גוט. אָבער געהן אין ווייטע ערטער און אָפּריי־ניגען פרעמדע פּרעירים, האָט ער ניט געוואָלט. און כאָטש עס איז ניט געווען קיין וויזיבאַלע גרעניצען, האָט מען אָבער געוואוסט, אַז אָט דאָ אָ, הויבט זיך אָן קאַראַבעל'ס גרעניצען אָדער עמיצען אַנדערש'ס גרע־ניצען. און דאָס, האָט מען אָנגעשמעקט, מערסטענס מיט דער נאָז.

דער אַלטער קאַראַבעל, האָט אַמאָל געהאַט אַ ווייב. קיינער אין ט... געדענקט זי ניט, און דערפאַר זאָגט מען זיך אָפּט אַ ווערטעל, אַז דער אַלטער קאַראַבעל, האָט אליין געבוירען אַ זוהן, אליין איהם אויס־געזויגען און אויפגעבראַכט.

ראָבערט אליין, געדענקט אויך ניט זיין מאַמען. ער איז אויפגע־וואַקסען אָהן די ווייכע און וואַרימע באַציהונגען פון אַ מאַמען. אַלע

מאָל האָט זיך ראָבערט געוואַלגערט אויף דער פּרעירי. דער פּאָטער קאַ־ראבעל, האָט זיך גאָר ניט אומגעקוקט אויף זיין זוהן. אזוי ווי ראָבערט איז אלט געוואָרען צען יאָהר, האָט ער שוין זיך פּארדונגען צו דער אר־בייט אויף א ראנדזש.

דער זוהן ראָבערט האָט געהאט איין ווילען, צו ווערען א קאו־באָי, אזא גרויסער, ווי זיין טאטע, און איינמאָל אין א שענעם טאָג אָנצופאַ־לען מיט זיין באנדע און אָפּרייניגען זיין טאטענ׳ס באנדע פון דער פּרעירי.

דערווייל איז געקומען הער קאלדוועל און האָט אָנגעהויבען איינפּי־רען דראָטענע פּלויטען, דער אייזערנער קאלדוועל, וואָס איז אפשר גע־וואָרען רייך פון קאראבעל׳ס „כאפּערייען“, האָט געמאכט דראָטענע פּלויטען.

נו, אז מען מאכט פּלויטען, אנטלויפען שוין ניט די ווילדע פערד.

האָט זיך אָבער אָנגעהויבען א נייע צרה. טאקע אמת, אז די פערד אליין וועלען ניט ארויסגעהן פון די פּלויטען. עס האָבען זיך אָבער גע־פונען אזוינע וואָס זיינען געקומען, אויפגעבראָכען די פּלויטען און ארויס־גענומען די פערד.

דאמאלט האָט קאלדוועל איינגעפיהרט דאָס „איינברענעכץ“. מען האָט אויף אלע פערד אָנגעהויבען איינצוברענען צייכענס.

קאראבעל איז דערווייל אלט געוואָרען, זיך צוריקגעצויגען און זיין בחור ראָבערט איז געבליבען מיט גאָרניט.

קיין קאו־באָי איז ער ניט געוואָרען. זיין טרוים צו ווערען דער הויפּט פון א באנדע איז זיך צעקראָכען, אזוי ווי דער רויך פון א קוימען.

ראָבערט האָט זיך אזוי ארומגעשלעפּט אויף דער פּרעירי, ביז ער איז אָנגעקומען צו הער קאלדוועל.

ער איז שוין אלט געוועזען אריבער צוואנציג. זיין פּנים איז געווע־זען באשפּרינקעלט מיט א ווייכער שווארצער באָרד און די לאנגע האָר אויף זיין קאָפּ האָבען זיך געטרייסעלט און אראָפּגעפאלען אויף זיין האלז און נאקען.

ער איז געוועזען געזונט און פויל צו דער ארבייט. ניט פארמאָגט מערער ווי איין העמד, וועלכעס ער האָט געטראָגען אויף זיך. די שיך האָט

ער געטראָגען אָהן זאָקען, אויף די הוילע פיס און איז געוועזען א פריי־ליכער און געהאט אין זיך פעפער.

פאר דערפאר, וואָס ער האָט זיך ניט געהאלטען ריין און פאר זיין פעפער, האָט מען איהם אין ערגעץ ניט ליב געהאט.

פארשטענדליך, אז ראָבערט האָט אין קאלדוועל׳ס הויז אויך ניט גע־פונען קיין ווארימקייט, פאר א לאנגער צייט.

ביז אזוי פאמעלעך, פאמעלעך, קאלדוועל׳ס מיידעל, מארגארעט, האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף איהם און איהם איינמאָל געגעבען א פאָר זאָקען, נייע, ריינע. ראָבערט האָט זיי באטראכט און נאָכדעם, אז ער האָט זיי אויף זיינע פארווילדעטע פיס אָנגעטאָן, האָט ער דערפיהלט גאָר אן אנדער טעם.

בשעת ער איז געגאנגען האָבען זיך זיינע פיס געבאָדען אין א וויי־כער ווארימקייט. עס איז גוט, האָט ער געטראכט, צו האָבען א מאמען, אויב ניט קיין מאמען, איז גוט צו האָבען א שוועסטער, וואָס איז אָבער, אז מען האָט ניט אויך קיין שוועסטער?

און טאקע דערפאר, וואָס מארגארעט האָט איהם געגעבען א פאָר ווייכע, נייע זאָקען, איז ער געוואָרען צו איהר גאָר אנדערש, ווי צו די אנדערע.

ער האָט זיך אָנגעהויבען נאָכקוקען אויף מארגארעט׳ס גאנג, באַ־טראכט איהרע פיס, זיך ארייננגענומען אין זינען איהרע צוויי אקסלען.

ער האָט זיך אזוי גוט אָנגעהויבען איינצוקוקען אין מארגארעט׳ן, אז ביינאכט פלעג זיך איהם דאכטען, אז ער זעהט זי לעבען זיין בעט שטעהן.

ער האָט געדענקט, איהר גאנצען וועזען, אויף אויסוויייניג, וואו ער איז ערגעץ געוועזען, איז זי אלע מאָל פאר איהם געשטאנען אזוי ווי א לעבעדיגע.

צעביסלאך האָט זי מיט איהם אנגעהויבען צו שמועסען, ווייל זי האָט געזעהן, אז ראָבערט איז טאקע א פוילער און א ווילדער, אָבער פאר איהרעט וועגען איז ער געלאָפען ברענגען וואסער אין הויז אריין, פאר איהרעט וועגען איז ער געקראָכען אויף דעם הויכען ברונעם טורעם און געלאָזען דאָס ראָד מיט די פליגלען דרעהען. פאר איהר, האָט ער גע־בראכט פון דער פרעירי א קליין ווילד קאיאָט־קינד.

דערפאַר, אַז זי האָט געקאָנט, האָט זי איהם געגעבען אַ ריין העמד און פאַר איהם אויסגעוואַשען זיין אויבערשטען אַנצוג. ראָבערט איז געוואָרען שטילער, עפּעס אַזוי ווי ער האָט עפּעס אין זיך אַנגעהויבען באַהאַלטען.

העֶר קאַלדוועל האָט איינמאָל דערזעהן דעם יונגען קאַיאָט צוגעבונ־דען אויף אַ שטריקעל אין שטאַל איז ער געוואָרען ברוגז און אויפגעבונ־דען דעם קאַיאָט און איהם אָפּגעלאָזט אויף דער פּרעירי.

מאַרגאַרעט האָט זיך ארומגעקוקט, עס איז שוין געוועזען צו שפּעט, דאָס קליינע קאַיאָטעל איז געלאָפען אַזוי ווי אַן אויסגעשאָסענער צו דער פּרעירי.

פון דעמאָלט אָן איז זי געוואָרען נעהענטער צו ראָבערט׳ן.

מאַרגאַרעט און ראָבערט האָבען זיך אויסגעלערענט אַזאַ מין אויי־גענשפּראַך. זיי האָבען זיך נאָר אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען.

זיי האָבען זיך איינמאָל אַזוי, אויף זייער אויגענשפּראַך, אָפּגערעדט צו טרעפען זיך שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע וועלען שלאָפען.

מאַרגאַרעט איז געקומען אָבער ראָבערט האָט זי ניט פאַרשטאַנען אַזוי גוט. דערנאָכדעם האָט זי איהם מיט דער שפּראַך פון די אויגען אויפגעוואָרפען, אַז זי האָט אויף איהם געוואַרט און, פאַרוואָס איז ער ניט געקומען. ער האָט שוין דאָס מאָל פאַרשטאַנען, איז אויך געקומען.

דער הונט טייגער איז געשטאַנען, אין דער פינסטער, צווישען מאַרגאַ־רעט און ראָבערט און זיך איינגעהערט, וואָס זיי האָבען גערעדט.

דערנאָכדעם, אַז עס האָט געטראָפען אַ קריג צווישען העֶר קאַלדוועל און ראָבערט׳ן און דער בחור האָט באַדאַרפט אוועקגעהן, איז אַרויסגעַ־שפּרונגען, אַזוי ווי אַ קאַץ פון זאַק, קאַלדוועל׳ס מיידעל מאַרגאַרעט, מיט לשון. ניין, זי וויל ניט, מען זאָל ראָבערט׳ן אוועקשיקען, ווייל ער איז איהר געליבטער און אַז איינגיכען וועלען זיי חתונה האָבען.

און אַזוי בלייבט עס!

קאַלדוועל האָט אויסגעשטרעקט זיינע אויגען, געקוקט אויף זיין ווייב, אויף זיין מיידעל. וואָס עס קען איהם העלפען זיין קוקען האָט ער באַלד געוואוסט. נאָר ער האָט פאָרט געוואָלט וויסען צי הערט ער דאָס אין חלום צי אויף דער וואָך.

ער רופט אַריין דעם גרויסען און זעהר פאַראַנטוואָרטליכען מאַן

ראָבערט'ן און הויבט איהם אָן אויסצופרעגען. אהין אהער. ווי קומט ער צו פארפירען זיין טאָכטער. שיט ארבעס אויף א וואנט, אזוי קענען רייד איהם נעמען.

— נו, — האָט קאלדוועל געזאָגט — אויב עס האלט אזוי ווייט, בעט איך אייך מיט גוטען זיך אָפּצוטראָגען פון מיין הויז.

— וואָס דען האָסטו געמיינט, מיר וועלען ביי דיר וואוינען? — האָט דאָס מיידעל זיך מיט איהם גערייצט.

— אין אל די שווארצע יאָהר, אָבער ניט ביי מיר. — האָט קאלדוועל נעקלאפּט אין טיש מיט א פויסט.

— איך האָב מיין אייגענעם האָמסטעד, פּאַ, — האָט דאָס מיידעל זיך אליין גערייצט, — מיר וועלען דאָרט וואוינען.

## קאַפּיטעל יא.

קאַלדוועל׳ס טאָכטער מארגארעט האָט זיך אָפּגענומען דאָס שטיק לאַנד, וואָס די רעגירונג האָט איהר געשאַנקען, ווען זי איז נאָך געוועזען א קליין מיידעל און זיך באַזעצט מיט איהר געליבטען און באַשיצער ראָבערט. און אזוי ווי קאַלדוועל, איהר פאָטער, האָט דאָס דאָזיגע שטיק לאַנד אַרומגענומען מיט א דראָטענעם פּלויט, נאָך צוריק מיט יאָרען, איז זיי דאָס איצט זער גוט צונוץ געקומען.

דאָס קליינע שטיבעל פון איין צימער, וואָס קאַלדוועל האָט אויפגעבויט איז געוועזען, אי א קיך אי אן עס־זאַל און אויך א שלאָפצימער. דערצו ווען עס האָט אין דרויסען גערעגענט און ראָבערט האָט באַדאַרפט האַקען האָלץ, פאַרשניצען א שטעקען, שאַרפען א האַק אָדער צורעכט מאַכען א מאשין, האָט ער באַנוצט דאָס איינציגע צימער זייערס פאַר א װאַרשטאַט אויך.

אינווייניג אין צימער אויף די ווענט האָט געהאַנגען דאָס געצייג: זעגען, העמערלעך, העק, צוויי ביקסען, א שטריק מיט וואָס מען כאַפּט פערד אָדער אָקסען.

דאָס מעבעל איז באַשטאַנען פון א בעט, וואָס ראָבערט האָט אליין געמאַכט פון ברעטער. א טיש, אויך אליין א געמאַכטער פון ברעטער און א לאַנגע באַנק. אין א ווינקעל איז געשטאַנען אן אייזערנער אויוועןָ. דאָס צימער האָט געהאַט צוויי פענסטער, איינע צו מזרח און איינע צו מעריב זייט און א טיר צו מזרח־דרום זייט.

דאָס גאַנצע שטיבעל איז געוועזען איינגעגראָבען א האַלב אין א בערגעל, די ווענט פון ברעטער, דער דיל אן ערדנער און אז עס האָבען געבלאָזען די נאָרד־דאַקאָטאַ׳ער ווינטען האָט דאָס שטיבעל זיך געשאָקעלט און די ברעטערנע ווענט האָבען געסקריפּעט.

און פון דעם טאָג אָן וואָס זיי האָבען זיך דאָ באַזעצט, איז געלינגען,

איבער זיי, פאַרוואָרפען קאַלדוועל׳ס האנט. זיי קענען זיך ניט טאָן א ריר פון דאנען ביז אהין, אז זיי זאָלען ניט באגעגענען קאַלדוועל׳ס בייזע בליקען. די דאָזיגע בליקען זענען פאַרזייהט איבער דער גאַנצער פּרעירי ארום און ארום.

דאָס שטיק לאַנד ליגט צעשפּרייט איבער א רונדען בארג און קייקעלט זיך אראָפּ אין אן אויסגעבויגענעם טאָל. דער טאָל איז אויך ניט אַזוי ווי אַלע טאָלען, נאָר דאָ און דאָרט געפינט זיך אויף דער פלאַך פון טאָל א סקאָסנע בערגעל אָדער א קנייטש.

לאַנד האָבען זיי, פלויטען אויך. איז דאָך דאכט זיך גוט. קען מען דאָך אָבער מיט ליידיגע הענט ניט אַקערען.

נאָר דאָס איז אויך ניט געוועזען קיין גרויסע זאָרג. אויב ניט מיט אייגענע פערד, קען מען דינגען א פערמערן, אז יענער זאָל צעאַקערען.

ניט אזוי גרינג איז אָבער אָנגעקומען דאָס דינגען א פערמערן. כאָטש אַלע ארום האָבען פיינט הער קאַלדוועל, פונדעסטוועגען האָבען כמעט אַלע ניט געוואָלט גהען קעגען איהם. ווייל אויב זיי וועלען באַאַקערען ראָבערט׳ס שטיק לאַנד, האָבען זיי געמיינט, אז קאַלדוועל וועט אויפגערייצט ווערען דערפון.

עס האָט זיך אָבער געפונען איינער, וועלכער האָט געזאָגט, אז ער גיט ניט א שאָס פון א ביקס, פאַר דעם הער קאַלדוועל׳ס צאָרן.

אז מען האָט צעאַקערט זייער שטיק לאַנד, זענען זיי געגאַנגען קויפען ווייץ. עס איז זעהר שווער געוועזען צו באקומען ווייץ אויף זריעה, איינמאָל דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין געלט צו באצאָלען און צווייטענס, וואָס הייסט, זי איז דאָך קאַלדוועל׳ס טאָכטער, פאַרוואָס געהט זי ניט צו איהר טאַטען נאָך ווייץ, האָט ער ווינציג ווייץ אין זיינע מאַגאַזינען?

אז מען האָט שוין באקומען ווייץ נאָכדעם, וואָס מאַרגאַרעט האָט זיך גוט אָנגעוויינט, א זאַך, וואָס זי האָט, ווען זי איז געוועזען א מיידעל, קיינמאָל ניט געוואוסט דערפון, האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען נייע צרות. מאַרגאַרעט און ראָבערט האָבען באדאַרפט זייהען ווייץ מיט די הוילע הענט. מען האָט באדאַרפט אויפשטעהן באגינען, אזוי ווי עס הויבט אָן צו ווערען ליכטיג. ראָבערט, אָבער, האָט זיך געפוילט אויפצושטעהן, און

איידער מארגארעט האט דערלעבט צו זעהן, אז ער זאל אויפשטעהן, איז דערווייל דער מארגען אריבערגעפלויגען.

מען קומט ארויס אין פעלד. זי טראגט א זאק מיט ווייץ און ער טראגט א זאק מיט ווייץ. מען פילט אן די טארבעס, מען הענגט זיי אויף אויף דעם האלז און מען נעמט דעם ערשטען הויפען און מען טוט אווארף אויף דער ערד.

העלפט גאט און עס הויבט אן בלאזען א ווינט. דער ווינט טוט א כאפ דעם הויפען ווייץ, פארטראגט אהין, דארט וואו מען באדארף ניט.

טראגט מארגארעט א זאק ווייץ צוריק אין הויז אריין און ראבערט טראגט א זאק ווייץ צוריק אין הויז אריין. ראבערט שעלט דעם ווינט.

און מארגארעט וויינט. עס האבען זיך געעפענט קוואלען פון טרערען. זי קען זיי ניט איינהאלטען און זי איז דאך ניט מער ווי א מענש, זאגט זי, אז שולדיג איז ראבערט, דערפאר וואס ער וויל ניט אויפשטעהן באגינען. די ווינטען הויבען אן צו בלאזען שפעטער און ביז דעמאלט קאן מען א היבש שטיקעל לאנד פארזייהען.

ראבערט שווייגט, לויפט און כאפט די בייטש, וואס ליגט הינטערן בעט, און צעשניידט זי איבער מארגארעט׳ס פלייצע.

איינמאל געטאן א קנאל מיט דער בייטש, בלייבט ראבערט שטעהן,ווארט אביסעל, צי מארגארעט וועט ניט וועלען נאך און ווארפט אוועק די בייטש אויף דעם דיל אין דער מיט פון צימער. מארגארעט האט זיך געטאן א צאפעל, אונטערגעשפרונגען און אויפגעהערט צו וויינען. איהרע אויגען זענען מיט אמאל טרוקען און גרעסער געווארען. זי זעצט זיך אוועק אויף דעם ברעג פון בעט.

איהר פנים פלאמט און איז באשמירט מיט פארטריקענטע טרערען. א גאנצען טאג רעדט זי ניט צו איהם. איהר טוט באנג, וואס זי האט באלד ניט אויסגעכאפט די בייטש און איהם פארשוויגען, דאס ערשטע מאל.

איצט וועט שוין זיין ביי איהם גרינג. ער וועט זי שלאגען, ווען ער וועט נאר וועלען.

ראבערט איז געלעגען אין דרויסען אויף דעם גראז מיט זיין פנים אקעגען דער זון מיט ביידע הענט אין דער ברייט אויסגעשטרעקט.

דער ווינט איז אלע מאל צוגעלאפען צו דער צעאקערטער ערד, זיך אנגעבויגען, און א רים געטאן א שטיק שווארצע ערד און אנטלאפען.

דאבערט איז געלעגען און געשאלטען דעם ווינט, האט דערפיהלט, אז ער איז הונגעריג און ניט געוואלט אריינגעהן אין שטיבעל עפעס עסען. מארגארעט באדארף איהם רופען עסען. זי ווייסט, אז ער איז הונגעריג.

און דאס וואס ער האט איהר געטאן א שניט מיט דער בייטש, איז זי זיין ווייב און ער איז דער מאן.

שולדיג איז דער ווינט!

נארד־דאקאטער ווינט! שטיבער מוז מען אין בערגלאך אריינגראבען, אניט קערט זיי דער ווינט איבער. דעם וואגען מוז מען אוועקשטעלען צווישען צוויי טיפאיינגעגראבענע סלופעס און איהם צוביידע סלופעס צובינדען, בכדי דער ווינט זאל דעם וואגען ניט איבערקערען. ווינטער ברענגט דער ווינט צוטראגען פון אלע עקען פון דער וועלט דעם שניי און לעגט איהם אוועק בארג אויף בארג אין נארד־דאקאטא. זומער כאפט ער מיט זיינע פליגלען דעם שווארצען שטויב פון די צעאקערטע נארד־דאקאטער פעלדער און טראגט דעם שטויב אוועק. געהט מען ארויס זייען ווייץ, אבער, דאס פלאקס, צעבלאזט זיך דער ווינט און שפרינגט ארום ווי א משוגענער און צעטראגט די קערנער דארט וואו מען באדארף ניט. דער ווינט דרעהט א ראד מיט פליגלען און פאמפעט וואסער פון די טיפע קוואלען פון נארדדאקאטא, געהט א מענש און שעפט אן אן עמער וואסער, בלאזט איהם דער ווינט ארויס פון האנט און צעגיסט דאס וואסער. שניידט מען היי, און מען וויל צונויפלעגען אין סטאג קומט דער ווינט און צעבלאזט דאס היי. געהט א מענש און רויכערט, כאפט דער ווינט ביי איהם אויס א פונק און צינדט אן די פרעירי פון נארד־דאקאטא.

## קאַפּיטעל יב.

אזוי איז דאָס. ראָבערט האָט איינמאָל אָנגעהויבען צו שלאָגען זיין מארגארעט און זי האָט שוין קיינמאָל זיך ניט אויסגעדרעהט אָהן קלעפּ פון זיינע הענט. זי איז צו די קלעפּ צוגעוואוינט געוואָרען און האָט אלע מאָל געשריגען, אזוי ווי זי האָט געשריגען היינט אינדערפריה. ראָבערט האָט פארגעסען, אז א פרעמדער שלאָפט אין שטאל. געשלאָגען האָט ער זי דערפאר, ווייל עס איז איהם ניט געפעלען געוואָרען די קאָפּע וואָס זי האָט, פאר דעם איבערבייסען, אויפגעקאָכט.

מארגארעט האָט אָבער זעהר גוט געדענקט, אז עס איז דאָ א פרעמ־דער אין שטאל, זי האָט דערפאר אָנגעמאכט א גרויס גוואלד.

בען, וועלכער איז געלעגען אין היי און געשלאָפען, האָט דערהערט דאָס גוואלד. ער האָט זיך א דערשראָקענער אויפגעכאפּט, אביסעל גע־ווען צעמישט, ניט געוואוסט וואו ער איז, אָבער ער האָט זיך באלד געפונען און אראָפּגעשפּרונגען פון בוידים.

און ניט אנקלאפּענדיג אין דער טיר פון דעם קליינעם שטיבעל, איז בען אריין מיט א בריטען פראל פון דער טיר און געבליבען שטעהן א פארגליווערטער.

ראָבערט האָט מיט א בייטש געשניטען זיין ווייב מארגארעט, און זי האָט געשריגען און באהאלטען זיך אין א ווינקעל פון הויז.

דער פראל פון דער טיר האָט די גאנצע סצענע איבערגעשלאָגען. ראָבערט האָט אויסגעדרעהט זיין ווילדען פארוואקסענעם פּנים, זיינע אויגען האָבען געברענט און זיין הינטערשטע ליפּ איז געהאנגען אראָפּגע־לאָזט און אזוי ווי געוואָלט זיך אָפּרייסען פון זיין מויל. זיינע נאָזלעכער האָבען זיך געהויבען, ווי ביי א ווילדען אָקס.

— ווער איז דאָס פאר א טייוועל — האָט ראָבערט געזאָגט בייז און ווילד.

בען איז צוגעלאָפען, ניט וויסענדיג אליין וואָס ער טוט, א כאפּ געטאָן ראָבערט׳ען ביי זיין האלז מיטביידע הענט און מיט איין דרעה איהם אוועקגעלעגט אויף דעם דיל. ראָבערט האָט זיך פון אָנהויב אויסגעשטרעקט, זיך ניט געווערט. נאָר, אז בען האָט ארויפגעשטעלט זיין פוס אויף ראָבערט׳ס ברוסט און איהם צוגעטראָטען ביז צו וועהטאָג האָט ראָבערט זיך געטאָן א דרעה איבער און אויפגעשפרונגען און זיך פארמאָסטען ארויפצוּוואַרפען מיט זיינע צוויי קולאקעס אויף בען׳ן.

בען איז געשטאנען און געשמייכעלט. דאָס האָט ראָבערט׳ן אזוי ווי באגאָסען מיט קאלט וואסער. ער האָט דערפאר ארונטערגעלאָזט זיינע קולאקעס און מיט זיינע הענט געשאָקעלט מאכטלאָז און אומבאַוואוסט אזוי ווי זיי וואָלטען געהאנגען ביי איהם אויף זאָוויסעס.

— שטעק אהער דיין האנט — האָט בען באפוילען.

ראָבערט האָט דערלאנגט בען׳ן זיין האנט, דערפיהלט אז יענער קוועטשט און וועט זיין האנט באלד צעברעקלען, זיך געוואָלט טאָן א טריי־סעל, אָבער געהאלטען דאָס שפּיל.

מארגארעט איז אוועקגעלאָפען זיך אפּגעוואשען דאָס פּנים מיט קאלט וואסער. באקוקט דעם פרעמדען, איהם דערקענט. איהר פּנים איז באלויכטען געוואָרען מיט א שענעם חלום, א שטילען.

דערנאָך האָט מען געגעסען איבערבייסען. בען האָט געזאָגט, אז ער זוכט אן אָרט ערגעץ אויף א ראנדזש און פאר דערפאר, וואָס ער האָט ראָבערט׳ן שוין ניט געוואָלט טרויען, האָט ער ניט דערצעהלט, אז ער איז אוועק פון קאלדוועל׳ס הויז, נאָכדעם וואָס עס איז פּאָרגעקומען עפּעס פאר איהם אומפארשטענדליכעס.

און אויב ראָבערט און די גוטע פרוי זיינע, וועלען איהם ערלויבען, אז ער זאָל ביי זיי איבערשטעהן, ביז ער וועט געפינען ארבייט אויף א ראנדזש. צי עס קאָן אפשר גאָר זיין מעגליך, אז די הערען און דאמען פון דעם דאָזיגען הויז באדארפען א מענשען.

ראָבערט האָט א טראכט געטאָן פון זיין שווער קאלדוועל, אָבער ער האָט ניט פארגונען קאלדוועל׳ן אזא מענשען און דערפאר האָט ער געזאָגט:

— וואָס ס׳באלאנגט אונז, דארפען מיר קיין מענשען ניט האָבען. אָבער איהר קענט ביי אונז זיין ביז איהר וועט באקומען א שטעל, מיט

דעם באַדינגג, אַז איהר וועט מוזען שלאָפען אין שטאַל, עסען וועט איהר עסען, דאָס וואָס מיר עסען. מאַרגאַרעט וועט שוין זעהן, אַז איהר זאָלט ניט שטאַרבען פון הונגער. הע, מאַרגאַרעט ?

אַז ראָבערט איז אַוועקגעגאַנגען, נאָך דעם איבערבייסען, און פעלד אַריין און בען איז געבליבען אליין מיט מאַרגאַרעט'ן, האָט זי אויפגע־הויבען איהרע אויגען צו בענ'ן, זיך צעשמייכעלט און געזאָגט:

— מיין פאָטער האָט אייך אַרויסגעטריבען ?

— מיך טרייבט מען ניט, מיין ליב קינד, — האָט בען גיך אָפּגע־ענטפערט — אָבער איך וויל פאַרשטעהן, וואָס דאָ טוט זיך.

— איך מיין, אַז מיין פאָטער קאַלדוועל, האָט זיך דערוואוסט פון דעם, וואָס איך האָב זיין אָגער ביי אייך אויסגענאַרט, האָט ער דאָס ניט געקענט פאַרטראָגען און אייך אָפּגעשאַפט — האָט מאַרגאַרעט ווייטער גערעדט — מיר טוט באַנג און מיר טוט זעהר פיל פרעהען: מיר טוט באַנג, וואָס איך האָב אייך פאַרשאַפט אַזוי פיל אומאַנגענעמליכקייטען און מיך פרעהט ווייל עס קאָן זיין, אַז עס וועט קומען א סוף צו מיינע צרות.

— אַזוי, הער קאַלדוועל איז אייער פאָטער ? וויבאַלד אַזוי — האָט בען געזאָגט א ווייט פאַרטראַכטער — טוט מיר ווילד הנאה, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. איך האָב זיך, דעם אמת אייך צו זאָגען, שוין גע־לאָזט געהן צו דער באַן, נאָר איך האָב זיך אומגעקערט, אַזוי ווי עמיצער האָט מיך א שלעפּ געטאָן איך זאָל זיך אומקערען צו דער פרעירי. איך האָב געוואָלט זיין נאָך אַמאָל לעבען אייך, אין אייער הויז...

— מיין פאָטער איז אַזאַ שלעכטער, ביינאַכט האָט איהר געמוזט אַוועקגעהן פון איהם — האָט מאַרגאַרעט, ציטערענדיג געזאָגט —

— אייער פאָטער האָט מיך געוואָלט פאַרהאַלטען — האָט בען גע־שמייכעלט — ביז אינדערפריה, אָבער איך בין געוועזען דער שלעכטער און אַוועק באַלד נאָך דעם אָווענט מאָלצייט.

— ווי אַזוי נעמט זיך אונטער א מענש פון דער איסט צו געהן אַליין ביינאַכט אויף דער פרעירי ? — האָט מאַרגאַרעט זיך געוואונדערט.

— זעהט איהר דאָך, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט —

— אוי, אַז מיין פאַרשוין וועט זיך דערוויסען וועט זיין א קאָמעדיע! — האָט זיך מאַרגאַרעט געפרעהט און געפּאַטשט מיט ביידע

הענט — אָבער איך בעט אייך, מיין באשיצער פון דער איסט, איך ווייס נאָך אפילו ניט ווי אזוי איהר הייסט, אז איהר זאָלט האלטען מויל. איך האָב פון מיין קינדווייז אָן געטרוימט, אז עפּעס געהיימעס זאָל מיט מיר פּאַרקומען און איך זאָל ארומגעהן טאָג און נאכט, אזוי ווי אין א טרוים. ווי אזוי זשע רופט מען אייך, מיין באשיצער?

— בען.

— בען, איך האָב אזא נאָמען, דעם אמת אייך צו זאָגען, ניט ליב — האָט מארגארעט ווייטער געפּלאפּלעט — אָבער וואָס איז א שענער נאָ־מען, ווען אזוינער, ווי מיין מאַן, מיט זיין שענעם כאראקטער, דעקט זיך אין איהם איין. איך האָב געוואוסט און געהאט א געפיהל, אז עס וועט אמאָל עמיצער קומען און מיך ארויסראטעווען פון זיינע הענט. איך בין ארייגעפאלען צו איהם, דערפאר וואָס מיין פאָטער האָט מיך דערוויי־טערט, אוועקגעשטופּט, אזוי ווי איך וואָלט ניט געווען זיין קינד. איהר פארשטעהט, איך האָב זיך אין מיין טאטענס הויז ארומגעדרעהט ווי א פרעמדע, מיין מוטער איז געשטאָרבען, האָב איך געוואָלט מיטגעהן נאָך איהר, האָט מען מיך ניט געלאָזט. דערנאָכדעם זיינען געלאָפען איין יאָהר נאָך דעם אנדערען. איך בין געבליבען מיט מיין ברודער אָהן א מאמען. מיין ברודער איז געוועזען אזא שלעכטער, ווי מיין טאטע. איך פלעג געהן פאר איהם אין פייער און אין וואסער. ער איז געוועזען שלעכט צו מיר. ביז ער איז איינמאָל ניט געוואָרען און מיט מיר זיך ניט געזעגענט און איך קען אייך שווערען, אז מיין פאָטער האָט איהם ערגעץ אויף דער פרעירי פארבאהאלטען א לעבעדיגען. איך האָב עס געזאָגט גלייך אין מיין טאטענ'ס אויגען, ער האָט מיך אָבער דערפאר ניט גע־שלאָגען. זעהט איהר, דאָס קאָן איך זאָגען מיט א ריין הארץ, אז ער האָט קיינמאָל מיך ניט אָנגערירט. נאָר איינמאָל האָט ער אויף מיר אָנ־געשריגען, דאָס איז געוועזען ווען דער שווארצער יאָהר האָט מיך אָנגע־רעדט זיך צו פארליבען אין מיין איצטיגען מאַן...

מארגארעט האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף איהרע קני, אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט בען'ן און געזאָגט:

— איהר הערט, צו אייך רעדט איצט א צעטראָטענער ווילדער פרעירי קוויט. איך בין מאראגארעט פון דער פרעירי און איך זאָג אייך, אז איהר זייט צו מיר געקומען אזוי ווי א טרוים. איך וויל מיך

ארומטראָגען מיט דעם טרוים און קיינעם ניט דערצעהלען. אָבער איך וויל, אז איהר זאָלט מיך ניט לאָזען דאָ פארפאלען ווערען.

בען, האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען דערשראָקען, ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל טאָן, צי זאָל ער אנטלויפען פון דאנען, צי זאָל ער ארויסגעהן אויף דער פרעירי און שרייען, אפשר וועט עמיצער דורכ־פאָרען און דערהערען זיין געשריי.

## קאַפּיטעל יג.

א גאַנצע וואָך האָט מאַרגאַרעט געבענקט נאָך בען'ן און שטילער־הייט האָט איהר באַנג געטאָן פאַרוואָס זי איז אויך ניט אוועקגעגאַנגען מיט איהם אינאיינעם.

בען איז אוועק איבער דער פּרעירי זוכען אן אָרט, וואו צו ארבייטען. צוגעזאָגט אז ער וועט קומען זיך זעהן אזוי גיך, ווי ער וועט זיך אביסעל איינשטעהן אויף זיין נייעם פּלאַץ.

ראָבערט איז געוואָרען אן אנדערער, מאַרגאַרעט האָט איהם אליין ניט דערקענט. האָט אָנגעהויבען אויפצושטעהן זעהר פריה און אהיימגעקומען א שווערער, א געוויכטיגער שפּעט אין אָווענט.

נאָך דעם אָווענט מאָלצייט האָט ער אָנגעהויבען צו פאַרציהען לאַנגע געשפּרעכען. גערעדט וועגען בויען א גרויס הויז, אז עס זאל זיין, וואו זיך צו טאָן א ריר און אויסגערעכענט וויפיל ווייץ מען וועט שניידען און, אז ער האָט שוין שכל און דעם ווייץ זיינעם ניט אוועקגעבען, עפּעס איינעם א רוח, פאַר אומזיסט. און דערנאָכדעם, אז ער וועט פאַרטיג ווערען מיט זיין אייגענער ארבייט וועט ער זיך פאַרדינגען צו די ארומיגע שכנים און פאַרדינען געלט און וועט קויפען נאָך א פערד, א זי פערד און איבעראיאָהר וועט ער ביידע שקאַפּעס אוועקפירען ערגעץ צו א גוטען אָגער.

מאַרגאַרעט האָט איהם ניט אָנגעהויבען צו דערקענען. זי איז אָבער תמיד געזעסען אקעגען ראָבערט'ן און געהאלטען איהרע אויגען האלב פאַרמאַכט און געגעניצט און אליין איז זי ערגעץ געוועזען נאָהענט מיט בען'ן, דעם בחור פון דער איסט.

זונטאָג, ביי דעם מיטאָג, וואָס מאַרגאַרעט האָט ברייט און שען געמאַכט, ווי א זאך מאַכט זיך אפשר קומט בען צו מיטאָג, — האָט ראָבערט זיך דערמאָנט און געזאָגט:

— וואָס איז דאָס, וואָס דער איסטערנער קומט ניט ?

— ווער ווייסט צי ער וועט שוין קומען — האָט מאַרגאַרעט גע־ענטפערט.

— וואָס הייסט, ער וועט ניט קומען ? — האָט ראָבערט געשמיי־כעלט — טאָמער נעם איך דיך נאָך אַמאָל שלאָגען מיט דער בייטש ?

— טאקע דערפאַר, מיין איך, אז ער וועט ניט קומען — האָט מאַר־גאַרעט טרויעריג געזאָגט —

— האָב איך א זאָרג, מאַרגאַרעט, איך וועל דיך שוין אָבער מערער ניט שניידען מיט דער בייטש. איך שווער דיר, ביי מיין מוטער, וועלכע האָט מיך געבוירען און געזויגען — האָט ראָבערט געזאָגט און זיך אַרוי־בערגעבויגען צו מאַרגאַרעט׳ן, זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און איהר א קוש געטאָן.

אז מען האָט שוין באַלד געענדיגט דאָס עסען האָט זיך דערהערט פון ווייטען ווי עס דערנענטערט זיך דאָס גיכע און ריטמישע טרעטען פון א פערד.

באַלד איז אויסגעוואַקסען אין דער אָפענער טיר, בען, מיט א פריי־ליכען, ברייט צעשמייכעלטען פּנים.

— גאָט זאָל העלפען !

— גאָט זאָל העלפען !

בען האָט אַרונטערגעכאַפּט זיין הוט, מיט איהם געטאָן א שמיץ אין א ווינקעל אויף דעם דיל, זיך געגריסט מיט ראָבערט׳ן און מאַרגאַרעט׳ן, דריקענדיג זייערע הענט.

דאָס קליינע שטיבעל איז אָנגעפילט געוואָרען מיט א הויכער, פריי־ליכער שטימע.

בען האָט דערצעהלט, אז ער האָט געפונען אן אָרט אויף א שווייץ ראַנדזש.

ראָבערט האָט זיך געוויצעלט, אז ער, בען, וועט נאָך דאָ אויף דער פּרעירי ווערען פעט ווי א שוויין, ווייל אַלע, וואָס אַרבייטען אַרום שוויי־נען, ווערען אַליין אויך פעט.

— ווי ווייט פון דאַנען — האָט מאַרגאַרעט געפרעגט.

— עס וועט כאַפּען א צען פופצען מייל — האָט בען הויך און קלינגענדיג גערעדט — האָב איך געוואָלט כאַפּען א שפּאַציר, זאָגט צו

מיר מיין באַלעבאָס, ניין, ברודער, נעם און זאָטעל אָן דאָס פערד און פאָר זיך דורך.

— איך ווייס, ער איז א פיינער ברודער — האָט ראָבערט אריינגעוואָרפען — וועמען קען איך דען ניט. אָבער ער איז א פיינער ברודער, ניט אזוי ווי מיין שוועד. אָ, האָב איך א שוועד, זאָל עס מיט איהם ווארפען אין א הייסען טאָג, דעם דאָזיגען קאָלדוועל.

מארגארעט איז געוואָרען בלאס, זיך אויפגעהויבען אינדערגיך און איבערגעשלאָגען דעם געשפּרעך:

— איך וועל ברייגגען קאַלט וואסער פון ברונען, אפשר זייט איהר הונגעריג, איסטערנער, פארוואס זייט איהר ניט געקומען פריהער מיט א שעה.

— איך דאנק, איך דאנק, געגעסען, איידער איך בין אוועק אהער, אָבער וואסער וועל איך טרינקען.

— הע, ברודעריל, ווען איהר ווייסט וואס פון אונזער פרעירי איז געוואָרען — האָט ראָבערט פּלוצים אָנגעהויבען דעם געשפּרעך פון אן אנדער עק — שוויין ראנדזשען האָט מען דאָ פארפלאנצט און מען דערצעהלט, אז איינער וויל אָנהויבען א ראנדזש פון האָזען.

מארגאַרעט האָט געבראכט א קוואָרט וואסער. ראָבערט האָט אזוי ווי פּלוצים דערזעהן, אז מארגארעט האָט אָנגערירט אין אן אומגעוועלליבען וועג בען׳ס האנט. ער האָט זיך פארטראכט און איז געוואָרען טרויעריג, זיך בייגעקומען און פארגעשלאָגען אויב בען וויל ארוים אָנקוקען זייער היים.

מארגארעט איז געבליבען אין הויז.

און בען איז מיט איהם ארוים אין דרויסען.

די זון האָט געפּרעגעלט די ערד און איהרע גראָזען און אלע מאָל האָט א ווינטעל אונטערגעטראָגען דעם געשמאקען ריח פון צוגעברענטע גראָז און ערד.

— אָט דאָס אָ, רופט מען אויך פּרעירי — האָט ראָבערט אָנגעהויבען דעם געשפּרעך — איהר זעהט וויפיל עס נעמט אונז ארומצוגעהן מיין גאנץ שטיק לאנד. קאָן איך זיך טאָן א ריר אויף אזא קליין שטיק לאנד? אמאָל ווען איך בין א קינד געוועזען איז דעמאָלט נאָך די פּרעירי געוועזען ברייט און ווייט. הייגט האָט מען זי צעשניטען אויף קליינע שטי־

קער. און ווי איינער האָט מזל. איינער האָט ארייננעכאַפּט א סך שטי־קער און דער אנדערער, נאָר איין שטיק. נעמט מיך וואָלט איך איין שטיק אויך ניט געהאַט ווען איך האָב ניט קאַלדוועל׳ס טאָכטער פאַר א ווייב.

— וואָס זשע ווייגט איהר? — האָט בען איהם איבערגעשלאָגען.

— איך וואָלט ניט געוויינט ברודער, און איך וויין טאַקע ניט, ווער וויינט דען — האָט זיך ראָבערט אָנגעהויבען צו וואָרפען מיט זיינע ווער־טער — עס איז שוין באַלד דריי יאָהר, אז קאַלדוועל׳ס טאָכטער איז מיין ווייב. אָבער איהר וועט מיר ניט גלויבען, ברודער, אז איך וועל אייך זאָגען, אז זי איז נאָך א מיידעל. בעפאַר איך האָב זי ארויסגענומען פון איהר טאַטענס הויז האָט זי מיך ליב געהאַט. איך קען אייך ניט אויס־מאָלען, ווי אזוי שטאַרק זי האָט מיך ליב געהאַט. אָבער איך בין געווע־זען אין די הויכע בערג געהויבען, ווייל איך האָב געוואוסט, אז מאָרגאַ־רעט, איז מיינע. אָבער אזוי גיך ווי מיר זענען אנטלאָפען פון איהר פאַטער׳ס הויז, דאָס הייסט, ווי מיר זענען נאָר ארויסגעבריקערט גע־וואָרען פון דאָרטען, האָט זיך באַלד אָנגעהויבען נייעס. דאָס ערשטע, ברודער, וויל איך אייך בעטען, מיך גוט אויסצוהערען און, צווייטענס, זענען מיר דאָך, אי איך אי איהר, עפּעס אזוינע מענשען, וואָס גלויבען אין גאָט אין הימעל, הייגט וועל איך פרעגען אזא פראָסטע זאַך אויב א מיידעל האָט מיך ליב באַדאַרף איך זי דאָך צען מאָל אזוי פיל ליב האָבען. ניט אזוי? אייער מוטער האָט אזוי ליב געהאַט אייער פאַטער. און מיין מוטער האָט אויך אזוי ליב געהאַט מיין פאָטער. אניט, וואָלט איהר דאָך ניט געוועזען אויף דער וועלט און איך וואָלט ניט געוועזען אויף דער וועלט. איך זאָג — איז ראָבערט געוואָרען אביסעל דרייסטער אין זיין טאָן — צו מאַרגאַרעט׳ען, פאַרוואָס טרייבסטו מיך פון דיך? און זי לאַכט פון מיר גלייך אין פּנים אריין. שוין דריי יאָהר, אז זי טרייבט מיך. איך וויל, אז איהר זאָלט ניט אוועקגעהן און זאָגען, אז ראָבערט איז משוגע. איך האָב מאַרגאַרעט׳ען ליב, אָבער, וואָס הייסט ליב האָ־בען, אז איך קען זיך ניט צונויפקומען מיט איהר? אזוי איז זי געוועזען פון דעם ערשטען טאָג אָן ביז היינט. איך האָב א סך מאָל געוואָלט זיך אוועקזעצען מיט איהר און פראָסט, אָהן כעס, איהר זאָגען, אז איך וויל ניט מערער אזוי לעבען, אָבער אלע מאָל האָט מיר געטאָן א שיין א ליב־

טיגער שטראל, אלע מאָל האָט זיך מיין הימעל אויסגעלייטערט, ווייל זי האָט אלע מאָל צו מיר געמאכט אזוינע שענע שטיק, מיך געשמיסען אי־בער מיין פנים מיט איהרע לאנגע האָר, אָדער זיך מיט מיר געשפילט, ווי מיט א קליין ברידערעל און איך האָב אלע מאָל זיך געטראכט: פון איצט אָן וועט זי שוין ווערען אנדערש. ווער איז געבליבען דער נאר — איך. א סך מאָל פרעג איך זיך, אפשר האָט זי ליב עמיצען אן אנדערען? איך ענטפער זיך אָבער באלד, אז זי קאָן ניט ליב האָבען אן אנדערען ווייל חוץ מיר איז דאָ קיין אנדערער נישטאָ.

בען האָט איינגעהאלטען זיין אומרוהיגקייט און געפרעגט:

— איז דערפאר האָט איהר זי אָנגעהויבען שלאָגען מיט דער בייטש?

ראָבערט האָט זיך דערשראָקען פאר דעם דאָזיגען וואָרט, אָנגעקוקט שטרענג דעם ביי זיין זייט שפּאצירענדען בען׳ן און געזאָגט:

— אויב איהר זייט א מאן, באדארפט איהר וויסען, אז א מאן שלאָגט ניט פאר אזוינע זאכען. מארגארעט האָט נאָך אנדערע פעלערען.

## קאַפּיטעל יד.

בען איז אהיימגעקומען צו זיין שוויין ראַנדזש. פאַרשפּעטיגט. אי־בער דער ווייטער און דורכזיכטיגער לופט האָט זיך געהערט דאָס גריל־צענדיגע געשריי פון די חזרים.

בען האָט גיך אויסגעזאָטעלט זיין פערד און אָנגעהויבען זיין אר־בייט. געגעבען די חזרים פרעסען און טרינקען.

עס איז שטיל געוואָרען.

איבער א פלויט איז אן „ער" שוויין אריבערגעשפּרונגען און מיט א הייזעריגען געלעכטער און שפּייענדיג ווייסען שוים פון זיין מויל, איז ער צוגעקומען צו א ווייסער „זי" א לענגליכע און אויף נידריגע פיס־לעך און מיט א נידריגען בויך ביז צו דער ערד.

די „זי" האָט זיך באלד געטאָן א לעג אוועק אויף דער ערד, מיט די פיסלעך הינטער איהר בויך ארונטערגעלעגט און אויך געלאכט מיט א הייזריגען אָפּגעהאקטען געלעכטער.

דער „ער" האָט מיט זיין ברייטען מויל און נאָזלעכער געגראָבען און געבלאָזען די ווייכע ערד ארום דער „זי". געפּרופּט זי אויפהויבען און ניט געקענט.

איז „ער" אריבערגעשפּרונגען אן אנדער פּלויט און אריין צו אן אנ־דער „זי". יענע האָט זיך דערשראָקען און איז אנטלאָפען. איז „ער" איהר נאָך און „זי" געכאַפּט.

אזוי פראָסט, האָט בען געטראכט, ווילסט ניט, איז ניט — און אריבער אן אנדער פּלויט.

נאָך דעם עסען איז בען אוועק צו זיך אין צימער. ער האָט זיך שוין געוואָלט אויסטאָן און לעגען שלאָפען, אז ער האָט באמערקט אין זיין הוט אן ענדערונג. אויף דער לינקער זייט פון זיין הוט איז געוועזען ארומגענייט א ווייס טיכעל.

בען האָט פאַמעלעך אויפגעריסען די פערדים און לויז געמאַכט דאָס ווייסע טיכעל און אויף זיין טישעל איז ארויפגעפאַלען א בינטעל בלאָנדע האָר.

בען האָט די דאָזיגע האָר באַלד דערקענט, אז זיי זענען האָר פון מארגארעט'ס בלאָנדען קאָפּ, איז ער געוועזען זיכער. עס איז איהם באַ־פאַלען אן אימה און א וועהטאָג פאַר דער דאָזיגער מארגארעט, דאָס מייד־על פון דער פרעירי.

עס קען זיין, האָט בען געטראַכט, אז שרייבען קען זי ניט האָט זי אָפּגעשניטען א בינטעל האָר און אין זיין הוט פארנעהט.

ער האָט א שמעק געטאָן צו די דאָזיגע האָר, זיך געקוויקט און זיי געדריקט אין זיינע הענט, אזוי ווי מען דריקט בלומען.

בען איז ניט געגאַנגען שלאָפען. ער איז אזוי געזעסען מיט דעם בינטעל האָר פארקוועטשט אין זיינע הענט און געטראַכט פון זיך, פון זיין פאַמיליע אין דער ווייטער איסט, און פון מארגארעט'ן.

מיט זיין פאַמיליע, איז ער שוין לאַנג גראָד אויף גראָד אָפּגעשני־טען. ער וויל ווערען א מענש פון זיך אליין און פאַר זיך אליין.

נאָר מיט זיך אליין ווייסט ער ניט וואָס צו טאָן. ער האָט אזוי שעהן אָנגעהויבען. אלע זיינע חברים האָבען איהם מקנא געוועזען. זיינע לערער האָבען איהם אויסגעשפרייט א ווייטען גאָלדענעם וועג. ער איז דאָמאָלט ארומגעגאַנגען ווי אין חלום. ער האָט ניט געוואוסט וואס דאָס איז אזוינס, וואָס פאַר א קראַפט און וואָס פאַר א מעגליכקייטען ער האָט.

— „איינער פון הונדערט טויזענט, האָט מען איהם געזאָגט, האָט אזא בלוט, וואָס אז א פערד דערשמעקט דאָס דאָזיגע בלוט, ווערט דאָס דאָזיגע פערד באַלד אונטערגעוואָרפען אין דעם מענשענ'ס הענט. דער מענש מיט דעם דאָזיגען וואונדערליכען בלוט קאָן זאָגען צו דעם פערד, אז דאָס זאָל א שפרונג טאָן ביז צו דעם הימעל, וועט דאָס פערד פאָלגען און שפרינגען און פארקערט, וועט א פערד ווערען ווילד און דער מענש מיט דער אומבאוואוסטער קראַפט, וועט גיבען שטילערהייט א זאָג צו דעם פערד, אז עס זאָל ווערען שטיל, וועט עס באַלד פאָלגען.

געלערענטע זענען געשטאַנען אויף זייערע שפּיץ פינגער און זיך איינגעקוקט שטיל, און אזוי ווי קליינע קינדער, ווי אזוי בען האָט גע־

טריבען פערד, געהויבען זייערע פיס, זיי געהייסען אװעקלעגען און די פערד האָבען זיך אװעקגעלעגט, זיי געמאכט לױפען אזוי ווי ווילדע יונגע אָקסען און מיט איין שטיל וואָרט, האָט בען זיי איינעהאלטען און באַרוהיגט.

אין דער איסט האָט ער נאָר איין מעגליכקייט געהאַט. האָט ער אָבער ניט געוואָלט ווערען קיין שפּיל אין א צירק. איידער דאָס, וואָלט ער זיך אין א טייך דערטרינקען.

עס האָט איהם דערפאַר געשלעפּט און געצויגען די ווייטע וועסט.

נו, אָט איז זי, די ווייטע וועסט און ער באַדינט גאָר שוויינען.

בען האָט שוין פון לאַנג צעריסען זיין רעקאָמענדיר פּאַפּיר, וואו עס איז געשטאַנען אָנגעשריבען, אז ער קען דאָס פערד בעסער פון זיך אליין.

ער האָט עס צעריסען, ווייל עס האָט זיך מיט איהם גערייצט. איהם האָט וועה געטאָן. און ער איז, סיי ווי, אזוי ווי איינער וואָס הענגט אין דער לופטען, אויף א שטרוי. וואָס זאָל ער טאָן?

ווייט פון דאַנען קאָן ער ניט געהן. מארגאַרעט.

וועט זי געהן מיט איהם?

פּאַרוואָס האָט איהר קיינער ניט אויסגעלערענט שרייבען, ווייל דאָס וואָס זי פיהלט צו איהם האָט זי אויסגעדריקט אין אזא פּרימיטיווען וועג.

א גאָלדענער לאָק!

# קאַפּיטעל טו.

נאָכדעם, וואָס ראָבערט האָט געשפּאצירט און געשמועסט מיט בען׳ן, האָט ראָבערט שוין געוואוסט, אַז עפּעס אומפּארמיידליכעס וועט ארויפ־פליהען און צעשפּרייטען שווארצע פליגלען איבער זיין היים.

און אַז מארגארעט איז שוין ניט זיינע, איז ער געוועזען ניט קיין נאַר, און פארשטאַנען.

עס האָט זיך איצט פאר איהם אזוי לאַנג געצויגען דער דאָזיגער זומער.

ראָבערט איז ווייטער געוואָרען פויל. ער האָט זיך גענויט צו זיין פלייסיג, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. ער האָט אָנגעהויבען פארפאלען צו ווערען אין שטעטעל אויף אַ טאָג אָדער צוויי און גאָרניט אהיימגע־קומען נעכטיגען.

איהם האָט פארדראָסען פאר וואָס מארגארעט איז גלייכגילטיג און פרעגט איהם גאָר ניט, פאר וואָס ער קומט ניט אהיים.

פארשטענדליך, אַז איבער דעם לויף פון זומער, איז בען ביי ראָ־בערט׳ן אין הויז געוועזען עטליכע מאָל צו גאסט.

ראָבערט האָט אלע מאָל זיך מיט איהם געוואָלט צעקריגען, אָבער עס איז איהם ניט געגאנגען און ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאר אַ וועג אָנצוהויבען אַ קריג, אזוי אַז בען זאָל שוין מערער ניט קומען אין זיין הויז.

און ניט נאָר דאָס, נאָר ער איז אלע מאָל, ווען בען איז געקומען, געוועזען זעהר גאסטפריינדליך און אויסערגעווענליך גוט.

עס איז אוועק אזוי ווייט, אַז ראָבערט האָט אָנגעהויבען, פארבאַ־האַלטען פון מארגארעטען, צו אנטוויקלען זיינע מוסקולען. זייענדיג אַ סך מאָל איינער אליין אין פעלד, האָט ער אוועקגעלעגט די ארבייט און געמאַכט מוסקול איבונגען. און אויסשטעהענדיג און לייגענדיג האָט ער

אלץ געמאכט אזוינע באוועגונגען מיט די הענט און פיס און אלץ גע־טראכט, אז עס וועט קומען זיין סוף.

זיין ארבייט האָט ראָבערט ניט געטאָן אין צייט. דער ווייץ איז פארטיג געוואָרען און זיך געשאָטען אויף דער ערד. עס זענען אָנגעלאָפען אלע ארבייטען אויף אמאָל. און פון ארויסגעהן ערגעץ מאכען א דאָלאר „פון דרויסען", אז עס זאָל זיין מיט וואָס זיך איבערצושטופען דאָס לע־בען, איז שוין אָפּגערעדט, אז ראָבערט איז געוועזען ארייגעטאָן גאָר אין אן אנדער וועלט.

איינמאָל האָט ראָבערט געוואָלט אנזאטלען זיין פערד. האָט דאָס פערד ניט געלאָזען זיך ארומבינדען מיט דעם זאָטעלרימען. האָט בען זיך דערשראָקען, פארגעסען אויף וואָס פאר א וועלט ער איז און ארויסגע־רופען מארגארעטען.

— מארגארעט, זעה נאָר ביי אונזער פערד איז געשוואָלען דער בויך, גודביי!

מארגארעט האָט זיך שטארק צעלאכט. זי איז אוועקגעגאנגען פון שטאָל ביז צו דעם הויז און זיך אונטערגעהאלטען מיט ביידע הענט ביי איהרע זייטען און אויף אזא קול געלאכט, אז ראָבערט איז געבליבען שטעהן, ווי א דערשאָסענער און ניט געקענט רירען מיט זיינע פיס.

ער איז אזוי געשטאנען אביסעל און א שפּיי געטאָן צו דער ערד, ארונטערגענומען דעם זאָטעל און איהם אוועקגעוואָרפען און אוועקגע־גאנגען אין הויז.

ווען ראָבערט איז אריין אין הויז האָט מארגארעט נאָך אלץ גע־לאכט, באלד האָט זי אויפגעהערט, געהיט ראָבערט'ס הארטען פּנים, וועלכער איז געוועזען פארכמארעט.

ער האָט אינסטינקטיוו געמאכט א באוועגונג און אויסגעשטרעקט זיין האנט צו דער בייטש אויף דער וואנט, זיין האנט צוריקגעכאפּט, אויסגעדרעהט זיין פּנים צו מארגארעטען און בייז ארויסגעשאָסען זיינע ווערטער:

— וואָס איז דאָס געלעכטער?

— ניט פון דיר, ראָבערט, — האָט מארגארעט געזאָגט, איינהאל־טענדיג אין זיך דאָס לאכען און געמאכט א גרימאסע אויף איהר פּנים — איך לאך, פון אונזער געשוואָלענעם פערד.

— א שענער געלעכטער. טאָמער האָבען מיר איינעם א פערד, באַ־דאַרף דאָס ווערען געשוואָלען, נאָר דאָ מוז עפּעס זיין, א ניט וואָלסטו ניט געלאכט.

— פארשטענדליך, אז עס איז דאָ —

— וואָס בין איך דאָ, — האָט ראָבערט אָנגעהויבען צו שרייען — פאר וואָס קומט עס מיר, בין איך א פרעמדער ?

— איך וועל דיר באלד דערצעהלען.

— בין איך דאָ א פרעמדער ? — האָט ראָבערט אלץ געהאלטען אין איבעררײידען, אָבער שוין אין דער שטיל, אזוי ווי צו זיך אליין גערעדט.

— ווארט, ווארט איך דערצעהל דיר שוין איינגאַנצען —

ראָבערט האָט זיך אוועקגעוואָרפען אויף דער באנק לעבען טיש, אָנ־געשפּארט זיין קאָפּ מיט ביידע הענט און נאָכגעצעהלט די ווערטער וואָס מארגארעט האָט דערצעהלט:

— איינמאָל בין איך ארויסגעקומען אין דרויסען און טו א קוק, מיין טאטענס שווארצער אָגער געהט צו מיר פון ווייטענס. בין איך איהם אקעגען געגאַנגען ביז צו דעם דראָטענעם פּלויט. איך בלייב שטעהן לעבען דעם טויער און ווארט. דער שווארצער אָגער איז צוגעקומען נאָהענט, ער איז ניט געוועזען, פארשטענדליך, אליין. א מענש האָט איהם גע־פירט. פרעג איך דעם מענשען צי ער איז ניט מיד, צי ער וויל ניט א טרונק וואסער, ווייל איך האָב זיך דערמאָנט, אז אונזער פערד איז א מיי־דעל, און אז מיר האָבען נאָר איין פערד. איך האָב פארנארט דעם יונגען מענשען צו אונז. איהם געגעבען וואסער צו טרינקען און דעם שוואר־צען אָגער צונויפגעפירט מיט אונזער מיידעל פערד. און דערפון איז אונזער מיידעל אָנגענומען געוואָרען און זי טראָגט א לאָשעקעל און מיר וועלן איבעראיאָהר האָבען צוויי פערד. דער יונגער מענש, באדאַרפסט זיך שוין אליין אָנשטויסען, איז געוועזען אָט דער איסטערנער בען, און ווען ער איז צוריקגעקומען צו מיין טאטענס הויז, האָט מיין פאָטער מיט זיינע קלוגע אויגען באלד געוואוסט, וואָס מיט זיין שווארצען אָגער איז געשעהן און ער האָט דעם בחור פון דער איסט ארויסגעטריבען פון זיין הויז — דערפאר איז אונזער פערד אזוי געשוואָלען געוואָרען !

ראָבערט איז געזעסען אויף דער באנק, זיין קאָפּ אריינגעצויגען צווי־

שען זיינע אקסלען און ער האָט געפיהלט, ווען מארגארעט האָט גערעדט, אזוי ווי עמיצער שניידט איהם מיט א בייטש איבער זיין פלייצע.

איהם איז עפּעס קלאָר געוואָרען. איהם האָט שוין גאָר ניט געקי־מערט צי מען לאכט, צי מען שמייסט איהם מיט א בייטש.

אקעגען אָוועגט האָט ער זיך אָנגעטרונקען מיט וואסער ביי דעם ברונען און איז אוועקגעגאנגען.

## קאפיטעל טז.

מארגארעט האט געווארט א טאג, צוויי און דריי. פארשטאנען, אז ראבערט איז אוועק און וועט שוין מערער ניט צוריק אהיים קומען.

זי איז געבליבען אין דער קליינער שטוב אהן ברויט און אהן געלט.

מארגארעט איז אויפגעשטאנען אויף דעם פערטען טאג, גאנץ פריה, האט צעלאזען איהרע בלאנדע האר איבער דער שמאלער פלייצע און איבער די דינע אקסלען און איז דאס ערשטע צוגעגאנגען צו דעם ברונען. זי איז געווען זעהר הונגעריג. האט זי זיך פריהער גוט אנגעטרונקען מיט קאלטע וואסער, נאכדעם האט זי זיך גוט אפגעוואשען איהר פנים אין קאלטען וואסער.

די זון איז נאר וואס ארויסגעקומען ביי דעם ברעג פון הימעל.

מארגארעט האט זיך אוועקגעשטעלט און מיט וואס פאר א ווערטער עס איז איהר נאר ארייננעפאלען אין מויל אריין, האט זי גאט געלויבט און געדאנקט, וואס ער האט צוגענומען ביי איהר ראבערט׳ן.

זי האט ארויסגעבראכט דאס פערד און עס אנגעטרונקען, אוועקגעפירט צו דעם טויער פון דראטענעם פלויט און אפגעלאזט פריי, זאל עס געהן און עסען וואס עס וועט וועלען אויף איהר פאטער קאלדוועל׳ס פרעירי.

אליין איז זי אוועק צו דעם פעלד פון ווייץ און אנגעריסען א סנאפ מיט זאנגען און זיי געטראגען אהיים.

אין דער היים האט זי מיט די הוילע הענט ארויסגענומען די ווייץ־קערנער, זיי איבערגעקליבען און צוגעשטעלט אויף דעם אויוען דאס געקעכץ פון ווייץ מיט וואסער.

אז עס איז פארטיג געווארען האט זי געגעסען געקאכטע ווייץ. עס איז געווען זיס און געשמאק. עס האט געשמעקט אזוי ווי בינען האניג.

זי האט זיך גוט אנגעגעסען. און דאס גאנצע הויז האט געשמעקט מיט בינענהאניג.

מארגארעט האט זיך דערמאנט, אז זי איז נאך א מיידעל.

איז זי ארויס אין דרויסען און אנגעהויבען ארומצוגעהן איבער דעם שטיק פעלד, וואס האט ארומגערינגעלט איהר קליין הויז, מיט בארוויסע פיס.

זי האט אנגעהויבען צו זינגען און צו שרייען.

געזונגען אויף א קול: בען, בען, איך בין נאך א מיידעל!

זיך פארשעמט פאר דער זון און זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד מיט איהר פנים באהאלטען טיף אין גראז.

איהר איינציג פערד, וועלכעס זי האט אריינגעלאזען אין איהר פאטער'ס פרעירי איז זיך דערווייל אוועק ווייט פון הויז.

דאס פערד האט געקניפען די טיפע גראזען און קייענדיג זיך ווייטער געגאנגען. עס האט זיך אלע מאל אהינטערגעקוקט צי עס זעהט זיך נאך דאס הויז, ביז עס איז אזוי ווייט פארגאנגען, אז דאס הויז און שטאל האט מען שוין ניט געקענט זעהן.

דערפאר האט מארגארעט'ס פערד באלד דערזעהן א גרויסען בונט מיט פערד.

וואס איז דאס?

דאס פערד איז געבליבען שטעהן, אויפגעהויבען זיין קאפ אין דער הויך, אויפגעשטעלטביידע אויערען און באטראכט דעם בונט מיט די פערד. זיך דערמאנט, אז ביי איהר אין בויך ווארפט זיך שוין א לעבעדיג לאשעקעל, האט דאס פערד אראפגעלאזט זיין קאפ, געקניפען גראז און געטראכט, אז אויב יענע פערד ווילען צוקומען, זאלען זיי צוקומען.

וואס זשע, זיי וועלען דען ניט קענען זעהן, אז זי טראגט א לאשעקעל אין איהר בויך?

א רויט פערד מיט א ווייסען פלעק אויף דעם שטערען איז זעהר פארזיכטיג און אומבאהאלפען אונטערגעקומען. זיך אוועקגעשטעלט ניט שטארק נאהענט און מיט זיינע נאזלעכער געשמעקט צו דעם נייעם פערד.

באלד נאך דעם רויטען פערד איז צוגעקומען נאך איינער, א רויטער, אבער שוין מיט ווייסע, גרויסע פלעקען צעשמירט איבער זיינע פיס. דער,

מיט די ווייסע פלעקען האָט ארויפגעלעגט זיין קאָפּ אויף דעם רויטען פערד'ס קאָפּ און געפרעגט:

— ווער איז דאָס אָט דאָס דאָזיגע פערד?

מארגארעט'ס שקאַפּע האָט דערווייל געקניפּען דאָס גראָז. זי האָט געזעהן, אז נאָהענט שטעהען צוויי פרעמדע פערד, אָבער זי האָט זיך ניט געמאכט זעהענדיג, גוט נאָכגעבליקט זייערע באוועגונגען און דערהויפּט שטארק אין זינען געהאַט, אז ביי איהר אין בויך ליגט א לעבעדיג לאַ־שעקעל.

זאָגט דאָס רויטע פערד צו דעם פערד מיט די ווייסע פלעקען אויף זיינע פיס:

— גיב א געה צו און פרעג דאָס פרעמדע פערד פון וואנען עס קומט?

— זאָגט דאָס פערד מיט די ווייסע פלעקען אויף זיינע פיס:

— פאר וואָס געהסטו אליין ניט צו א פרעג טאָן ביי איהם.

מארגארעט'ס פערד איז געשטאנען מיט זיין קאָפּ צו דעם גראָז אראָפּגעבויגען און גאָר ניט געזאָגט.

האָט שוין דאָס רויטע פערד געוואָלט זיך אויסדרעהען און געהן זענען דערווייל צוגעקומען אלע פערד פון זיין בינטעל, מיט וועלכע ער האָט זיך תמיד ארומגעפירט איבער דער פרעירי.

אלע צוזאמען איז שוין אביסעל היימליכער.

און דאָס רויטע טוט א געה צו נאָהענט צו מארגארעט'ס פערד און כאפּט א שמעק מיט זיינע נאָזלעכער.

מארגארעט'ס פערד הויבט אויף דעם קאָפּ, צעעפענט זיינע אויגען און קוקט זיך ארום אין אלע זייטען. באטראכט אלע פערד און הויבט זיינע פיער פיס און געהט זיך אוועק אין א זייט אריין.

פון אָנהויב בלייבען אלע שטעהן, קוקען זיך איבער, שמעקען מיט זייערע נאָזלעכער צו די איינגעפרעסטע פוס טריט אין דעם גראָז און נעמען זיך נאָך איינער נאָך דעם אנדערען און לאָזען זיך געהן נאָך דעם פרעמדען פערד.

געהט זיך איבער דער פרעירי מארגארעט'ס פערד און א גאנצער בונט פרעירי פערד נאָך איהם.

בלייבט די שקאפע שטעהן, בלייבען די פרעירי פערד אויך שטעהן. מען רינגעלט דאס פרעמדע פערד ארום.

און דאס רויטע פערד נעמט זיך אן מיט כח און געהט צו נאהענט און לעגט ארויף זיין קאפ אויף מארגארעט׳ס פערד.

דאס פערד מיט דעם לעבעדיגען לאשעקעל אין זיין בויך טוט א שפרונג מיט זיינע הינטערשטע פיס און א בריק אין דער לופט.

דאס מאל גראד קיינעם ניט געטראפען. א גליק האבען זיי, וואס זיי זענען ניט געטראפען געווארען.

דערפאר אבער האבען אלע געזעהן, אז דאס נייע פערד האט א לא־שעקעל אין בויך.

— דאס פערד טראגט א לאשעקעל! — האבען זיך די פרעירי פערד אנגעהויבען איבערצורייידען אין דער שטיל.

דאס רויטע פערד האט צו אלע זיינע פריינד אנגעשושקעט אין די אויערען אריין, אז דאס נייע פערד טראגט א קינד און ווי עס דאכט זיך איהם פון דעם שווארצען אגער.

באלד האבען זיך די פרעירי פערד צעשאטען און אנגעהויבען צו לויפען און צו שפרינגען מיט פארהויבענע עקען און אלערליי אויסגעבויגענע פאזען. מיט העלזער, ווי האלבע רעדער און מיט קעפ אריינגעבויגען צווישען די פאדערשטע פיס, אדער מיט אויסגעשטרעקטע העלזער אזוי ווי ביי גענז, אדער מיט אנדערע מינים ווילדע באוועגונגען.

מארגארעט׳ס פערד איז זיי אויך נאכגעלאפען, זאגאר איינינע מאל זיי אויסגעלאפען דעם וועג און ניט געוואוסט אליין, וואוהין עס פירט זיי, טאקע פארלאפען ערגעץ אין טיפע טאלען שמאלע, אז מען האט זיך קוים קוים געקענט דורכשטופען צווישען דעם גרינעם געדיכטען געוויקס, און אן אנדערש מאל זיי צוגעבראכט צו א הויבען שטעהענדיגען בארג, ווי א וואנט, און א צעשניטענעם מיט שמאלע שטעגלעך. אבער אהין אין דער הויך איז שוין געווען שווערליך ארויפצולויפען, ווייל עס דערמאנט זיך, אז ביי איהר אין בויך איז דא א לעבעדיג לאשעקעל.

פאמעלעך דעם בארג ארויף, שטעלט מען זיך אפ און מען הירזשעט

און מען שרייט; דאָס רויטע פערד שרייט מיט אַן אויסגעשטרעקטען האלז און אלע הירזשען איהם נאָך:

— איך וויל אויך אָנהויבען צו טראָגען!

— איך וויל אויך אָנהויבען צו טראָגען! — ענטפערט עמיצער פון דעם פוס פון בארג.

## קאַפּיטעל יז.

הער קאָלדוועל׳ס שווארצער אָגער איז געשטאַנען אין שטאַל מיט זיין קאָפּ אראָפּגעזונקען, מיט פארמאכטע אויגען און צו זיך אליין געטראכט און זיך געוואונדערט.

וואָס זאָל עס זיין, וואָס מען פירט איהם מער ניט צו די שקאַפּעס?

עס האָט זיך אזוי שען אָנגעהויבען, מען האָט איהם געקעמט, גע־באָרשטען און געוואשען. ער האָט זיך געפיהלט פריש און געזונט. איינמאָל האָט מען איהם אוועקגעפירט, בארג אראָפּ, צו דער קארעל. ער האָט נאָך אזא לאנגען ווינטער דערזעהן די ליכטיגע ברייטע וועלט און זיינע אלטע געליבטע פערד, די וואָס זענען שווארץ און די וואָס זענען רויט און די באשפּרינקעלטע מיט ווייסע און שווארצע פלעקען.

נאָר איינמאָל האָט ער זיי געזעהן און ניט מער.

אז דער זומער איז נאָך ניט אריבער, האָט דער שווארצער אָגער געוואוסט. ווייל ערשטענס איז נאָך היים אין די אוועגדען און צוויי־טענס בייסען נאָך די פליגען און דריטענס רעגענט אין דרויסען אזוי אָפט, און עס דונערט. פאר א דונער האָט ער מורא. זיין מאמע האָט איהם נאָך קינדווייז אריינגעשושקעט אין אויער אריין, אז ער זאָל זיך היטען פאר א דונער. ווינטער, ווייסט ער, אז עס דונערט ניט. הייסט עס, אז דער זומער, איז נאָך דאָ. פארוואָס זשע לאָזט מען איהם שטעהן אין שטאַל א גאנצען טאָג?

ער רייסט זיך אויס דאָס הארץ, הירזשעט און שרייט און מען הערט זיך ניט איין צו זיין הירזשען. אמת, מען גיט איהם גענוג עסען. ער האָט אָבער שוין ניט קיין כח אזוי פיל אויפצועסען. ליגט טאקע דאָס היי אויף דער ערד, דעם האָבער צעשיט ער איבער דער גאנצער שטאַל, בלאָזענדיג מיט זיינע נאָזלעכער. א גאנצען טאָג מעסט ער אויס זיין גרויסע איינזאמע שטאַל ארומשפּאַנענדיג אויף זיינע פיס.

אַלע מאָל, אַז עמיצער קומט אַרויס פון הויז, דערקענט דער שוואַר־צער אָגער אין די טריט ווער עס גייט דאָרט.

און אַז ער הערט ניט עמיצנס טריט פאַר אַ לאַנגער צייט וואונ־דערט זיך דער שוואַרצער אָגער וואָס מיט יענעם מענטשן איז עפּעס גע־שעהן פאַר וואָס ער לאָזט פון זיך ניט הערן.

ער האָט פאַר זיך אַליין גאַנץ לאַנגע טעג, זיך גוט איינצוטראַכטען אין אַזוינע קליינינקייטען, וואָס קומען פאַר דאָ אַרום איהם און מען קען איהם ניט אָפּנאַרען. זיינע אויערען פאַרנעמען אַלעס און זיינע אויגען זעהען ווייט און באַנעמען אַזוינע זאַכען, וואָס אַ פערד באַדאַרף ניט וויסען.

אָבער איין זאַך פאַר וואָס מען נעמט איהם ניט מער אַרויס צו די שקאַפּעס האָט ער ניט געקענט פאַרשטעהן.

איינמאָל שפּעט אין אָוונט, עס איז געוועזען אַ וואַרימע זומער נאַכט, דער שוואַרצער אָגער האָט ניט געקענט ליגען, ווייל ער איז שוין געגוג געלעגען אַ גאַנצען טאָג, האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אין שטאַל אין דער פינסטער און דערהערט אַז מען גערט.

ער האָט באַלד דערקענט די טריט. שוין לאַנג ניט געהערט די טריט פון דעם מענטשען אָבער באַקאַנט זענען זיי איהם זעהר און זעהר.

באַלד איז עמיצער אויסגעוואַקסען אין דער טיר. דער הונט איז אַנגעלאָפען, זיך געוואָלט צעבילען, אָבער דער מענש האָט געטאָן אַ גלעט דעם הונט איבער זיין קריזש און דער הונט איז מיט זיינע צוויי פאָדער־שטע פיס צו איהם אַרויפגעשפּרונגען.

באַלד איז דער מענש צוגעקומען צו דעם שוואַרצען אָגער, איהם אויך אָנגעהויבען צו גלעטען איבער זיין פּנים און האַלז.

דער שוואַרצער אָגער האָט איהם דערקענט, אין זיינע הענט אָנגע־שמעקט, צי דער אַלט באַקאַנטער מענש האָט עפּעס ניט געבראַכט אַ נאַש צו טאָן.

— ניין, ניט געבראַכט גאָר ניט. אָבער אַלט באַקאַנטער מענש, וואו ביזטו געוועזען ביז אַהער? — האָט דער שוואַרצער אָגער זיך געטראַכט.

נאָכדעם האָט דער דאָזיגער מענש גענומען אַ שטריק און איהם אַרומגעבונדען אַרום דעם אָגער'ס קאָפּ.

דאָס האָט דעם אָגער ווי געוואונדערט און געפרעהט. געוואונדערט

וואָס עפּעס אין מיטען נאכט אָנטאָן א קאפּעסטרא. און געפרעגט האָט דעם שווארצען אָגער, וואָס נאָך אזוי פיעל טעג פון זיין אין שטאָל איז מען געקומען און מען וועט איהם ארויספירען צו די שקאפּעס.

אָבער זיין פרייד האָט זיך באלד אויסגעלאָזען, אז דער אלט באקאנ־טער מענש האָט גענומען און איהם ארומגעבונדען דאָס מויל מיט א שטריק און שטארק פארצויגען ביז וועהטאָג.

ניט נאָר האָט ער ניט געקאָנט שרייען פאר פרייד נאָר אויך ניט פאר דעם וועהטאָג פון דעם וואָס דער שטריק האָט געשניטען אין די ליפּען.

פארפאלען, זאָל עס וועה טאָן, אָבער דער מענש נעמט איהם ארויס פון שטאָל און באלד וועט ער מיט איהם קומען צו די שקאפּעס.

אז זיי זענען אפּגעגאנגען א גרויסע שטרעקע ווייט פון קאלדוועל'ס הויז האָט זיך דער מענש אָפּגעשטעלט. אָנגעטריבען דעם הונט אהיים. געוואַרט ביז דער הונט איז אהיים געלאָפען, נאָכדעם האָט דער מענש אויפגעבונדען דעם שטריק פון דעם שווארצען אָגער'ס מויל און אזוי געזאָגט:

— דו מיין שענער, שווארצער אָגער, ווייסט שוין פון לאנג, אז ראָ־בערט איז ניט שלעכט. איך האָב דיר ארומגעבונדען דיין מויל מיט א שטריק, ווייל טאָמער וועט זיך דיר פארוועלען א הירזשע טאָן, זאָלסטו ניט קענען. דו האָסט נאָך געקענט אויפוועקען דיין באלעבאָס, דעם אל־טען קאָלדוועל. איצט, מיין שווארצער אָגער, וויל איך דיר זאָגען אז מיר געהען אוועק אין א ווייטען וועג, קנאפּ זיך דערוויייל אָן מיט גרינעם גראָז, און באלד נאָכדעם, ווי איך וועל זיך אביסעל אָפּרוהען, ציהען מיר אוועק.

ראָבערט האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם גראָז, אָנגעפילט זיין פייפ מיט טיטון, זיינע הענט האָבען געציטערט און זיין הארץ האָט געקלאַפּט און דאָס פערד האָט מיט א הויך קול געביסען דאָס גראָז ארום און ארום, אין א ראָד.

— פיל דיך אָן, ווייל באלד ציהען מיר אוועק — האָט ראָבערט גע־זאָגט, האלטענדיג זיין פייפ אין זיין מויל — מיר מוזען נאָך באוויייזען צו קומען אין דעם טאָל פון דעם שאָטענדיגען טייכעל, ווייס דער טייפעל ווי אזוי מען רופט עס דאָרט, פיל זיך אָן. אָבער האָב ניט מורא, איך וועל דיך לאָזען לעבען. זאָלסטו לעבען א פרייען, שענעם טאָג ביז דעם

לעצטען טאָג פון דיין לעבען. און איך וועל זיין פריי. איך דער זוהן פון קאראבעל, האָב אוועקגעוואָרפען דיין באַלעבאָס׳ס טאָכטער. זי וויל מיך ניט, כא, כא, האָב איך זי אוועקגעוואָרפען. איך און דו וועלעןביידע זיין פריי.

אָבער מיין גוטער שווארצער אגער, דיר וועט זיין בעסער.
מיין הארץ זאָגט מיר, אז דיר וועט זיין בעסער!

## קאַפּיטעל יח.

דער אַלטער קאַראַבעל איז געזעסען דעם גאַנצען אָוונט אויף דעם גאַניק פון פּאָסט שטוב און דערצעהלט צו די לייט פון שטעטעל אַלערליי מעשות, דערביי האָט ער אַלע מאָל אין דער קרום געשפּיגען מיט איין שאָס ארוים פון צווישען זיינע יאַסלעס אָהן ציינער.

צו דערצעהלען האָט ער געהאט וואָס. ער איז געוועזען דער ערש־טער אַלטער מאַן אין דעם שטעטעל ט... נאָרד דאַקאָטאַ.

ער האָט אַזוי לאַנג דערצעהלט ביז אַלע זענען שוין געוואָרען מיד און די אויגען זייערע האָבען זיך געקלעפּט. עמיצער האָט געטאָן א גענעץ. באַלד האָבען זיך אַלע איינער נאָך דעם אַנדערען צעגענעצט.

נו, אז אַלע גענעצען, איז באַדאַרפען שוין מער ניט דערצעהלען. דער אַלטער קאַראַבעל הויבט אויף זיין קאָפּ צו דעם הימעל, עפענט זיין מויל און טוט א ברייטען גענעץ און נאָכדעם צעוויגט ער זיך און מאַכט א באַוועגונג זיך אויפצוהויבען פון זיין אָרט, וואָס עס קומט איהם אָן זעהר שווער. נאָכדעם צעגעהט מען זיך און מען לעגט זיך שלאָפען.

ביסלעכווייז פאַרשווינדט דאָס שטעטעל אויף דער טיפער שטאָק פינסטערער פרעירי. עס לעשען זיך אוים די פייערלעך פון די פענסטער איינער נאָך דעם אַנדערען און די שטיבלעך ווערען אָפּגעווישט אין דער פינסטער.

דאָס גאַנצע שטעטעל שלאָפט.

נאָר דער אַלטער קאַראַבעל איז איינער אַליין נאָך וואך אין זיין „מושב זקנים" שטוב. פון דאָרט שיינט נאָך ארוים א קליין ליכטעל, מיט קליינע שפּיזלעך ארומגערינגעלט. עס איז קאַראַבעל'ס הויז, ווייל ער האָט זי געבויט פאַר זיין געלט און ער איז טאַקע דער ערשטער אין זיין מושב זקנים, וועלכען מען רופט טאַקע קאַראַבעל'ס־הויז פאַר אָרימע און היימלאָזע.

תמיד פירט ער זיך אזוי, און היינט אָוועגט אויך, פאר זיין שלאָף טוט ער עפּעס. ווייל ער איז שוין אלט און אויסליגען אזא זומערנאכט מיט זיינע ווייכע, אלטע ביינער, קען ער נים.

ער וואונדערט זיך, נאָר ווי אזוי האָט ער אמאָל געקענט שלאָפען, וואו ער האָט נאָר זיין קאָפּ צוגעשפּארט. איז דאָס געוועזען אויף דער פּרעירי, צי ערגעץ אויף א סקאלע מיט הארטע שטיינער, צי אין א שטאל, אָדער נאָר אין א קארעל אויף דער הארטער אויסגעטראָטענער ערד.

אויף דער עלטער איז נים פרעהליך. איצט איז אויף א ווייך בעט נים גוט צו שלאָפען.

דערפאר זיצט ער אלע אָוועגט זעהר שפּעט און קוקט איבער זיינע זאכען, מיט וועלכע ער וויל זיך נים צעשיידען ביז ער וועט שטארבען.

צווישען די זאכען, וועלכע באשטעהען פון אלערליי מעסערלעך, ביינדלעך, פארשטיינערטע־האָלץ און אזוינע וואונדער שטיינדעלעך, געפינט זיך אויך א רעוואָלווער מיט א לאנגען האלז.

אז ער צעהלט איבער אלע ביינדלעך און די אנדערע זאכען, וואָס דערמאָנען קאראבעלען אין דער אמאָליגער פּרעירי, נעמט ער דעם געלאָדענעם רעוואָלווער מיט דעם לאנגען האלז און באקוקט איהם פון אלע זייטען און לעגט איהם צו צו זיינע באקען און טראכט, אז דאָס איז זיין איינציגער גוט קינד, וואָס האָט איהם באשיצט אין אלע צייטען און וועט מיט איהם זיין ביז זיין טויט.

וואָרים, פאר וואָס זאָל ער זיך נארען, ער ווייסט, אז דער דאָזיגער בחור, וואָס קומט אומגעריכט און טוט א נעם אָן ביי דעם גאָרגעל און געענדיגט — אָט דער דאָזיגער אומגעריכטער וועט דאָך ווען עס איז נים עפענען די טיר און אריין און ארוים און — געענדיגט!

דאָס איז פארפאלען!

אָבער ווער קלאפּט אין טיר?

דער אלטער קאראבעל האָט, ווי איהם דאכט זיך, געהערט, אז עמיצער קלאפּט אין טיר.

— ווער איז דאָרט?

— עפּען!

— מיין טיר איז נים פארשלאָסען, ווער איז דאָרט?

עס עפענט זיך די טיר. פון דער פינסטערער נאכט רוקט זיך אריין

אין שטוב א געשטאַלט. פון דעם שוואַכען שטוב ליכט איז אוממעגליך באַלד צו זעהן ווער דאָס איז, אָבער, אז דאָס איז א מאַן, האָט דער אַלטער קאַראַבעל באַלד פון אָנהויב באַמערקט.

— ניט מורא האָבען, קום נענטער — האָט דער אַלטער קאַראַבעל אַזוי ווי טרייסטענדיג געזאָגט.

— איך קען ניט.

— וואָס הייסט דו קענסט ניט? א קאַליקע געהט אַרום איבער דער פּרעירי אַזוי שפּעט. וואַרט, וועל איך דיר אַקעגען קומען און העלפען.

קאַראַבעל דרעהט אַרויס דעם פּלאַם פון לעמפּעל אַביסעל גרעסער לאָזט זיך מיט זיינע שווערע טריט אַקעגען דעם פרעמדען.

— וואָס איז דאָס, ראָבערט!? — האָט דער אַלטער אָנגעהויבען צו שרייען און זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט ביי זיין ווייסען קאָפּ.

— איך, איך בין עס, פּאָטער לעבען —

— וואָס אַזוי שפּעט? און וואָס ביזטו אַזוי בלאַס? און וואָס ציטערען אַזוי דיינע הענט און פיס? — האָט דער אַלטער קאַראַבעל גע־פרעגט, צעעפענדיג גרויס זיינע אויגען און געוואָרפען מיט זיי אויף זיין זוהן ראָבערט.

— איך בין געקומען אַזוי שפּעט, ווייל איך האָב זיך געשעמט קומען פריהער. איך בין בלאַס, ווייל איך האָב שוין א פּאָר טעג ניט געגעסען. און מיינע הענט און פיס ציטערען, ווייל עס איז מיר קאַלט, — האָט ראָבערט געענטפערט.

— קאַלט, קאַלט. א יונגערמאַן, און קומט אין מושב זקנים — האָט זיך דער אַלטער צעלאָזען. שאָקלענדיג מיט זיין ווייסען קאָפּ אַראָפּ און אַרויף — האָסט ניט געקענט איבערנעכטיגען אויף דער פּרעירי און ווי ווייט איז פון דאַנען צו דיר אהיים, צו דיין ווייב?

— האָ, האָ, זי איז שוין ניט מער מיין ווייב, אַזוי ווי זי איז ביז איצט טאַקע ניט געוועזען מיין ווייב — האָט ראָבערט אין דער גיך אָפּ־געכאַפּט זיין ענטפער — אָבער פּאָטער לעבען איך בין הונגעריג. גיב מיר עפּעס א ביס צו מאַן, אויב דו האָסט.

— צי איך האָב, צי איך האָב ניט, ברויט מיט זאַלץ איז דאָ. קום נעהענטער און נעם און עס זיך אָן — האָט קאַראַבעל א כאַפּ געטאָן, בייז,

זיין זוהן, און איהם צוגעשלעפּט צו דעם טישעל — זעץ זיך אוועק, ביזט מיד.

קאראבעל האָט אָפּגעראמט פון טיש אלע זיינע שפּילזאכען. דעם רעוואָלווער האָט ער אריינגעבאהאלטען אין זיין רימענעם גארטעל. נאָכ־דעם האָט ער געבראכט ברויט מיט זאלץ און א קוואַרט וואסער. ער האָט דאָס אלעם צוגרייטענדיג, אינדערגיך געשארט מיט זיינע פיס.

זיין זוהן ראָבערט האָט א טרונק געטאָן און אָפּגעבראָכען שטיקער ברויט, זיי געטונקט אין זאלץ און געשלונגען איין שטיק נאָך דעם אנדע־רען, איילענדיג זיך.

דער אלטער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער לאנגער באנק, אין עק, רייטענדיג און באטראכט זיין זוהן. געגענעצט און זיך געקראצט אין זיין קאָפּ און עפּעס צו זיך אליין געריערט אין דער שטיל.

— איצט דערצעהל וואָס דו ביזט אהער צו מיר געקומען — האָט דער אלטער קאראבעל געזאָגט, נאָכדעם, ווי דער זוהן האָט אריינגעוואָר־פען אין זיין מויל אלע ברעקלעך ברויט פון טיש —

ראָבערט האָט באלעקט מיט זיין צונג די ליפּען און געזאָגט:

— איך ווייס אליין ניט, פאָטער, פון וואנען איך זאָל אָנהויבען צו דערצעהלען.

— הויב אן פון סוף. זאג וואָס דו ווילסט אזוי שפּעט ביינאכט, דאָ, ביי מיר.

— וואָס ביזטו בייז אויף מיר — האָט זיך שוין ראָבערט אויך אָנ־גענומען מיט זיין פאָטער'ס טאָן — איך האָב געמיינט, אז דו, מיין פאָ־טער, וועסט מיך אויסהערען, ווארים, ווען האָב איך דאָ אויף דער פּרעי־רי, א חוץ דיר. לאָזט זיך אויס, אז דו ביזט בייז. גיב מיר א געלעגענ־הייט צו דערצעהלען, העט פון אָנהויב.

— נו, נו דערצעהל, כאַפּען דיך די דזשימניעס, דערצעהל — איז דער פאָטער געוואָרען אביסעל ווייכער.

— פון אָנהויב האָב איך געארבייט ביי הער קאָלדוועל. האָט ער געהאַט א מיידעל מארגארעט. זי האָט מיך מיט איהרע ווילדע געגנלעך אריינגענארט און איך האָב געמיינט, אז זי איז אזוינע וואָס עס איז צו איהר גאָר קיין גלייכען נישטא אויף דער פּרעירי. איך האָב זיך צו איהר צוגעלאָזט און דער פאָטער איהרער האָט אונז ביידע אָנגעטריבען. מיר

האָבען זיך ניט דערשראָקען דערפאַר און זיך באַזעצט אויף א היימ־סטאַד. האָבען מיר זיך דאָרט באַזעצט. פון אונזער ערשטען טאָג איז ביי אונז אוועק קידער ווידער, איך זאָג אַזוי, זאָגט זי אַנדערש. זי וויל מיך פירען ביי דער נאָז. וואָס זשע האָב איך געטראַכט. הע, עס איז א פּרעירי מיידעל, באַדאַרפען זי איינברעכען. איך האָב זי אָנגעהויבען צו שלאָגען און זי איז געוואָרען אַרגער פון טאָג צו טאָג. דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט עפּעס א שלאַק פון דער איסט, א בחור. ווי באַלד זי האָט זיך נאָר אָנגעשמעקט מיט דעם דאָזיגען בחור, האָט זי גאָר אין גאַנ־צען אויפגעהערט מיך צו זעהן. איך האָב זיך ארומגעדרעהט אין הויז ווי א פרעמדער. זי האָט ניט גערעדט צו מיר און מיך ניט געזעהן.

— איצט ווען עס איז שוין שפּעט ביזטו געקומען צו מיר — האָט דער אַלטער קאַראַבעל אריינגעוואָרפען, ווען זיין זוהן האָט געמאַכט א פּאוזע און זיך אָפּגערוהט.

— איך דערצעהל דיר, פאָטער, דעם גאַנצען אמת. שפּעט צי פריה, איך גיב ניט קיין שאָס, פאַר גאָר ניט. איך דערצעהל דיר דעם אמת. — האָט זיך ראָבערט אויפגעהויבען פון זיין זיץ — מיין גאַל האָט געפּלאַצט. איך בין אוועק פון איהר. האָב איך געטראַכט וואוהין צו געהן. די פּרעירי איז גרויס אָבער פאַר מיר איז נישט געוועזען קיין אָרט. בין איך אוועק צו הער קאָלדוועל. עס איז געוועזען ביינאַכט. איך האָב ארויסגענומען זיין שווארצען אָגער און איהם אוועקגעפיהרט און אריינגעלאָזט אין דעם ווילדען לאַנד...

עס האָט זיך דערהערט א קנאַל.

ווייסע געשטאַלטען האָבען זיך געטראָגען איבער דעם איינציגען געסעל פון דעם שטעטעל ט... אין דער פינסטער האָט מען זיך אָנגע־קלאַפּט איינער אָן דעם אַנדערען.

— געהערט א קנאַל פון א רעוואָלווער?

— געהערט.

— פון וואַנען?

— אָט דאָ זעהר נאָהענט.

— וואו?

דערווייל האָט דער אַלטער קאַראבעל זיך ארומגעזעהן, וואָס ער האָט געטאָן. ער האָט דעם רעוואָלווער מיט דעם לאַנגען האַלז, פון וואַנען עס

האָט זיך געראָכערט, אוועקגעלעגט אויף דעם טיש. נאָכדעם צעעפֿענט די טיר, ארויס אין דער פֿינסטער און אָנגעהויבען צו שרייען:

קומט אהער! קומט אהער!

מען איז זיך צונויפגעלאָפֿען. ווייסע געשטאלטען האָבען זיך גע־שטופּט אין קאראבעל'ס הויז און ארומגערינגעלט אין א ראָד דעם מענ־שען, וואָס איז געליגען אויף דער ערד מיט צעשפּרייטע הענט און פֿיס.

— קאראבעל, עס איז דאָך אייער זוהן!

— ראָבערט, ראָבערט, ליגט א געשאָסענער!

— אָט ערשט, האָט ער פֿארמאכט זיין לינקע אויג, איך האָב גע־זעהן!

— איך האָב מיין זוהן דערשאָסען, ווי א הונט — האָט קאראבעל געיאָמערט — דערפֿאר ווייל ער האָט ביינאכט ארויסגענומען קאָלדוועל'ס שווארצען אָגער און איהם פֿארפֿירט, אזש אין דעם ווילדען לאנד אריין. ניין, ניט ביי דעם לעבען פֿון דעם אלטען קאראבעל!

## קאַפּיטעל יט.

דעם אינדערפריה, נאָכדעם וואָס ראָבערט האָט אוועקגענומען קאַלדוועל'ס שווארצען אָגער, איז מען אין הער קאַלדוועל'ס הויז אויפגעשטאַנען אזוי ווי אַלע טאָג. פריהער זיינען אַלע אויפגעשטאַנען, און אזוי ווי קאַלדוועל איז שוין אין דער לעצטער צייט געווען דער שפּעטשלאָפער, איז ער אויפגעשטאַנען אביסעל שפּעטער.

מען האָט געגעסען איבערבייסען. קאַלדוועל האָט געפרעגט זיינע צוויי ארויסהעלפערס, מעק און עד, צי זיי האָבען אָנגעטרינקען דעם שווארצען אָגער.

— וואָס הייסט אָנטרינקען — האָט מעק געענטפערט און אריינגעלעגט א האַלבען זעמעל אין זיין מויל אריין און איהם געקייט אויף איין זייט באַק. — ניט נאָר האָבען מיר איהם אָנגעטרינקען, נאָר אויך פרעסען געגעבען.

— הער באַבקאַק שניידט שוין זיין ווייץ — האָט דער קורצער עד אריינגעוואָרפען, מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען צום טיש.

— זאָלען זיי שניידען — האָט הער קאַלדוועל שטיל און הייזעריג געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ארומגעווישט די שטעכיגע האָר ארום זיינע ליפּען. — מיר וועלען אפשר היינט נאָכמיטאָג אויך ארויסגעהען שניידען. מיר געהען באַלד ארויס א קוק טאָן אויף די שנייד מאַשינען.

— וועט איהר שניידען ווייץ — האָט פרוי קאַלדוועל זיך געפרעהט — וועל איך פאר אייך, מענער, באַקען רוהבארב קנישעס, און מאכען געבראָטענע ווילדע פרעירי היהנער. איך געה ארויס מיט דער ביקס און שיס פאר אײַך אַיטליכען א פרעירי הוהן.

— מיר וועלען שניידען אלע טאָג ווייץ — האָט ער קאַלדוועל געשמייכעלט.

נאָך איבערבייסען האָט הער קאַלדוועל צונויפגענומען זיינע הע־מערלאַך, שרויפען דרעהערס און אנדערע ווערקגעצייג.

דער לאַנגער מעק און דער קורצער עד זיינען נאָך דעם איבער־בייסען ארויס אין דרויסען דערווייל כאַפּען א גוטען רויכער טיטון. אין דרויסען האָבען זיי זיך ביידע איבערגעקוקט; זיך צעלאַכט.

— דעם שווארצען אָגער זאָל מען אָנטרינקען. ווינציג אַזוי נאָך צו טאָן. זאָל ער אליין אויפשטעהן גאַנץ פריה און איהם אָנטרינקען — האָט דער קורצער עד געמאַכט חוזק פון הער קאַלדוועל.

קאַלדוועל איז ארויסגעקומען, אויפגעהויבען זיינע אויגען און באַ־טראַכט דעם הימעל. ארויסהעלפערס האָבען ביי איהם גיך צוגענומען דאָס ווערקגעצייג. ער האָט זיי געזאָגט, אז ער טראַכט, אז היינט וועט זיין א שענער טאָג אָנצוהויבען צו שניידען, ווייל אויף דעם בלאָהען הימעל זעהט מען ניט קיין פּיצעל כמאַרע און די לופט איז א טרוקענע.

די מענער זענען אוועק צו דער ווייט פון הויז אָפּגערוקטער מאַשין שטאַל, ארויסגעשלעפּט אויף דעם גרינעם גראָז די רויטע מאַשינען מיט די ווייסע לייווענטענע פליגלען און האָבען זיך אריינגעטאָן אין זייער ארבייט. גערייניגט, באַגאָסען מיט אויל און פאַרדרעהט שטייפער די שרויפען, וועלכע זיינען פון דעם לאַנגען שטעהען אין שטאַל געוואָרען לויז. דאָ און דאָרט האָט געפעהלט א שרויף. די מעסערלאַך זיינען געוואָרען באַדעקט מיט זשאַווער, האָט מען זיי גערייניגט און מיט א שאַרפשטיין געריבען און געשאַרפט.

עליזאַבעט, דאָס מיידעל וואָס האָט געדינט ביי הער קאַלהוועל פאַר איהר טאַטענ׳ס פערד, איז געקומען צולויפען מיט א גוואַלד, שפּרינ־גענדיג מיט איהרע באָרוועסע פיס אין דעם גראָז, און איבערגעשראָקען די מענער.

די מענער האָבען ארויסגעשלעפּט זייערע אויסגעשמירטע פּנים׳ער פון צווישען די פליגלען פון די שנייד מאַשינען, דערזעהען עליזאַבעט׳ען, אויסגעשפּיגען און זיך ווייטער גענומען צו דער ארבייט.

— פרוי קאַלדוועל האָט געהייסען שוין, טאַקע שוין א היים קומען — האָט ליזאַבעט מיט א קוויטש געזאָגט, און איז אַנטלאָפען.

— שוין אַזוי גיך מיטאָג פאַרטיג? — האָט הער קאַלדוועל פאַר־וואונדערט זיך ארומגעקוקט. — ווי גיך דער ווייסער טאָג לויפט אוועק!

די מענער האָבן פּאַמעליך אוועקגעלעגט דאָס ווערקצייג, אָפּגעטרייסעלט זייערע הענט און אוועק אהיים.

— קאַלדוועל, דער שווארצער אַגער איז נישטאָ — האָט פרוי קאַלדוועל זיי באַגעגנט מיט פאַרבראָכענע הענט.

— וואָס הייסט?

— נישטאָ!

— ווער זאָגט?

עס איז געוואָרען א טומעל. הער קאַלדוועל איז דאָס ערשטע צוגעלאָפען צו דעם שווארצען אַגער'ס שטאַל. דאָס האַלבע זומערדיגע טירעל איז געווען פאַרמאַכט. די שטאַל — ליידיג. קאַלדוועל האָט געטאָן א לאָז אראָפּ ביידע הענט און מיט זיי אַנגעקלאַפּט אין זיינע ביידע זייטען, ער איז געוואָרען בלייך און דערנאָכדעם איז זיין פאַרוואַקסען פּנים פאַרגאָסען געוואָרען מיט בלוט. ער האָט אראָפּגעכאַפּט זיין פאַרשמאָלצעטען הוט און מיט איהם א וואָרף געטאָן צו דער ערד.

— היי, הערט נאָר — האָט ער געשריגען צו זיינע ארויסהעלפּערס — צו אייך רעד איך דאָס, צי ניין. האָט איהר היינט אינדערפריה אָנגעטרינקען מיין שווארצען אַגער?

דער לאַנגער מעק האָט עפּעס אָנגעהויבען צו שטאַמלען, נאָר קאַלדוועל האָט איהם ניט געלאָזען ענדיגען:

— קאַלדוועל'ען נאַרט מען ניט! אייער געביין זאָל זיך באַלד אָפּטראָגען פון דאַנען. און אייערע פּיס זאָלען ניט מעהר באַטרעטען די ערד וואָס טראָגט מיין נאָמען, איהר הערט צי ניין!

קאַלדוועל האָט זיך ארומגעקוקט, דערטאַפּט עפּעס אַן אַלטען דישעל פון א וואָגען, איהם א הויב געטאָן אין דער הויך.

— איך וועל אייך ביידען, היגטישע קינדער, די קעפּ צעברעכען מיט דעם דאָזיגען דרענגעל, פאַרנעמט זיך פון דאַנען!

דער לאַנגער און דער קורצער האָבן געכאַפּט, אָט אזוי ווי זיי זיינען געשטאַנען און געגאַנגען, ווייל קיין באַגאַזש האָבען זיי סיי ווי ניט געהאַט מיט זיך, און זיך אָפּגעטראָגען. זיי זיינען ביידע געלאָפען מיט דעם שטעגעל וואָס האָט געפיהרט צו דעם גרויסען וועג אינדרויסען פון יענער זייט פּלויט. זיך אַלע מאָל ארונטערגעקוקט.

אַז קאַלדוועל איז פון זיי פּטור געוואָרען האָט ער ערשט אָנגעהויבען

צו זוכען ארום זיין הויז און שטאַלען דעם שווארצען אָגער. ניט געפונען, און איז אוועק צופוס אויף דער פּרעירי. אין קאַרעל האָט ער אויס־געזוכט יעדעם ווינקעל. ער האָט געוואָרפען מיט אַלעם וואָס עס איז איהם אין זיינע הענט געקומען, געבראָכען שטעכיגע דראָטען מיט זיינע הוילע הענט. אריבערגעגאַנגען עטליכע טייכלעך מיט זיין אַנגעטוכץ, געוואָרען נאַס, זיך צוריק אויסגעטריקענט אויף דער ווארעמער זון. געזוכט צווישען זיינע פערד, אויסגעגאַנגען אַלע עקען פון זיין פּרעירי וואו עס איז נאָר עפּעס געוועזען א טאָל, א טיפער שניט, א סקאָלע אָדער א בארג. אויף א בארג האָט ער זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט א בי־סעל לענגער און ארומגעקוקט דעם גאַנצען ארום און ארום, טאָמער וועט ער זיין שווארצען אָגער דערזעהן.

עס זיינען געוועזען אויף זיין פּרעירי איינציגע בערג, פון וועלכע מען האָט געקענט אָנזעהן זיין הויז און שטאַלען. אויף די דאָזיגע בערג איז קאַלדוועל געשטאַנען און געקוקט צו זיין היים, טאָמער איז דער שווארצער אָגער שוין אין דער היים. ער האָט אָבער אזוי לאַנג געקוקט אויף זיין היים, ביז ער האָט געוואוסט און דערקאָנט, אז דער שווארצער אָגער איז נאָך אין דער היים נישטאָ. ער האָט זיך געהאט, דעמאָלט, זיינע סימנים, ווי א שטייגער, אז פון קומען פון זיין הויז געהט ניט קיין רויך, און דאָס הויז מיט די שטאַלען שטעהען, ווי עס האָט זיך איהם אויסגעדאכט און וויינען.

וואו עס האָט זיך ביי הער קאַלדוועל גענומען כחות, ווייסט איין גאָט. דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבען צו באהאלטען פון יענער זייט בארג. אין די טאָלען איז שוין טאקע געווען פינסטערלאך, נאָר אויף די בערג איז נאָך געוועזען אביסעל ליכטיג.

קאַלדוועל האָט נאָך ניט דורכגעזוכט זיין גאַנצע פּרעירי. איצט איז איהם זיין פּרעירי געוואָרען גרויס, ער איז אַלעמאָל אוועק טיפער און ווייטער און זיך דערמאָנט אז ער האָט פארגעסען א קוק צו טאָן אין דעם אָדער אין יענעם טיפען שניט, וואָס איז דאָ אין דער מיט פון א טאָהל, אָדער צווישען די צעוואָרפענע גרויסע קאַלך שטיינער, וואָס זיינען געלעגען צעשפּיגענע אויף א גרויסען שטח, אָדער ביי דער ריטשקע וואָס איז פון ביידע זייטען געדיכט באוואַקסען מיט נידריגע ווערבעס און ביינוועל.

קאַלדוועל האָט איצט זיך אָנגעהויבען צו דערמאָנען אַלע פאַרבאַ־האַלטענע ערטער פון זיין פריערי; אזוינע ערטער וואו ער איז נאָר איינמאָל געוועזען, אָדער ער איז נאָר איינמאָל דורך זיי דורכגעפאָרען.

זיין גאַנצע פריערי איז איצט ביי איהם געלעגען אויף דער האַנט.

אָבער דערוייל האָט ער נאָך דעם שוואַרצען אָגער ניט געפונען. און די נאַכט האָט געטאָן א רוק אַראָפּ איהר היטעל איבער די אויגען פון דער פריערי. עס איז געוואָרען שטאָק פינסטער.

הער קאַלדוועל האָט יאָ געוואָלט בלייבען נעכטיגען אויף דער פריערי און ניט געוואָלט בלייבען.

ער איז אַהיימגעגאַנגען, זיך אַלע מאָל אָנגעשלאָגען אָן עפּעס און געפאַלען. זיך אויפגעהויבען, געשאָלטען און געוואָלט רויכערען און ניט געהאַט מיט וואָס אונטערצוצינדען זיין פייפ.

ווע ער האָט איצט מיט וואָס צו מאַכען פייער!

ער איז געווען דורשטיג און קוים דערלעבט צוצוקומען צו א טייכעל. האָט ער זיך גוט אָנגעטרונקען מיט וואַסער און ווייטער גע־גאַנגען.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטרונקען, האָט ער געטאָן א טראַכט, אַז זיין שוואַרצער אָגער מוז שוין זיין אין דער היים. אַז דאָס פערד איז געוואוינט צו שלאָפען הינטער א דאַך, איז ער שוין מן הסתם אַליין א היים געקומען.

קאַלדוועל האָט זיך אָנגענומען מיט נייעם מוט און אָנגעהויבען אַהיים צו געהן א פרעהליכער.

באַלד האָט ער טאַקע דערזעהן ליכט פון ווייטענס.

ער האָט אָנגעהויבען צו לויפען. זיין גאַנצער קערפּער האָט געברענט און עס האָבען פון איהם גערונען ריטשקעס מיט שווייס.

ער איז אריינגעפאַלען אין הויז. אין קיך האָבען איהם באַגעגענט, אי זיין פרוי, אי דאָס מיידעל ליזאבעט, ביידע מיט פאַרוויינטע אויגען און בלאַסע פּנימ׳ער.

— נו?

— נישטאָ?

— נישטאָ?!

— מאָרגען וועלען מיר איהם געפינען — האָט ליזאבעט געטרייסט — מאָרגען, וועט איהר זעהען, צי ניין.

## קאַפּיטעל כ.

ניט איין פריהמאָרגען איז אוועק און דער שווארצער אַגער איז ניט א היים געקומען. הער קאַלדוועל האָט זיך דערוואוסט פון שטעדטעל וואָס מיט זיין איידים ראָבערט איז געשעהן און אויך אז זיין אַגער איז אין דעם ווילדען לאַנד.

פארשטענדליך,ביידע זיינען פארפאלענע. זיין טאָכטער איז געבליבען אָהן א מאַן און זיין אַגער, וועט שוין פון דעם ווילדען לאַנד ניט ארויסקומען, ווייל קיינער אויף דער פּרעירי האָט זיך נאָך ניט איינגעשטעלט דאָס לעבען אריינצולאָזען זיך אין דעם ווילדען לאַנד.

דאָס ווילדע לאַנד, איז א שטיק ערד פון א הונדערט מייל די ברייט און אפשר נאָך לענגער. אָבער אזוי ווי די דאָזיגע ערד איז א פארווילדעטע, באדעקט און אָנגעשפּיקעוועט מיט בערג און בערגלאך און טיפע טאָלען און אבגרונטען האָט מען עס דערפאר א נאָמען געגעבען דאָס ווילדע לאַנד. קיינער האָט זיך דאָרט ניט באזעצט. און קיין מענש האָט דאָרט מיט א פוס ניט ארויפגעטראָטען.

דער שטאַט נאָרד דאַקאָטא האָט אויף זיין אייגענעם חשבון און אויף דעם חשבון פון דער אמעריקאנער רעגירונג, דאָס שטיק לאַנד ארומגענומען מיט א פּלויט פון שטעכיגע דראָט און א חוץ דעם דאָזיגען פּלויט אויך ארומגערינגעלט דאָס שטיק לאַנד מיט א טיפען גראָבען און ביי די טויערען פון דעם שטיק לאַנד אָנגעשריבען ווארנונגען, אז קיינער זאָל אהין ניט אריינגעהן אָדער אריינפאָהרען ווייל מען קאָן פון דאָרט ניט ארויס צוריק א לעבעדיגער — אז עס איז א ווילד לאַנד און מען וועט עס קיינעם ניט געבען אויף צו באזעצען זיך, ווייל מען וויל דאָס באהאלטען פאר דער וועלט צו באווייזען אז נאָר נאָרד דאַקאָטא האָט אזא שטיק ווילד לאַנד.

אהין האָט דאָס ראָבערט אריינגעלאָזען הער קאַלדוועל׳ס שווארצען

אָגער. קאָלדוועל האָט אויפגעהאנגען אויף אלע ווענט אזוינע פּלאקאטען, וואו ער האָט מודיע געווען, אז ווײבאלד עמיצער וועט האָבן מוט און אוועק אין דעם ווילדען לאנד און כאפּען דאָרט זיין שווארצען אָגער, וועט ער יענעם באלוינען מיט טויזענד דאָלאר.

די פּלאקאטען האָבן געהאנגען אזוי לאנג ביז זיי זענען פון די ווינטען און רעגענס אָפּגעמעקט געוואָרען.

דעם אָגער האָט מען ניט געבראכט.

הער קאָלדוועל האָט זיך ארומגעקוקט, אז ער איז ביז איצט גע־ווען אומגערעכט געגען זיינע קינדער. ער האָט נאָר געהאָפט, אז זיין זוהן זאָל איין שעהנעם טאָג צוריק קומען. אָבער זיין טאָכטער, וועמען ראָבערט האָט איבערגעלאָזען, איז דאָך געווען ניט ווייט פון איהם. איז ער אהין אוועק מיט זיין פרוי און די טאָכטער מארגארעט איבערגעבעטען.

מארגארעט וואָלט זיך ניט געלאָזט איבערבעטען, ווען ניט דאָס וואָס עס האָט פּאסירט מיט איהר מאן ראָבערט און מיט דעם שווארצען אָגער.

הייסט עס אז מארגארעט איז שוין געווען אין דער היים ביי איהר טאטען.

מארגארעט איז געוואָרען גאָר אן אנדערע. זי האָט אלע אינדערפריה נאָך איבערבייסען אָנגעטאָן א מענערשען ארבייטס אנצוג און א ברייט־ברעמיגען הוט, איינגעשפּאנט די פערד אין דער שנייד מאשין און גע־שניטען דעם ווייץ. דער ווייץ איז שוין געווען איבערגעפּארטיגט און די קערנער האָבן זיך געשאָטען פון די זאנגען. אין דרויסען איז שוין געווען קיהל און עס האָט זיך געפיהלט, אז דער זומער הויבט אָן אוועק צו געהן.

הער קאָלדוועל האָט אויפגעשטעלט די ווייץ גארבען, ניט אז זיי זאָלען זיך אויסטריקענען, נאָר אויס געוואוינהייט און פאר דעם וואָס עס גיט צו א שעהנקייט צו דעם ווייץ פעלד.

עס איז איהם אָבער געווען זעהר שלעכט אויף זיין הארץ און ער האָט ניט געהאט מיט וועמען זיך דורכצושמועסען. וויל עס האָט זיך קאָלדוועלען געדאכט, אז קיינער וועט איהם ניט גלויבען.

זיין צווייט ווייב האָט ער ניט געוואָלט באלעסטיגען מיט אזוינע

זאכען. פארקערט, זי האָט ער באדארפט אלע מאָל האלטען מיט דעלי־קאטע צוואנגען, טאָמער, ווי א זאך מאכט זיך, זאָל זי ניט אנטלויפען פון איהם. ווייל זיין פראָסטער פארשטאנד, האָט איהם געלערענט, אז וויבאלד א פרוי קאָן מיר ניט, דיר ניט, איבערלעזען אן אנאָנס אין א צייטונג אז איינער א הער קאָלדוועל, וויל א ווייב, און זי נעמט האק און פאק און קומט צו פאָהרען:

נו, הער קאָלדוועל, ווילסט א ווייב, אָט בין איך דאָ.

אז אזא איינע קאָן דיר ניט, מיר ניט, זיך אויפהויבען און א זאָג טאָן, קאָלדוועל איך בין דיר ניט מער קיין ווייב און האָב מיר א גוטען טאָג!

דערפאר האָט ער זיך געהיט מיט איהר ניט צו רעדען וועגען זעהר טרויעריגע זאכען.

ווידער, מיט פרעמדע מענשען, נאָ, וואָס קאָן דיך א פרעמדער ווייטער מענש פארשטעהן? אין די אויגען וועט ער אפשר א קרעכץ טאָן און אונטער די אויגען וועט ער דיך אפשר גוט אויסלאכען.

דערפאר איז הער קאָלדוועל געוואָרען פון טאָג צו טאָג מערער שווייגער. אפילו מיט זיך אליין אויך מורא געהאט צו רעדען. ער האָט אָפגעלאָזט די לייצעס, ווי מען זאָגט, און זאָל עס לויפען וואוהין עס וויל.

ער האָט געקוקט אויף זיין טאָכטער מארגארעט, ווי אזוי זי טוט די ארבייט אין פעלד, ווי אזוי זי טרייבט פערד, ווי אזוי זי באהאנדעלט די פערד. ער האָט באטראכט זיין ווייץ ווי אזוי ער איז שוין איבערגע־שטאנען. צו וועלכע טייוואָלים האָט ער באדארפט האָבען אזוי פיעל ווייץ, פארזייהט. ווער וועט איהם שניידען? ווער וועט איהם דרעשען?

אז מארגארעט וויל טאָן די דאָזיגע ארבייטען אזוי זאָל זי. די פערד האָבען ניט געהאט קיין צייט זיך אָפצורוהען, ווייל מארגארעט האָט געשניטען דעם ווייץ ארום און ארום, ניט מאכענדיג קיינע עקען אין די פיר ווינקלען.

אָט אזוי שניידען פרויען ווייץ. און ווען מארגארעט וואָלט ניט וועלען שניידען דעם ווייץ, וואָלט זי ניט געוואָלט, און קאָלדוועל וואָלט ניט געגעבען קיין פיפס, ווער שמועסט שוין פון בייזערען זיך אויף איהר.

קאָלדוועל האָט שטילערהייד, ווי אָנגעהויבען צו בעטען ביי זיך

אליין, אז ער האט שוין זיינס אפגעטאן אויף דער דאזיגער וועלט. גענוג!

צייטענווייז האט זיך איהם געדאכט, אז עס הויבט זיך אן דער אנפאנג פון דער ענדע.

א סימן האט ער אז עס איז אזוי:

זיינע פיס ווערען שוואך. אלע אין דער פריה איז זיין קאפ אזוי ווי ליידיג און אויסגעהוילט און עס שווינדעלט איהם אין די אויגען. אז ער לעגט אוועק זאכען ערגעץ אויף אן ארט, געדענקט ער ניט וואו ער האט זיי אוועקגעלעגט. און ווען ער געהט ארויס אין דרויסען, דוכט זיך איהם אז די ערד שמייכעלט צו איהם און אז ער געהט אין פעלד און דערזעהט א גרוב דערשרעקט ער זיך. אז ער זעהט פעלדער מיט גראזען און פלאנצען פרעגט ער זיך: פאר וועמען זיינען די גראזען און פלאנצען אויסגעוואקסען. און אז ער זעהט א צעאקערט פעלד און די שווארצע ערד ליגט אזוי אויפגעדעקט פאר זיינע אויגען ווערט איהם אומעטיג...

און איבער דעם אלעס, קאן ער ניט אראפטרייבען דעם דאזיגען, וואס זיצט אויף זיין פלייצע און בויגט זי ארונטער נידריגער צו דער ערד.

זיין טאכטער מארגארעט איז אזוי גוט צו איהם, אז זי באליידיגט איהם; טוט איהם וועה.

הער קאלדוועל ווייסט אבער ניט אז דאס וואס ער שווייגט און איז אזוי גוט צו זיין טאכטער מארגארעט, טוט עס איהר אויך וועה.

זי הויבט אן רחמנות צו האבען אויף איהר פאטער, היט איהם אויף יעדען טריט, האט מורא. אז ער זאל עפעס ניט אפטאן מיט זיך אליין.

מארגארעט ארבייט, ווי איהר דאכט זיך, אזוי ווי צוויי מענער. דאס הייסט זי טראכט, אז זי לעגט אוועק א טאג ארבייט אין פעלד אזוי ווי עס וואלטען צוויי מענער די ארבייט געטאן.

און איינמאל אין דער וואך שטעהט זי אויף פארטאג, זאטעלט אן דעם רייטערעל און פאהרט ארויס אויף דער פרעירי איבערצוצעהלען דעם טאטענס ווילדע פערד, אלע מאל באגעגענט זי אויף דער פרעירי איהר אייגענע שקאפע. באטראכט מארגארעט דאס פערד מיט דעם בויך, וועלכער הויבט אן זיך אויסצופילען און עס טוט זיך א וויקעל אויף

פאַר איהרע אויגען, דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט איהר אין אזא קליינער צייט, ווי צוויי יאָר. אזויפיל יאָרען איז ער געוואקסען אויף דער פרעירי און עס איז גאָרניט געשעהן און מיט אמאָל, אין די לעצטע צוויי יאָר: האָט עס אזוי ווי אויסגעשאָסען!

עס האָט זיך איהר געדאכט אז איהר פערד דערקאָנט זי שוין ניט. מארגארעט איז צוגעריטען נאָהענט און זיך איבערגעבויגען צו איהר פערד און אויסגעשטרעקט צו איהם איהר האַנט. אָבער דאָס טראָגענדיגע פערד האָט זיך אוועקגעדרעהט מיט א שווערער באוועגונג.

זי דערקאָנט מיך שוין ניט, — האָט מארגארעט געטראכט און געשמייכעלט. און ווער ווייסט וואו בען פון דער איסט איז ערגעץ. ער האָט שוין אויך געמוזט פארגעסען אין דער איינזאמער מארגארעט.

אָט אזוי האָט מארגארעט אלעמאָל, קומענדיג אויף דער פרעירי, זיך דערמאָנט אן דעם בחור פון דער איסט.

זיך אליין האָט זי געקרוינט מיט דעם נאָמען, איינזאמע מארגארעט.

ווייל ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די טעג זיינען איצט געפלויגען און אוועק מיט דעם רעש פון ארבייט אויף די ווייץ פעלדער, האָט מאר־גארעט פאָרט געפיהלט, אז זי איז אזוי ווי פון ערגיץ אן אפגעבראָכענע און אז זי וואלגערט זיך ארום און קיינער באמערקט זי ניט.

געבענקט האָט זי, און געהאָפט האָט זי, אז בען פון דער איסט וועט קומען.

דערווייל איז איהר איינציגער פריינד געווען ליזאבעט.

מארגארעט און ליזאבעט זענען ביידע געשלאָפען אין איין בעט, אויבען אין דער האַך־שטוב. געגעסען אין איין צייט. זיך אָנגעטאָן אין איינע און דיזעלבע קליידלעך, דעם פאַסאָן פון וועלכע ליזאבעט האָט אליין פון איהר קאָפּ אויסגעטראכט און אליין אויפגענעהט. זיי האָבען געפלאָכטען זייערע האָר ביידע אין איין פריזור, גלאַט און צעקעמט אין דער מיט מיט א שרינט. זיי זיינען ביידע געווען בלאָנדע, ליזאבעטס האָר זענען געווען טונקעלער פון מארגארעט'ס, אָבער זיי האָבען אויס־געזעהן ווי צוויי שוועסטער.

ליזאבעט איז געווען יונגער און דערפאר האָט מארגארעט געהאט איבער איהר די אויבערהאַנט.

מאַרגאַרעט איז אָבער ניט געווען אַזוי ווי אַן עלטערע שוועסטער איז צו דער יונגערער פון זיך.

פון זינט מאַרגאַרעט איז צוריקגעקומען אין איהר טאַטענס הויז האָט ליזאַבעט זיך דערפיהלט ווי ב״י איהר מאַמען אין דער היים.

חוץ דעם האָט מאַרגאַרעט איבערגעשמועסט מיט איהר פאָטער, אַז ליזאַבעט האָט שוין גענוג אָפּגעדינט פאַר די פערד.

קאָלדוועל, דער דערשלאָגענער, האָט זיך אַזוי ווי דערמאָנט און זיך אין דעם אָנגעכאַפּט. טאַקע, גענוג. און צוריקגערעדט, פאַר וואָס זאָל ער ניט שענקען ליזאַבעט׳ס פאָטער די פערד. פאַר וואָס זאָל ער עס ניט טאָן? הער קאָלדוועל וואָלט באַדאַרפט איצט אַריינפאָהרען אין שטאָדט און אויסרופען אין די גאַסען, אַז ווער עס וויל זאָל קומען נעמען פערד אומזיסט. קאָלדוועל צעטיילט זיינע פערד.

הער קאָלדוועל האָט אַליין ניט געוואָלט זאָגען ליזאַבעט׳ן, האָט ער עס געזאָגט צו זיין טאָכטער מאַרגאַרעט, אַז זי זאָל זאָגען ליזאַבעט׳ן, אַז די פערד, וועלכע איהר פאָטער האָט געקויפט, זענען שוין באַצאָלט. און ליזאַבעט, אויב זי וויל קאָן זי בלייבען. א היים ווערט זי האָבען. און קאָלדוועל וועט איהר צאָלען. גוט באַצאָלען.

אַז ליזאַבעט האָט דאָס דערהערט פון מאַרגאַרעט׳ן האָט זי ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. זי האָט זיך אַרומגעפלאָכטען מיט איהרע הענט אַרום מאַרגאַרעט׳ן און זי געדריקט צו זיך, אַזוי ווי זי וואָלט מאַרגאַרעט׳ן געוואָלט אין זיך אַריינוואַקסען.

אין אָוועגד, אַזביידע, אי מאַרגאַרעט אי ליזאַבעט זענען געלעגען אין בעט, האָבען זיי זיך ביידע שטילערהייד אין דער פינסטער איבער־געשמועסט.

— בלייבסט מיט אונז, ליזאַבעט?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך בלייב, מאַרגאַרעט, איך בלייב דאָ מיט דיר און וועל מיין טאַטע מאַמע פון גאָרניט דערצעהלען. נאָר העט, העט, שפּעטער מיט א צייט וועל איך אַהיים קומען און זיי אַרויסשיטען אויף דעם טיש דאָס גאַנצע געלט וואָס איך וועל פאַרדינען פון מיין קעשענע. זיי וועלען מיך אָנקוקען, דערשראָקענע, אָבער איך וועל זיי דאַמאָלט ערשט דערצעהלען.

— ביזט אַזא קלוגע, ליזאַבעט, איך האָב דיך ליב! אָבער זאָג

מיר, פאר וואָס ווערסטו העט, העט, שפּעטער מיט א צייט אהיימגעהן. געה, איך וויל אז דו זאָלסט זיין מיט מיר נאָך לענגער.

— וואָס הייסט? און אז עס וועט קומען מיין געליבטער און וועט מיך פון דאנען אוועקנעמען. וואָס זאָגסטו, זאָל איך ניט געהן?

— האָסט שוין דען א געליבטען?

— מארגארעט, איך האָב א געליבטען, שאַ, שטילער, איך האָב א געליבטען.

—ווי אזוי זעהט ער אויס?

— רעד ניט אזוי הויך, מארגארעט, מיין געליבטער, מיינער איז א שעהנער, א ברונעט. און אפשר האָב איך א טעות, איך געדענק שוין ניט צי ער איז א ברונעט. נאָר זיינע אויגען זיינען ביי מיר אין מיין אָנבליק פארבאהאלטען. איך וועל זיי דערקאָנען.

— איך האָב ליב צו הערען דיינע רייד, ווענען דיין געליבטען. אָט אזוי ליזאבעט באדארף מען ליב האָבען פון דער ווייט. ניט אזוי ווי איך האָב זיך אליין פארפּלאָנטערט אין דער נעץ פון איינעם וואס איך האָב געזעהען נאָהענט. דו ווייסט, ליזאבעט, וואָס איך מיין. איך בין מיט איהם אזוי נאָהענט געווען אלע מאָל און עס האָט זיך אויס־געלאָזט, אז איך האָב זיך דערוויטערט פון איהם.

ליזאבעט האָט געוואָלט עפּעס פרעגען ביי מארגארעט'ן, אָבער זי האָט זיך בארעכענט, אז זי קאָן נאָך וועה טאָן אָדער אויפרירען א וואונד, וועלכע הויבט זיך שוין אָן צו פארהיילען. זי האָט דערפאר גע־שוויגען און געוואַרט אז מארגארעט זאָל ווייטער רעדען, אָדער גאָר אין גאַנצען איינשלאָפען.

— מיר טוט ניט באנג — האָט מארגארעט געזאָגט נאָך א ווײַלע פון שטילשווייגען — ווייל איך האָב ראָבערט'ן ניט געקאָנט ליב האָבען. איך בין ניט אזוי הארטהארציג ווי דיר קאָן זיך דאכטען. א מענש איז געשאָסען געוואָרען. וועמען קאָן דאָס ניט רירען. א מענש האָט געלעבט און האָט אויפגעהערט צו לעבען. אָבער דאָס איז זיין שולד. אָדער זיין טאָטענס שולד. איך, ליזאבעט, האָב איהם ניט געקאָנט ליב האָבען נאָך דער ערשטער מינוט פון אונזער זיין אונטער איין דאך.

— פאר וואָס, מארגארעט?

— פארוואָס? ליזאבעט, קאָן מען דען פרעגען פארוואָס די זון

שיינט ניט ביינאכט. קאָן איך דען פרעגן פאר וואָס דו האָסט ליעב דיין געליעבטען, וועמען דו קאָנסט גארניט. נאָר שאַ, ווארט אביסעל, ווער נאָך ניט אנשלאָפען, איך וועל דיר, ליזאבעט, דערצעהלען פאר וואָס. דאָ, ביי מיין טאטען אין הויז האָבען מיר זיך ניט געקאָנט ליעב האָבען. איך האָב שוין קוים דערלעבט, אז מיין פאָטער זאָל אונז ארויס־טרייבען. מיר זענען אוועק אין אונזער היים־שטאָדט, מיין לאנד, מיין הויז. מיר קומען אהין צוגעהן, דאָס הויז איז נאָך לעדיג עס איז ניטאָ וואו זיך אנידערצוזעצען. ראָבערט, איך טו אויף אידם א קוק, דערשרעק איך זיך פאר איהם. איך בין ארויס אין דרויסען, ער לויפט מיר נאָך. וואָס בין איך א פערד? בלייב איך שטעהן אזוי אין דערמיט פעלד און זאָג צו איהם: איך וויל ניט אז דו זאָלסט צו מיר צוקומען. האָט ער זיך דערשראָקען און ניט צוגעקומען. דעמאָלט האָב איך איהם אָנגע־הויבען פיינט צו האָבען. דערנאָכדעם האָט ער מיך געשלאָגען אלע טאָג מיט דער בייטש ביז איינמאָל איז מיין עלענד געקומען פאר גאָט אין הימעל און ער האָט צוגעשיקט א פרעמדען פארבייגעהער.

— וואָס זשע איז געוואָרען מיט דעם פארבייגעהער? — האָט ליזאבעט זיך שוין אזוי ווי געראַנגעלט מיט דעם שלאָף, נאָר ביי די לעצטע ווערטער פון מארגארעט'ן, זיך אביסעל אָפגעפרישט.

— דער פארבייגעהער, ליזאבעט, איז אריין אין אונזער הויז און געטראָפען ווען ראָבערט איז געשטאַנען מיט דער בייטש און מיך געשלאָגען. דער פרעמדער איז אריין און געבראכט פרייד אין מיין הויז. ראָבערט האָט מיך שוין מערער, פון דאן אָן ניט געשלאָגען.

— און דער פארבייגעהער?

— ווייסט ליזאבעט, אזא פרעהליכער. נו, איך האָב איהם גע־שאָנקען א לאָק פון מיינע האָר.

— מאָל מיר איהם אוים, ווי אזוי זעהט ער אוים — האָט ליזאבעט געזאָגט.

— איך וויים, ער איז אזוי טיף איינגעקריצט אין הארץ ביי מיר, אָבער איך קאָן דיר, ליזאבעט, ניט אויסמאָלען זיין אויסזעהען.

— וואו איז ער, דער דאָזיגער פרעמדער?

— איך ווארט. ער וועט צו מיר קומען פון דער פרעמדע.

— איך ווארט אויך אויף מיינעם. ועסט זעהען מארגארעט, ווען

עס וועט זיין ווינטער און א טיפער שניי וועט איינדעקען די פּרעירי, דאמאָלט וועל איך דערהערען אז אימיצער קריצט מיט זיינע טריט אויף דעם הארטען פארפרוירענעם שניי און קומט אַן פון איין זייט — דאָס וועט זיין צו מיר. און דו, מארגארעט, וועסט אויך הערען אז אימיצער קריצט מיט זיינע טריט אויף דעם הארטען פארפרוירענעם שניי און קומט אַן פון דער אנדערער זייט — דאָס וועט זיין צו דיר. ניט אזוי?

ביידע אי ליזאבעט, אי מארגארעט זענען אנטשוויגען געוואָרען.

# קאַפּיטעל כא

בען פון דער איסט האָט באַדינט דעם שוויינראַנדזש.

אָפּגעאַרבייט זיין טאָג, האָט ער גערוהט, מיט זיך אליין. קיינער פון די הויז מענשען האָבען אידם ניט געמאַכט שווער פיהלען מיט זייערע רייד. עס האָט זיך בען׳ן געדאַכט, אז זיי זענען אַלע שווייגער, אַזוי ווי ער, און דאָס איז איהם שטאַרק געפעלען געווען, ווייל ער האָט געוואָלט זיין אליין.

מאַרגאַרעט איז ווייט פון איהם. ער וועט זי קיינמאָל נאָנט ניט דערגרייכען. אזוי האָט בען געטראַכט. זיך אליין אָפּנאַרען האָט ער געקאָנט, אָבער ניט אין אזא פאַל. מאַרגאַרעט איז איהם אזוי נאָהענט און ניט אָנרירבאַר. אַלע קוואַלען לויפען פאַר זיינע אויגען און ער קאָן זיך ניט א בויג טאָן, זיך מיט דעם וואַסער אָנצוטרינקען.

וואָסזשע דען?

ער באַדינט דעם שוויינראַנדזש, איז איזאָלירט פון מענשען. וועט ווערען אליין פאַרווילדעט און פאַרגרעבט. קיין ביכער האָט ער ניט. ער לעזט נאָר פון צייט צו צייט עפּעס א לאָקאַלע צייטונג, איבער וועלכע ער איז שוין לאַנג איבערגעוואַקסען. פיהלט זיך אזוי גוט, לעזענדיג אזא צייטונג.

פאַלשטענדיג פאַרגרעבט. שלאָפען, אַרבייטען, עסען. עסען, אַר־בייטען, שלאָפען און ווייטער אַרבייטען, עסען, שלאָפען.

און דערנאָכדעם, אז ער וועט שוין זיין גוט אריינגעלעבט אין זיין ראָל, זיינע הענט און פיס וועלען זיין אזוי ווי געפלאָכטען פון גראָבע שטריק און זיינע פינגער גראָבע און מיט שוואַרצע אָדערען און קאַרבען. די פרעירי וועט זיין זיין היים און דער הימעל, זיין דאַך, דאמאָלט ווער וועט צו איהם זיין גלייך.

אזוי האָט מען געטראַכט און ניט באַמערקט, אז עס וועבט זיך פאַר

זיינע אויגען א נייער גלויבען, וואָס וועט זיין אָהן א גלויבען. וואָרים, ווער וועט באַדאַרפען אין עפּעס גלויבען, ווען עס וועט ניט זיין ווער, — אָהן אַן ענדע פאַרגרעבט און ווילד.

נאָך א מאָל:

די פרעירי איז אייביג גרוים. מען עסט און מען ארבייט און דער־נאָכדעם ווערט מען פאַרפאַלען אין א שווערען שלאָף. די קליידער ווערען אַזוי אַלט אויף דיר, ביז זיי ווערען פאַרפוילט, ערשט דאַמאָלט קויפט מען נייע. עס איז נישטאָ קיין סטיל אין די קליידער, ברייט אַזוי ווי א זאַק. פאַרגרעבטע שיך, מען טראָגט זיי און מען טראָגט זיי, ביז עס ווערט דיר דערעסען און מען קויפט ווייטער א פּאָר פאַרגרעבטע שיך.

די חזרים פון דעם שוויינראַנדזש פרעסען און שלאָפען אין דער בלאָטע. ווירקען אויף בעג׳ן און מאַכען איהם שווער און פויל. אָט אַזוי אָהן א ענד!

איינמאָל, אין אָוועגט נאָך דעם עסען, האָט בען געלעזען די נאָרד דאַקאָטאַ׳ער צייטונג, וועלכע איז געדרוקט געוואָרען פריהער מיט א צייט, האָט ער אַזוי לעזענדיג זיך אָנגעשטויסען אויף דעם דאָזיגען שטיקעל נייעס:

„פון הער קאָלדוועל׳ס שטאַל האָט מען ארויסגענומען דעם שוואַר־צען אָגער. דאָס איז פאָרגעקומען ביינאַכט. אין דער פריה איז מען ביי די קאָלדוועל׳ס אויפגעשטאַנען און דערזעהען אַז עס פעהלט דער שוואַרצער אָגער האָט מען איהם אָנגעהויבען צו זוכען. מען האָט איהם ניט געקאָנט געפינען. נאָר ערשט אויף דעם פערטען טאָג איז אין שטעדטעל אריינגעקומען ראָבערט, דעם אָנקעל קאַראַבעל׳ס זוהן און אויך קאָלדוועל׳ס איידים. ער האָט אליין דערצעהלט זיין פאָטער קאַראַבעל, אַז ער האָט ארויסגענומען קאָלדוועל׳ס אָגער, ביינאַכט, פון שטאַל און איהם פאַרפירט אין דעם ווילדען לאַנד וואו מען ווערט פאַר־פאַלען און מען קאָן שוין פון דאָרט נישט ארוים א לעבעדיגער. ראָבערט איז געשאָסען געוואָרען פון זיין פאָטער קאַראַבעל, באַלד אויף דעם אָרט אוועקגעפאַלען טויט“.

איבערלעזענדיג דאָס, האָט בען געטאָן א וואָרף די צייטונג זיך אויפגעשטעלט און זיך ארומגעקוקט, געוואָלט עפּעס זאָגען, אָדער, ווי

ער האָט געפילט, צו טאָן א קלאַפּ מיט דער האַנט אין טיש. ער האָט ניט געטאָן ביידע זאַכען, ווייל עס האָט פאַר זיינע אויגען געטאָן א שיין. א ווייטער וועג און דאָס וואָס ער האָט געוואָלט באַגעגענען, וועט איהם אַקעגען קומען.

בען איז אוועק צו זיך אין זיין אָפּגעזונדערטען צימערל. זיך אויס־געטאָן, פאַרלאָשען דעם לאָמפּ און איז לאַנג געלעגען און געפיהלט אַזוי שווער ווי א שטיין און באַוועגלאָז, ווא א באַרג. זיינע געדאַנקען זענען געלאָפען שנעלער פון דעם קלאַפּען פון זיין האַרץ. ער האָט זיי ניט געקאָנט אָנכאַפּען.

און אַז עס איז געקומען זונטאָג, האָט ער אַנגעזאָטעלט דאָס פערד מיט דער ערלויבניש פון זיין בעל הבית און איז אוועקגעריטען צו מאַרגאַרעט'ן. בען האָט געמיינט, אַז ער וועט זי טרעפען אין דעם קליינעם הויז.

אַז בען איז צוגעקומען האָט ער געפונען דאָס קליינע שטיבעל נאָך אַלץ איינגעגראָבען אין דעם באַרג. די טיר איז געווען אָפען. ער איז אַריין אינעווייניג, באַלד דערקאָנט אַז קיינער איז ניטאָ אין הויז. די זאַכען פון הויז זענען אַזוי ווי געוועזען צעוואָרפען און פאַרלאָזען און פאַרבלאָזען מיט שטויב.

ער איז אוועק אין שטאַל . די שטאַל איז געווען ליידיג און צעפּראַלט. בען איז אַרומגעגאַנגען איבער דעם שטיק לאַנד, וואָס האָט אַרומגערינגעלט די דאָזיגע פאַרלאָזענע היים. עס איז ניט געווען קיין פּיפּס פון לעבען, נאָר גראָזען ניט קיין אָפּגעשניטענע און א פעלד מיט צעטראָטענעם ווייץ. די צעבראָכענע זאַנגען האָבען זיך געריסען אויפצושטעלען זיך און ניט געקאָנט און דאָס פעלד מיט דעם האָבער איז שוין געוועזען רויט פאַרברענט פון דער זון און די הייטלעך, וואו די האָבער קערנער ווערען געבוירען, זענען שוין געוועזען צעעפּענט און אויסגעליידיגט.

בען איז געשטאַנען א צעמישטער און געביסען זיינע ליפּען. עס איז איהם איצט קלאָר געוואָרען, אַז דאָס וואָס די צייטונג האָט געשרי־בען איז טאַקע אמת און מאַרגאַרעט מוז שוין זיין ביי איהר פאָטער. אַזוי איז דאָס, און אַזוי וועט עס זיין. בען האָט זיך באַלד אַריינ־

געזעצט שווער אין זאָטעל. דאָס פערד האָט זיך געטאָן א דרעה און אוועק מיט איהם, ארויסרייסענדיג שטיקער גראָז מיט זיינע פיס.

אין אַוועַנד האָט ער געזאָגט זיין בעל הבית אז ער געהט אוועק אין גוטען מוט. דאָס איז גענוג פאר איהם. מערער וויל ער ניט באַדיענען קיין שווייגען.

בען האָט זיך צערעכענט מיט זיין בעל הבית, דאָס ביסעל געלד אָפּגענומען און געבעטען אז זיין בעל הבית זאָל איהם אוועקפירען צו דער באַן אין שטעדטעל ט...

— וואוהין פאָרט א בחור ? — האָט דער באַלעבאָס זיך געוואונדערט.

— אין דער ווייטער איסט, א היים — האָט בען גיך און הארט אָפּגעענטפערט.

בען האָט זיך אָפּגעגאָלט זיין פּנים, באשוירען די האָר וואָס האָבען געוואקסען אין זיינע אויערען און נאָז־לעכער, זיך גוט איינגעוואַשען ביי דעם ברונעם, פארקאמט די לאנגע האָר פון זיין קאָפּ ארויפּצואוועגס, זיך איבערגעטאָן אין זיין אנצוג, וועלכען ער האָט געהאלטען אין „וואליז“. די אַלטע קליידער אוועקגעוואָרפען, אויך דעם „וואליז“ אוועקגעשאָנקען זיין באַלעבאָס, דערביי, באמערקט מיט א שמייכעל, אז ער וויל זיין א גרינגער פאסאזשיר.

בען האָט זיך אליין ניט דערקאָנט. ער איז געוואָרען אן אנדערער.

די באַלעבאָסטע, א גראָבעצקע און מיט רויטע באקען האָט בענ'ן איינגערוימט אין אויער אריין א סוד, אז דער בחור זאָל וויסען אז ער זעהט איצט אוים אינגער מיט צעהן יאָהר און ער זאָל ניט זאָרגען, דאָס גליק שטעהט און ווארט אויף אידם.

אז בען איז געפאָרען מיט זיין באַלעבאָס צו דער סטאנציאָן אין דעם שווערען גרינעם וואָגען, געשפּאנט מיט צוויי פערד, זיצענדיג אויף דעם הויכען זיץ מיט שפּרוזינעס, האָט ער באמערקט אז די פּרעירי האָט זיך אויך געביטען. עס האָט שוין געשמעקט מיט הערבסט. פעלדער מיט אָפּגעשניטענעם ווייץ און די גארבען זענען געשטאנען אין גלייכע שורות און זיך געטריקענט. די פּרעירי איז געוואָרען באדעקט מיט דעם געלען, גאָלדענעם קאָליר פון צייטיגע ברויטען.

דער באַלעבאָס איז געוואָרען רעדעוודיג, געבלאָזען דעם רויך פון זיין פייפ און געפרעגט בען׳ן, פאר וואָס ער פארלאָזט די גוטע וועסט.

— איך פארלאָז ניט די וועסט, איך וועל נאָך א מאָל צוריק־קומען — האָט בען, אזוי ווי פון ערגעץ געכאפט עפעס אן ענטפער.

— אזוי, אויב איהר קומט צוריק, לאָזט מיר וויסען. אין אלע צייטען וועל איך אייך געבען פרעפעראַנס.

— זיכער, גוט, זיכער, — האָט בען געענטפערט.

אין ט... האָט זיך דער באַלעבאָס פון שוויינראַנדזש ניט פארזאמט קיין סך און אזוי גיך, ווי ער איז אוועקגעפאָהרען, האָט זיך בען דער־פיהלט פרייער. עס איז געוועזען האַלבער טאָג. איבער דער לענג פון דער איינציגער גאס אין ט... האָט דורכגעשוועבט, קלאַפּענדיג, אזוי ווי אין א פרעהליכען טאַנץ, מיט זיינע פיס, א ווייס פערד מיט שווארצע פלעקען און דער רייטער איז געזעסען אריבערגעבויגען אויף א זייט מיט א רויטער פאטשיילע ארום זיין האלז און מיט צוויי ברייטע הויזען פון ווייסע ציגענע פעל.

קינדערלעך זענען געבליבען שטעהן אינדערמיט פון זייער שפּיעל, נאָכגעקוקט דעם רייטער אזוי ווייט ביז זייערע אויגען האָבען איהם פאר־לוירען. אז זיי האָבען דעם רייטער פארלוירען האָבען די קינדער דער־זעהן בען׳ן. זיי האָבען זיך פארבאהאלטען אונטער א וואנט און שטי־לערהייד געפרעגט איינס דאָס אנדערע, ווער דער אויסגעפוצטער מאַן איז.

אינדערמיט גאס איז געשטאַנען א גרינער וואָגען אָנגעלאָדען מיט ברעטער, שינדלען און אנדערע געהילצען און העט אין דער הויך אויף דעם געהילץ איז געזעסען א פרוי מיט א קליינעם קאָפּ און דעם דאָזיגען קאָפּ אריינגעוויקעלט אין א רויטער פאטשיילע. דער רויטער איינגעוויקעלטער קאָפּ האָט זיך אויך געדרעהט נאָך דעם גאַנג פון דעם פרעמדען אויסגעפוצטען בחור. בען איז שוין באַלד דורכגעגאַנ־גען דאָס געסעל.

די קינדערלעך האָבען זיך ווייטער געשפּילט און געדילכט מיט זייערע פרעהליכע אויסגעשרייען און דאָס געלעכטער זייערס האָט געקלונגען און זיך געקייקלט און געשיינט אין דעם זונענשיין.

דער שמיד האָט אויך געקלונגען מיט זיין האמער איבער דער

קאָוואַדלע און דאָס פייערדיגע שטיק אייזען האָט זיך געבויגען אין געשריגען אוי ווערה, אוי וועה און געשפריצט מיט פונקען.

איבער דער גאַס האָט געשמעקט מיט שטויב, פערדען מיסט, מיט דעם רויך פון ווייכע קוילען, וואָס האָט זיך געצויגען פויל פון קוימען פון דער שמידעריי.

און ווייט איבער די ערגעץ ווייט אויסגעשפרייטע רעלסען איז זיך פאַמעלאַך געקראָכען א לאַנגע פראַכט באַהן.

בען האָט באַטראַכט דאָס דאָזיגע שטעדטעל. זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און איז ווי א פארלוירענער, מיט גיכע טריט אריין אין דער איינציגער קראָם, וואָס האָט זיך גערופען: די קראָם פון אַל דאָס גוטס.

אינעווייניג איז די קראָם געוועזען אזוי אָנגעפילט מיט סחורה אז מען האָט זיך ניט געקאָנט טאָן א דרעה. עס זענען געהאנגען קאָלדרעס אויף אויסגעצויגענע שטריקלעך און אין אלערליי קאָמישע פאַסאָנען האָבען ארויסגעשטאַרטשעט פארשטויבטע און פארגרעבטע מענערשע און ווייבערשע קליידער און שיך. עס האָבען זיך געוואַלגערט אויף דעם דיל אקער אייזענס, ריסקאַלעס, לאָפּעטעס און העק, בינטען מיט בייטשען. איבער די לאַנגע סטויקעס און טישען איז געוועזען אָנגעשטעלט קעסטלעך סיגאַרעטען, טיטון און אלערליי זיסע און ווייניגע צוקערקעס; סלאָיעס מיט איינגעמאַרינירטע פרוכטען און פיש. די פּאָליצעס זענען געוועזען פארלעגט מיט וואָלענס און אנדערע שטאָפען און געוואַנטען, מיט קעסטלעך קנעפּלעך, מיט באַוועל, זייף, ליכט, צוועקעס און סאַרדינען.

בען איז געבליבען שטעהן אין דער האַלב דונקעלער קראָם, אין זיינע נאָזלעכער איז געקראָכען דער דומפּער ריח פון זאַלץ, פעפער און זייף. אליין האָט ער נישט געוואוסט וואָס ער באַדאַרף קויפען.

באַלד איז צו איהם צוגעגאַנגען אן אלטיטשקער מיט אן איינגעבויגענער פּלייצע און מיט ברילען אויף זיינע גרויסע אויגען און געזאָגט:

— אייך, א גוטען טאָג, סיר. א שעהנער טאָג, היינט.

— קאָן איך באַקומען ביי אייך א שטריק — האָט בען געזאָגט, עפּעס זוכענדיג ארום און ארום מיט זיינע פארלוירענע אויגען.

— א שטריק, וואָס דען, ניט? עס ווענדט זיך וואָס פאַר א שטריק.

א שטריק אויף צו כאפען פערד אדער א שטריק אויף צו בינדען פערד, אדער א שטריק אויף אנצושעפען וואסער פון א ברונעם אדער גלאט אזוי א שטריק.

— גלאט אזוי א שטריק, אבער א לאנגען — האט בען מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפען געזאגט.

— זאל זיין אזוי, ביי מיר איז דא פון אל דאס גוטס. — האט דער אלטיטשקער געטאן אווארף אריבער זיינע גרויסע אויגען איבער די ברילען און באטראכט בען׳ן — א נייער מענש. איך זעה אייך דאס ערשטע מאל, זאגט דעם אמת, ניט קיין נייער מענש, זייט איהר?

— יא. איז וואס, דערפאר איז אפשר מיין געלד ניט גוט?

— ניין, ניט דאס. איך וויל נאר וויסען צי מיינע ברילען נארען מיך ניט אפ. איצט זעה איך, אז זיי האבען מיך ניט אפגענארט. מן הסתם, ניט ווייט זיך ערשט באזעצט. זאל זיין מיט גליק. איך וועל אייך געבען דעם בעסטען שטריק. זאגט זשע מיר, נייער מענש, וואו איז אייער היימ־שטאדט?

— אויף בערג און אויף טאלען — האט בען שוין הארט און אפ־געהאקט געענטפערט.

— אויף בערג און אויף טאלען. לאנג לעבען זאל אונזער נארד דאקאטא מיט איהרע בערג און טאלען, — האט דער אלטיטשקער גע־מורמעלט אזוי ווי מען זאגט א געבעט און איז אוועק ברענגען א שטריק.

בען האט געקויפט א שטריק און אנדערע זאכען, וואס ער האט זיך צוביסלעך דערמאנט, אז ער באדארף האבען נאכדעם ווי ער האט אי־בערגעטראכט זיין גאנצען פלאן.

שפעטער איז בען געפאהרען מיט דער באן, ווייטער, אין דער טיף פון נארד דאקאטא. ער האט געוואלט זיין רוהיג, אבער עס האט זיך איהם געדאכט אז אלע וואס פארען אין באן קוקען אויף איהם, ווי אויף א פרעמדען. דאס האט איהם געמאכט אומרוהיג. ער האט שוין קוים דערלעבט צו דערציהען ביז צו דער סטאציאן, וואס איז געוועזען די לעצטע אין דער ריכטונג פון דעם ווילדען לאנד.

## קאפיטעל כב.

מיט וועמען בען האט נאר גערעדט וועגן דעם ווילדען לאנד, האט ער פון יענעם ניט געקאנט באקומען דעם אפגעמאל אדער פאר־שטעלונג פון דעם דאזיגען ווילדען לאנד.

דערפאר אבער, אז בען האט אנגעהויבען צוצעקומען נאהענט צו דעם ווילדען לאנד און איז שוין געוועזען אויף דעם בארג, פון וואנען ער האט באדארפט זיך אראפלאזען אין דעם גרויסען פלאכען שטח, אין וועמענס האריזאנט דאס ווילדע לאנד האט זיך אנגעהויבען, — אז בען איז צוגעקומען אויף אט דעם דאזיגען בארג, האט ער אליין, מיט זיינע אייגענע אויגען דערזעהן א גרויסען פלאנטער פון קליינע בערגלאך.

בען האט זיך אפגעשטעלט, אוועקגעלעגט זיין בינטעל מיט זאכען איינגעצויגען דורך זיינע גרויסע נאזלעכער פרישע לופט, זיין הארץ האט שטארק געקלאפט און ער האט מיט זיינע אויגען ניט געוואוסט וואס צו טאן, און וואו פריהער צו קוקען.

פון ווייטען האט זיך אויפגעוויקעלט דאס ווילדע לאנד. די זון איז שוין געוועזען אויסגעבויגען ניט ווייט פון דעם האריזאנט. באפארבט מיט אלערליי קאלירען דעם גאנצען ראם, וואס האט איינגעפאסט די פרעירי.

וואס מערער בען האט געקוקט אין דעם ווייטען שטיק ווילדען לאנד האט זיך פאר זיינע אויגען אויפגעדעקט אלע מאל עפעס אנדערש. אט איז דארט געשטאנען א שטאדט מיט גאסען און שטיבער און בוימער אין די גאסען און אט איז דארט געשטאנען א וואלד מיט געדיכטע גרויסע בוימער. און אויף א קליין בערגעל, האט בען דערזעהן פון דער ווייטען, ווי עס איז עפעס דורכגעלאפען. עס קאן זיין, אז דאס איז קאלדוועל׳ס שווארצער אנער.

די זון האט זיך געזעצט אין דער טיף פון דעם ווילדען לאנד. עס

איז געווארען טונקעל. בען איז געבליבען דא איבער נאכט אויף דעם בארג. איז איבערגעשלאפען די נאכט, אזוי ווי אלע וואס באדארפען ערגעץ פארען אין וועג, זעהר גיך, אז ער האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז עס איז שוין טאג — אה, עס איז שוין געווארען טאג.

בען האט גענומען זיין פאק אויף די פלייצעס און איז אוועק בארג־אראפ מיט גיכע טריט. ער האט נאך געוואלט עסען איבערבייסען אין דעם ווילדען לאנד. ער איז געגאנגען מיט דעם פלאכען לאנד, און גע־גאנגען, איז מיד געווארען. די זון איז איהם נאכגעגאנגען און געווארעמט זיינע טריט און דאס ווילדע לאנד, וואס איז פון דעם בארג געוועזען אזוי נאנט, האט ער נאך ניט דערגרייכט.

בען האט זיך אוועקגעזעצט. עפעס פון פאק ארויסגענומען און מיט קארגשאפט איבערגעביסען.

נאכדעם ווייטער געגאנגען אזוי לאנג ביז די זון איז איהם אויסגע־לאפען דעם וועג.

ערשט אקעגען אווענד איז בען אנגעקומען צו א טויער. גאט זיי געלויבט.

דאס איז עס ! ער איז אריין דורך דעם טויער, איהם צוריק פאר־מאכט. גלייך אויף זיין פנים, איז איהם אנטקעגען געקומען עפעס א פארוואקסענער, פארפלאנטעטער וואלד פון קליינע נידריגע בוימלעך. בען איז צוגעגאנגען צו די בוימלעך און אריינגעקוקט אין דער טיף פון דעם דאזיגען וואלד. זיך דערשראקען, ווייל עס האט זיך פאר זיינע אויגען אויפגעעפענט א גרויסער טאל מיט אפגעהאקטע גלייכע אויסגעשאטענע ברעגען און באדעקט מיט קליינע נידריגע בוימלעך.

און דא ווערט ווייטער נאכט. האט בען זיך באזעצט ניט ווייט פון דעם טויער אויף נאכט לענער.

א, דו גאט. אט דאס איז דאס ווילדע לאנד, און ווער ווייסט וואו קאלדוועל׳ס שווארצער אגער ליגט שוין ערגעץ א צעשאטענער אויף קליינע שטיקלעך ביינער.

בען האט אנגעבראכען קליינע צווייגלעך, צעלעגט א פייער, געהיט אז עס זאל ניט ווערען קיין שאדען פון זיין פייער, געגעסען זיין ארוי־מען מאלצייט, זיך אנגעטרונקען מיט וואסער. איבערגעלאזען א ביסעל

וואסער אויף מאָרגען, ביז ער וועט געפינען א קוואל. טאָמער געפינט ער ניט קיין קוואל?

די פינסטערניש האָט אויסגעמישט הימעל מיט ערד. בען וואָלט נישט געוואוסט וואו ער איז, ווען ער האָט ניט איבער זיך די קליינע שטערען. און אפשר איז דאָס גאָר אויגען פון קאיאָטען, אויף דעם פרעמ־דען און ווילדע לאַנד.

עס איז געוואָרען קיהל. בען האָט אָנגעקליבען א בינטעל צווייגען, די צווייגען זענען שוין געווען פייכט פון דעם טוי און זיי האָבען ניט גע־וואָלט ברענען. דערפאר האָט בען געריבערט און געריבערט. דאָס גראָז איז געוועזען טיף און די גרילען און גראָז שפּרינגערס האָבען געפייפט און געשפּרונגען און בען האָט זיך איינגעהערט און זיך געפיהלט היימליך.

אז ער איז נאָכדעם געלעגען מיט זיין פּנים צו די ווינקענדע שטערען האָט ער זיך דערשראָקען, ווייל עס האָט זיך איהם אויסגעדאכט אז א פערד האָט געטאָן א פראך מיט זיינע נאָזלעכער דאָ ערגיץ נאָהענט נעבען איהם.

בען האָט איינגעהאלטען זיין אָטעם. ניט געהערט קיין שאָרך, נאָר דאָס גרילצען פון דעם גראָז שפּרינגער און פון ערגיץ ווייט האָט זיך גע־טראָגען דאָס קראקען פון זשאבעס.

הא, זשאבעס קוואקען. מוז זיין דאָרט א טייכעל און אויב עס איז דאָ א טייכעל, האָט דאָך דער שווארצער אָגער געגוג וואסער צו טרינקען, מוז ער נאָך לעבען. ער לעבט, ער לעבט!

די נאכט איז בען שוין שווער איבערגעשלאָפען.

אין דער פריה איז ער געוועזען פויל אויפצוהויבען זיך פון זיין אָרט. די זון האָט שוין גוט געוואָרעמט. פליגען און בינען זענען געקומען צו לויפען און זיך צוגעכאפּט און געפלויגען ארום דעם אָרט וואו בען איז געלעגען און געזשומעט.

בען האָט זיך געוואָלט איבערדרעהען מיט זיין פּנים אראָפּ צו דעם גראָז און ער האָט באמערקט טריט פון א פערד אין גראָז. ער האָט זיך דער־פרעהט, אויפגעשטעלט זיך אויף זיינע קניע. „טריט פון א פערד — האָט ער געטראכט — אויב אזוי איז שוין גוט".

ער האָט זיך אויפגעהויבען, פאררויכערט און אוועק זעהן וואוהין די טריט האָבען געפיהרט. זיי זענען געלאָפען נאָהענט נעבען פלויט. אָט

פארלוירענע געוואָרען צווישען געדיכטע קוסטעס און אַט ווייטער זיך ענטפלעקט אין גראָז אָדער אין דער הוילער ערד, ביז זיי זענען אין גאנצען פארלוירען געוואָרען, ווייל עס איז געלאָפען א טייכעל מיט א בייזען, גיכען שטראָם.

בען האָט זיך איבערגעבויגען איבער דעם טייכעל, זיך איינגעוואשען זיינע הענט און דאָס פּנים. די ווייסע קליינע שטיינדלעך אויף דעם גרונט פון טייכעל, האָבען געשמייכעלט צו דעם פרעמדען אין דעם ווילדען לאַנד. און דאָס וואסער איז געלאָפען, געלאָפען.

וואסער, וואסער, האָסטו ניט געזעהן דעם שווארצען אָגער?

אויב דו זעהסט א שווארצען אָגער, שטעל זיך אָפּ און זאָג איהם, אז איך בין געקומען איהם אהיימנעמען פון דעם ווילדען לאַנד.

בען איז אוועק אין דעם וועג, פון וואנען דאָס טייכעל איז גע־קומען צו לויפען. דאָס טייכעל האָט זיך באלד פארדרעהט אזוי ווי אין א ראָד און בען איז אריין אין א טיפען שניט. איבער איהם איז גע־שטאנען א וואנד פון א הויכער סקאָלע. אין דער וואנד איז געווען אויס־געלעגט פלאכטעס פון אלערליי ערדען שווארצע, געלע, ווייסע, שווארצע און געלע און ווייסע און איבערגעפלאָכטען מיט אָדערען פון געוויקסען. פון וואנען דאָס טייכעל איז געקומען, האָט בען ניט געקאָנט דערגעהן.

נאָר ער האָט פאר זיינע פיס דערזעהן א בערגעלע מיט פערד מאנור. בען האָט זיך דערפרעהט, זיך איינגעבויגען אין דעם מאנור, באטראכט. עס איז ניט געווען קיין פרישער, אָבער אז א פערד איז דאָ ניט לאנג געוועזען און געטרונקען וואסער, דאָס האָט בען שוין אויף זיכער געוואוסט.

איצט איז ער צוריקגעגאנגען צו זיין פּאַק מיט זאכען, וואו ער האָט גענעכטיגט און אין איינוועג אָנגעפילט זיין ערדענע פלאש מיט וואסער, פון דעם טייכעל.

צוקומענדיג צו זיין פּאַק האָט ער דערפיהלט הונגעריג. ער האָט אָנ־געריסען א בינטעל אלפאלפא גראָז, געטראכט, אז מען באדארף צוגע־וואוינט ווערען צו גראָזען, ווייל ער וועט דאָ פארבלייבען ביז דער ערשטער שניי וועט אויספאלען. און אויב ער וועט ניט כאפּען דעם שווארצען אָגער ביז צו דעם ערשטען שניי, וואָס וועט ער דאמאָלט טאָן?

דאָס וועט ער דאמאָלט באטראכטען, אָבער דערווייל וועט ער זיין

שפּאַרעוודיג מיט זיין „גראַב“ און זיך שפּייזען מיט א ביסעל גראָזען אויך.

נאָכדעם, אז בען האָט זיך אָנגעגעסען, האָט ער פאררויכערט. טאבאק און שוועבעל, האָט ער אָנגעקויפט גענוג אויף א האלב יאָהר, און רויכערען האָט ער זיך פארגינען מערער. ער האָט גענומען דעם פּאַק אויף זיינע פּלייצעס און איז געגאנגען ביז צו דעם טייכעל און זיך אוועקגעלאָזט דאָרט אין דעם וועג וואו דאָס וואסער פון דעם טייבעל איז געלאָפען. ער איז געגאנגען פּאמעליך און דאָס וואסער איז געלאָפען איבער די קליינע וואסער שטיינדלעך. אָט איז דאָס טייכעל געוואָרען דין ווי א פאָדים און אָט איז דאָס אויסגעקומען ווי א ברייטער טייך פון איין זייט א הויכער איינגעשניטענער ברעג און פון דער אנדערער זייט א נידריגער ברעג אָבער באזעצט מיט קליינע נידריגע בערגעלעך איינער נעבען דעם אנדערען און איינגעדעקט זענען אָט די בערגעלעך אין געוויקסען. עס איז שוין אלעס געוועזען פארזשאַווערט גרין. ניט די גרינקייט פון דעם אָנהויב פון א לעבען. עס געהט שוין דער זומער פארביי. א סך בלעטער הויבען שוין אָן ווערען געל אָדער רויט.

בען האָט זיך אזוי געהענדיג א פארמאטערטער, מיט דעם שאָטען פון זיך אליין, שווימענדיג אין דער ברייט פון טייכעל, פּלוצים געטאָן א וואָרף, געבליבען שטעהן איינגעהאלטען זיין אָטעם און פון זיין פייף האָט זיך געשלענגעלט א בלויער רויך.

— וואָס איז דאָס, דאכט זיך א פערד הירזשעט?

— יא, א פערד הירזשעט — האָט בען זיך אליין געענטפערט.

בען האָט מיט זיינע אויגען געוואָרפען אין אלע זייטען. ער איז שוין געוועזען זיכער, אז דער שווארצער אָגער הירזשעט, ווייל ער האָט דערקאָנט זיין קול.

פון יענער זייט ברעג צווישען די נידריגע בערגלעך, איז געשטאנען דער שווארצער אָגער מיט זיין שווארצען גרויסען קאָפּ ארויסגעהויבען איבער די קליינע בוימלעך, און מיט אן אויסגעצויגענעם האלז געשריגען און באגריסט דעם מענשען פון דער זייט ברעג.

## קאַפּיטעל כג.

איבער דער גאנצער פּרעירי, פון טאָל און בארג האָבען זיך געהויבען לאנגע זיילען רויך, ביז צו דעם הימעל, ווייסער רויך, שווארצער רויך און בלאָהער רויך.

וואָס איז דאָס, זאָל עס די גאנצע פּרעירי ברענען?

ניין. די פּרעירי ברענט נים. די פּרעירי, איז פארנומען מיט דער ארבייט פון אויסדרעשען די קערנער פון די זאנגען.

דרעשמאשינען פאָרען ארום איבער דער פּרעירי, מיט די גרויסע ציינערדיגע רעדער און מיט די לאנגע אייזערנע קוימענס און ווינד בלאָזערס. פון די קוימענס געהט א רויך און די ציינערדיגע רעדער דרא־פּען זיך איבער די בערג און איבער טאָלען און ווער עס האָט נאָר א סטאָג מיט זאנגען — ביי דעם סטאָג, שטעלט זיך די דרעשמאשין אוועק און ־איינס, צוויי, דריי, הויבען זיך אָן די רעדער צו דרעהען און דאָס מויל מיט די גרויסע ציין פון דער דרעשמאשין, שטעקט ארויס א ברעטעל אזוי ווי א צונג לאנג, כאפּט אריין דעם גארב מיט זאנגען, טוט איהם מיט די ציין א צעביים און א קיי איבער און בייסט ארויס די קערענדלעך ווייץ פון די זאנגען הייטלעך און שיקט די קערענדלעך ארויס דורך א זייטיג טירעל אין א זאק אריין. און דאָס אָרימע, צוביסענע שטרוי א בלאָז ארויס אין דרויסען אויף דער ערד ארויס.

ווער עס האָט דאָס גליק צו האָבען א סטאָג מיט זאנגען, אהין קומט די דרעשמאשין. און ווער האָט נים דאָס גליק, אויב ער איז אויף דער פּרעירי, און אויב ער איז נים פויל?

הער קאָלדוועל איז נים פויל, האָט לענדער און זיינע לענדער זענען פעט און עס איז אויף זיי אויסגעוואקסען ווייץ און האָבער א סך.

אָבער אָט שטעהען די פארטיגע ווייצען און האָבער פעלדער אומ־געשניטען און די קערנער טרייסלען זיך ארויס פון די הייטלעך.

ווער זאָל זיי אָפּשניידען און די גארבען און סטאָגען אויפ־שטעלען?

קאַלדוועל אליין איז טאקע קיינמאָל נים געוועזען פויל, נאָר איצטער.

זיין טאָכטער מארגארעט שניידט מיט דער מאשין. ליזאבעט דאָס דיענסטמיידעל העלפט אויך.

ער אליין קאָן גאָרנים טאָן, גאָרנים.

הער קאָלדוועל פיהלט, אז ער ווערט משוגע, דער קאָפּ דיענט נים. אין מוח דרעהט זיך אזוי ווי אין א ווינד מיל.

און אז ער קומט ארוים אין דרויסען און טוט א קוק ווי איבער דער גאנצער פּרעירי, פון בארג און פון טאָל שלענגלען זיך זיילען רויך און עס טראָגט זיך אין דער לופט דאָס זשומען פון די דרעשמאשינען, הויבט איהם אָן וועה טאָן.

ער ווערט ברוגז אויף זיך, פארוואָס ער פארגינט יענעם נים. אָבער ער קאָן פארט נים שטעהן און קוקען אויף די ווייטע זיילען מיט רויך.

פאר וואָס, אלטער נאר — פרעגט ער זיך אליין, — האָסטו פאר־טריבען דיין זוהן פון זיך?

קאָלדוועל דערשרעקט זיך פאר די דאָזיגע געדאנקען. וואָרים, וואָס פּלוצים, איז איהם איצט, פארגעקומען דאָס בענקעניש נאָך זיין זוהן?

זיין זוהן מוז ערגעץ זיין געזונד און שטארק. ער לאָזט פון זיך נים הערען, וואָרט נאָר אז זיין טאטע זאָל טאָן א פארמאך די אויגען וועט ער קומען צולויפען. עס איז זיינס. עס איז זיינס.

דער שווארצער אָגער איז שוין נימאָ, דאָס ווייסטו נים, מיין זוהן. דער שווארצער אָגער איז שוין נימאָ!

די קערנער פון די זאנגען שיטען זיך. און קאָלדוועל וועט נאָך אויפשניידען די שטעכיגע דראָטען פון די פּלויטען און זאָלען די פערד געהן וואוהין זיי ווילען.

מיט אזוינע שווערע געדאנקען האָט זיך קאָלדוועל ארומגעטראָגען און קיינעם נים דערצעהלט.

מארגארעט איז געוואָרען פרעהלאך, ווייל עס האָט זיך איהר גע־דוכט, אז זי טוט די ארביים אין פעלד בעסער פון א מאן.

זי און ליזאַבעט האָבען געיאָגט די ארבייט, אָבער זיי האָבען ניט געזעהן אז די ארבייט שטעהט אויף איין אָרט.

די גאַנצע צייט איז אוועק, מיט גלעטען די פערד, רײדען צו די פערד אזוי ווי צו קליינע קינדער, רעדען צווישען זיך. און אויב מען האָט אָפּגעשניטען א גארב אָדער צוויי, האָט מען איהם, דעם גארב, אזוי געפּוצט און באַגלייכט און איבערגעבונדען, ווייל עס האָט זיך ליזאַבעט'ן געדוכט, אז די מאַשין בינדט ניט שעהן. אָט אזוי איז אוועק דער טאָג.

האָבען דערווייל אַלע אויף דער פּרעירי געדראָשען און אָנגעפילט זייערע שפּייכלער מיט ברויטען און אוועקגעפירט דאָס ברויט צו דער באַן און פארקויפט.

די טעג זענען געגאַנגען וואָס אמאָל קלענער און קלענער. די נאָרד דאַקאָטאַ'ער הימלען, אז עס קומט אין צייט פון דרעשען, ווערען זיי באַ־פלעקט מיט שטיקער גראָהע כמארעס.

קאַלטע ווינטען בלאָזען. איבער דער פּרעירי טראָגט דער ווינט קנוילען מיט שטרוי, גראָהע קנוילען וואָלקענס צעוויקלען זיך און פארשטעלען די זון.

עס איז קאַלט. די דרעשמאַשינען פייפען און רופען. ווייל זי אז מען זאָל ברענגען קוילען, טוט די מאַשין דריי קיילכיגע פייף און אויב זי וויל וואַסער, טוט זי א לאַנגען אויסגעצויגענעם פייף, וואָס צעגיסט זיך איבער דער לופט אזוי ווי דאָס וואַסער פון א דאַך־רינע, און אויב מען ברענגט ניט אזוי גיך דעם וואָגען מיט די גאַרבען, פייפט די מאַשין אָהן אן אויפהער, ווי זי וואָלט שרייען: גיכער, גיכער, גיכער, ברענגט די גאַרבען.

אז הער קאַלדוועל'ס שכנים זענען פאַרטיג געוואָרען מיט זייער דרעשען, האָבען זיי זיך ארומגעקוקט, אז קאַלדוועל'ס פעלדער זענען נאָך שטעהענדיג.

מען האָט קאַלדוועל'ן ניט ליב געהאַט. אָבער מענשען איז מען דאָך. ביי איהם האָט מען דעם שווארצען אָגער ארויסגענומען ביי נאַכט און אוועקגעפיהרט אין ווילדען לאַנד. זיין טאָכטער איז געבליבען אָהן א מאַן, דער זוהן זיינער איז ניטאָ. און זיינע פעלדער זענען ניט באַשניטען. האָבען מענשען באַקומען רחמנות.

איין שבן איז געגאַנגען צו דעם צווייטען. מען האָט אָהן הער קאַלדוועל'ס וויסען אָפּגעמאַכט מיט דעם מאַן וואָס האָט געהאַט אַ דרעשמאַשין, און איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען, ווען עס איז נאָך געוועזען בלאָה אין דרויסען, איז אַ גאַנצע מחנה מיט פערד געשפּאַנט אין וועגענער גרויסע, מיט הויכע טיפע קאַסטענס, ארויפגעפאָרען צו הער קאַלדוועל אין הויף אריין.

די מענער, צווישען זיי אויך ליזאַבעט'ס פאָטער, אַ הויכער און אַ ביסעל אייגגעבויגענער מיט אַ קליין שמאָל פּנים אַ פאַרוואָקסענעם מיט רויטע האָר, — זענען אראָפּגעשפּרינגען פון די וואָגענס און מיט אַ נעפּילדער און אַ רויש באַגעגענט הער קאַלדוועל, וועלכער איז זיי אקעגען געקומען, שוין וויסענדיג, וואָס דאָס מיינט.

— מיר זענען געקומען שניידען און דרעשען, הער קאַלדוועל, גוט מאָרגען, גוט מאָרגען! האָבען אַלע גערעדט מיט אַמאָל, — די מאַשין קייקעלט זיך שוין אָן אָט דאָרט בארג אראָפּ.

— אַ גוטער מאָרגען אייך אַלע — האָט קאַלדוועל געשמייכעלט אַ באַליידיגטער — איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך. אָבער איך וויל מיינע פעלדער ניט שניידען. איך וויל ניט.

— אָבער נאָט וויל, — האָט געזאָגט ליזאַבעט'ס פאָטער.

— אַ ניט, וועלען מיר איהם הערען. עס איז אַ זינד פאַר גאָט, אַזוינע פעלדער מיט ווייץ און האָבער ניט אָפּצושניידען. מיר ווילען שניידען און דרעשען, אָהן אייער וויסען — האָט עמיצער געזאָגט.

— מיר וועלען שניידען — האָבען אַלע געפּילדערט אין אַ כאָר.

— איך וויל ניט. אויב אָבער איהר וועט יאָ שניידען, קאָן איך זיך מיט אייך ניט שלאָגען — האָט הער קאַלדוועל געטאָן אַ מאַך מיט ביידע הענט און איז אַוועק אין הויז אריין, פירענדיג די פריהיגע געסט הינ־טער זיך.

דערווייל איז פרוי קאַלדוועל ארויסגעקומען, אויפגעעפענט די טיר, איהרע אויגען האָבען זיך נאָך געקלעפּט פון שלאָף, און באַגריסט דעם עולם. זיי ארייננעבעטען אין הויז אריין.

ליזאַבעט און מאַרגאַרעט האָבען דערהערט דאָס טרעטען פון די שטיוועל אויף דעם דיל, האָבען זיי זיך איינע די אנדערע אויפגעוועקט, ניט געוואוסט וואָס דאָרטען הינטען אין שטוב קומט פאָר. זיך אָנגעטאָן

אין איילעניש, פאַרביטען איינע מיט די אַנדערע אַ זאַק, אָדער אַ שוך, געלאכט און זיך געשראָקען, פאַר דעם קלאַפּען פון די שיך אויף דעם דיל דאָרט הינטען אין שטוב.

זיי זענען אַראָפּגעלאָפען די טרעפּ, אַזוי ווי מען וואָלט זיי אויסגע־שאָטען פון אַ זאַק.

ליזאַבעט האָט דערזעהען איהר פאָטער, איז זי צוגעלאָפען און אויף איהם זיך אַרויפגעהאַנגען, געקושט איהם אין דעם פאַרוואַקסענעם פּנים מיט די רויטע האָר. און איידער וואָס, ווען, איהם איינגערוימט אין אויער אַריין, אַז הער קאָלדוועל שיינקט איהם די צוויי פערד. און אַז זי דיענט שוין פאַר געלט, פאַר געלט, פּאַפּאַ.

מאַרגאַרעט איז געבליבען שטעהן, געריבען זיך די אויגען, מיט ביידע הענט, באַטראַכט די מענער, געמיינט אַז עס איז נאָך האַלבע נאַכט, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי וויינען, צי זאָל זי לאַכען.

דאָס פענסטער האָט אָנגעהויבען צו ווערען בלאָה, בלאָהליך און בלאָהיש־ווייס.

— קינדער, מיר וועלען שניידען און דרעשען — האָט ליזאַבעט'ס פאָטער געזאָגט, אי צו זיין מיידעל, אי צו מאַרגאַרעט'ען — עסט אָפּ איבערבייסען און קומט, ווייזט אונז, וואו די שניידמאַשינען זענען.

מאַרגאַרעט האָט אַרומגעכאַפּט ליזאַבעט'ן און זיך מיט איהר אויס־געדרעהט אין אַ טאַנץ.

נאָכדעם זענען זיי ביידע אַוועק אין קיך אַריין.

פון קיך האָט זיך געהערט ווי דאָס פייער קנאַקט אין אויוועןן און עס האָט אויך אָנגעטראָגען אַ ריח פון שמאַלץ, פרעגלענדיג זיך אויף אַ הייסען אויוועןן.

ליזאַבעט'ס פאָטער האָט אַריינגעשריגען אין קיך אַריין, אַז אַלע זענען שוין אָפּגעגעסענע. נאָך אין דער היים איבערגעביסען. עס איז אומזיסט די אַרבייט.

פרוי קאָלדוועל האָט אַריינגעשטעקט איהר פּנים דורך דער טיר.

— ניין, ניין. אַלע האָבען מיר שוין איבערגעביסען — האָט ליזאַבעט'ס פאָטער געזאָגט.

— קוק נאָר אָן, ווי ער רעדט דאָ פאַר אַלע, ווער האָט געזאָגט אַז מיר האָבען שוין איבערגעביסען. און אַז מיר האָבען שוין איבערגעבי־

סען אין דער היים, איז וואָס? וועלען מיר דען ניט קאָנען אריינקייען נאָך אמאָל איבערבייסען — האָט איינער פון די מענער געוואונקען מיט אן אויג אין דער זייט וואו ליזאבעט'ס פאָטער איז געזעסען.

— געוועהנטליך, וועלען מיר קאָנען אריינקייען. דער עיקר, א שאָלעכעל מיט הייסע קאַווע. עס זאָל זיין פארשטענדליך, היים — האָט געזאָגט אן אנדערער מאַן, וואָס האָט געהאַט גרויסע וואָנצען אויף זיינע ברויניגע ליפּען.

פארשטענדליך, אז ליזאבעטס פאָטער האָט זיך אויך ניט געלאָזט א סך בעטען און אריינגעקייט אויף זיין שטייגער, נאָכאמאָל איבער־בייסען. די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין רעדען, אז ער וויל ניט עסען, ווייל ער האָט שוין אין דער היים איבערגעביסען.

הער קאָלדוועל האָט זיך דערווייל ארויסגעגנב'עט אין דרויסען אָנ־געוואָרפען בערגלעך מיט היי אויף דער ערד פאַר די פרעמדע פערד.

ער איז אריין אין הויז און אויסגעטיילט גראָבע ציגאַרען צו די געסט. געשוויגען, און זיין ווייב האָט איהם אין דער שטיל אריינגערוימט אין אויער אריין, אז ער זאָל זיין א ביסעל לעבעדיגער מיט די געסט, און זי בעט איהם, אז ער זאָל אראָפּוואַרפען פון זיין פּנים דעם טרויערי־גען שלייער.

הער קאָלדוועל האָט געצויגען מיט די אקסלען און זיך אוועקגעזעצט אין זיין ווינשטול, דעם אויסגעבעטען מיט קישעלעך און זיך געשאָקעלט און ניט געזאָגט קיין איין וואָרט, נאָר מיט זיינע אויגען אָפּגעהיט די געסט און וואָס זיי האָבען געטאָן. איהם האָט זיך געדוכט, אז זיי עסען, רעדען און קלאַפּען מיט זייערע שטיוועל דורך א שפּרוזינע.

דורך דעם פענסטער האָט זיך געוויזען דער מאָרגען, א ווייסגראָהער, א רויהער מיט א הימעל באַצויגען מיט גראָהע דינע וואָלקענס, וועלכע זענען געלאָפען פארביי דעם פענסטער, אז עס איז אוממעגליך געוועען אויף זיי צו כאַפּען א בליק.

די מענער האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע זיץ, אָנגעטאָן די אָסיענדיגע פעלצען פון שאָפענע פעל. געמאַכט א גערודער מיט זייערע שטיוועל אויף דעם דיל.

— ווער וועט פיהרען וואַסער? — האָט איינער אויסגערופען.

— איך וויל זיין דאָס וואסער מיידעל. — האָט מארגארעט גע־שפּרונגען אויףביידע פיס.

— איך אויך. — האָט ליזאבעט זיך אוועקגעשטעלט נעבען מאר־גארעט'ען — איך וויל אויך אן ארבייט.

— דו וועסט פירען קוילען, ליזאבעט — האָט ליזאבעט'ס פאָטער געזאָגט.

— צו שווער פאר א מיידעל — האָט הער קאָלדוועל זיך ארייננגע־מישט מיט א שמייכעל אויף זיין פּנים — איך וועל ברענגען קוילען.

— ניין, מיר ווילען ניט, אז קאָלדוועל זאָל עפּעס טאָן — האָט דער וואָס מיט די גרויסע וואָנצען געזאָגט.

— מאכט אייך ניט קינדער שפּילעכלעך, — האָט ליזאבעט'ס פאָטער געזאָגט — ווער ווייסט וואו קאָלדוועלס קוילען גריבער זענען, אויב ניט הער קאָלדוועל אליין.

— איך וועל ברענגען קוילען — האָט הער קאָלדוועל שוין געזאָגט אזוי ווי א ברוגז'ער.

עס האָט זיך דערהערט א פייף, א לאנגער אויסגעצויגענער פייף, וועלכער איז געקראָכען אין דער טיף, אויפגעציטערט, דאָס בלוט דער־ווארימט.

מען איז ארוים אין דרויסען. א קיהלער, שארפער און רויהער מאָרגען האָט געטאָן א כאַפּ ארום דאָס פּנים, ארייננגעקראָכען אין האלז אריין און אין די ארבעל.

— עס וועט זיין א שעהנער טאָג!

— די וואָלקענעס אנטלויפען פון אונז.

— עס וועט ניט רעגענען!

עס האָט ניט גענומען לאנג און די גרויסע וואָגענס האָבען זיך שוין געקייקעלט איבער דעם וועג, די שניידמאשינען האָבען געקלונגען מיט זייערע שטאָלענע רעדער, אוועק אהין צו די ווייץ און האָבער פעלדער, וואו די דרעשמאשין האָט שוין געווארט, לאָזענדיג אין הימעל אריין א שווארצען געדיכטען רויך אויסגעמישט מיט פייער פונקען פון דעם פּאַ־ראוויק'ס שווארצען קוימען.

די שניידמאשינען האָבען אָנגעהויבען דרעהען מיט זייערע לייוונ־טענע פליגלען. דאָס לאנגע שטיק אייזען מיט די שפּיציגע מעסערלעך

האָט אָנגעכאַפּט די זאַנגען, חיק, חיק, און די זאַנגען פאַלען אויף די לייד־ווענטענע פּליגלען.

פון דער אַנדער זייט האָט די שניידמאַשין אַרויסגעשפּיגען געבונ־דענע גאַרבען. די גרויסע וועגען זענען נאָכגעפאָרען און די גאַרבען אויפגעקליבען. אַז דער וואָגען איז געוואָרען פול מיט גאַרבען איז דער מענש אַריינגעקראָכען אין וואָגען און אַריינגעפאַלען ביז איבער זיין קאָפּ צווישען די גאַרבען. און אַזוי, קוים וואָס זיין קאָפּ האָט אַרויס־געשטעקט איז ער אַוועקגעפאָרען צו דער דרעשמאַשין.

אַז עס זענען שוין געשטאַנען צוויי גרויסע וואָגענס מיט גאַרבען גע־לאָדען נעבען דער מאַשין און מאַרגאַרעט מיט ליזאַבעט'ן האָבען געבראַכט צוויי פּעסער מיט וואַסער פון טייך און קאַלדוועל האָט שוין באַלד באַדאַרפט קומען מיט אַ וואָגען קוילען — האָט דער מעכאַניק מיט אַ פאַרשמירט שוואַרצען פּנים, אַ קליינער און אַ שאַרפער, אָנגע־הויבען אַרויפצולעגען דעם ברייטען לעדערנעם פּאַס. ער האָט עס געטאָן פּאַמעלעך און גוט.

פאַרבונדען דעם פּאַראָוויק מיט דעם דרעשער, האָט ער געטאָן אַ שלעפּ אַ שטריקעל. אַ ווייסע פּאַרע, הינטען דין און וואָס אַמאָל העכער אַלץ ברייטער און ברייטער, האָט געטאָן אַ זעץ אַרויס, דער פּאַראָוויק האָט אַ פייף געטאָן און דער פּאַס האָט זיך אָנגעהויבען צו דרעהען.

ביידע, אי דער פּאַראָוויק אי דער דרעשער האָבען זיך גענומען יאָגען און געוואָרפען דעם לעדערנעם ברייטען פּאַס איינער צו דעם אַנדערען. נאַ, נעם דיר אים, איך וויל איהם ניט. כאַפּ איהם, כאַפּ איהם, איך האָב איהם דיר געוואָרפען.

אויף דעם געלאָדענעם וואָגען מיט גאַרבען זענען געשטאַנען צוויי מיט הילצערנע לאַנגע גאָפּלען און איינער נאָך דעם אַנדערען געכאַפּט די גאַרבען און זיי אַריינגעוואָרפען אין מויל פון דרעשמאַשין.

וויים־געלע קערענדלעך ווייץ האָבען זיך געשטופּט אַרויס פון דער מאַשין דורך אַ שמאָל רערעל אין אַ זאַק אַריין. איין זאַק פול, קנעפּעלט מען צו נאָך אַ זאַק.

און דער ווינט בלאָזער האָט אַרויסגעשטעקט אין דער הויך איבער אַלע און אַרויסגעבלאָזען דאָס צעביסענע שטרוי און עס צעוואָרפען אויף דער ערד אַרום און אין אַ גרויסען ראָד.

## קאפיטעל כד.

עס איז געווארען שטיל אין דער קאלדוועלס הויז.

פרוי קאלדוועל איז געבליבען אליין נאר מיט איהרע הינער, וועלכע האבען געזונגען און געקאקאדאקעט. ווייטער איז ניט געוועזען קיין אנדער לעבעדיג באשעפעניש. אלע פערד פון שטאל האט מען פארנומען צו דער דרעשמאשין. פרוי קאלדוועל האט זיך אזוי געפרעהט און געפרעט און אזוי פיעל ארבייט האט זי געהאט, אנצוגרייטען דעם מיטאג פאר אזויפיעל מענשען, אז זי האט גאר פארגעסען איהרע האר צו פארקעמען.

זי האט אין דער גיך פארקעמט איהרע האר ביי דעם קליינעם שפיגעל אין קיך, מיט דעם קעמעל געצויגען גאנצע קנוילען אויסגע־פאלענע האר און געטאן א זיפץ.

ווער איז זי דא אין קאלדוועל׳ס הויז?

עסען, טרינקען און שלאפען, און א קלייד אנצוטאן, קאן זי באַ־קומען אומעטום פאר דער ארבייט, וואס זי טוט.

וואס־זשע האט זי דא מערער?

זי איז שוין ניט קיין יונגע. אלט איז זי אבער אויך ניט. וואס איז איהר לעבען, אויב זי האט ניט קיין קינד.

א קינד פון איהר פלייש און בלוט.

זאל נאט אויסהיטען ווען הער קאלדוועל טוט א פארמאך זיינע אויגען פאר איהר, וועט קומען זיין זוהן און זי אוועקטרייבען פון דאנען מיט איהרע הינער. זאל גאט אויסהיטען ווען זי אליין טוט א פארמאך די אויגען נאך ביי דעם לעבען פון הער קאלדוועל, וועט מען זי ערגעץ פארשיטען אין א גרוב און דער האן וועט אפילו ניט קיין קריעה טאן.

אזוי איז זי געווען פארטאן אין איהרע געדאנקען, ווען זי האט דערהערט טריט. זי האט זיך דערשראקען אומגעדרעהט צו דער אפענער טיר און זיך געטאן א וואריף, ווייל זי האט דערזעהן דעם בחור פון דער איסט, בענ׳ן, מיט א שמייכעל אויף זיין פנים און מיט זיין הוט אין דער האנט, שטעהן אין דער אפענער טיר.

— א גוטען טאג אייך, מאדאם, — האט בען שטיל געזאגט —

שרעקט איך ניט. קומט מיט מיר, איך וועל אייך עפּעס שעהנס ווייזען.

— איהר האָט מיך דערשראָקען — האָט פרוי קאָלדוועל געזאָגט מיט א לייכטען שרעק אין איהר קול — פון וואנען האָט איהר זיך גענומען. איך האָב געמיינט, אז איהר זענט שוין ערגעץ ווייט אין דער איסט. נאָר, איך געה שוין, איך בין אייגע אליין, און פארנומען. מען הרגעשט דעם ווייץ, זענען אלע אין פעלד.

בעז האָט צוגעפיהרט פרוי קאָלדוועל צו דעם שווארצען אָגער'ס שטאל. די פרוי האָט געטאָן א פּאטש מיט ביידע הענט און געטאָן א געשריי, ווייל זי האָט דערזעהן דעם שווארצען אָגער, שטעהן אין שטאל מיט צעבאָרשטענע, רויהע האָר איבער זיין גאנצער הויט.

— דער שווארצער אָגער איז דאָ, דער שווארצער אָגער — האָט זי געפלאפּעלט — איך וועל לויפען זאָגען, זיי אָנזאָגען.

— איך וואָלט אייך בעטען, מיר צוליב, ווארטען ביז מיטאָג. זיי וועלען נאָך קומען פאר מיטאָג, וועלען זיי אזוי נאָר ניט וויסענדיג, פּלוצים דערזעהן דעם שווארצען אָגער, און דערנאָכדעם וועט מען מיך דערזעהן. אזוי איז בעסער — האָט בען געשמייכעלט מיט זיין פאַר־וואקסענעם פּנים.

— ניין, איהר וועט ביי מיר ניט אויספיהרען. איך האָב אָנגעזאָגט די בשורה אז דער שווארצער אָגער איז נישטאָ און איך וועל איצט לויפען אָנזאָגען, אז ער איז דאָ.

— איהר מאכט קאליע א שעהנעם שפּיעל.

— גוט, איך וועל ווארטען, אָבער איך וויל זיי אָנזאָגען, איך אליין.

פרוי קאָלדוועל האָט פארבעטען בען'ן אין הויז אריין. געמאכט פאר איהם א גוטען און געשמאקען איבערבייסען, מיט הייסע קאווע איהם אָנגעטרונקען.

— עס שמעקט גוט — האָט בען געזאָגט — נאָך אזוי פיעל טעג און נעכט זיין אין דעם ווילדען וואלד.

— איצט געהט ארויף אין דאך שטוב און לעגט אייך אוועק אָפּרוהען, מיין העלד, איהר האָט אָפּגעטאָן א גרויסע ארבייט, מעגט איהר א ביסעל רוהען און ווען אלע וועלען קומען צו מיטאָג, וועל איך אייך אויפוועקען. אָה, עס וועט זיין א שעהנער איבערראשונג.

בען איז ארויפגעגאנגען אין דאך־שטוב, זיך אוועקגעוואָרפען אין בעט, אויסגעשטרעקט זיינע מידע פיס און הענט. געלעגען און זיך צו־

געהערט צו דעם קאַקאַדאַקען פון די הינער און צו דעם זשומען פון דער ווייטער דרעשמאשין.

ער האָט געטראכט, אז ערשט איצט הויבט זיך אָן פאר איהם א נייער וועג. און זיי וועלען איהם פארמאטערען מיט זייערע רייד. און וואָס האָט ער דאָ געטאָן אזוינס גרויס. געכאפט דעם שווארצען אָגער, דאָס איז איהם דאָך אָנגעקומען ניט אזוי שווער. געשטאנען דער שווארצער אָגער און געקניפען דאָס גראָז איז בען צוגעגאנגען און אויף איהם ארויפגעלעגט זיין האנט און ער איז געווען א געכאפטער.

בען איז איינגעשלאָפען צוביסלעך, פיהלענדיג אזוי ווי א ווארימקייט צעגיסט זיך אין אלע זיינע מידע גלידער. ער איז אזוי שטארק איינגע־שלאָפען, אז ער האָט ניט געהערט גאָרניט.

דערפאר האָט אָבער פרוי קאַלדוועל זיך גוט איינגעהערט בעת זי האָט דעם מיטאָג פארטיג געמאכט, צי זיי קומען ניט פון דעם פעלד. דער האלבער טאָג איז איהר אויסגעקומען צו זיין זעהר א לאנגער און זי האָט זיך קוים דערווארט.

דער מיטאָג איז שוין געוועזען פארטיג און פרוי קאַלדוועל איז ארויס אין דרויסען, ווייל זי האָט דערהערט דאָס טאראבארקען פון א וואָגען. א גרויסער וואָגען ארומגעבונדען מיט פערד ארום און ארום און אָנגעפילט מיט מענשען איז אריינגעפאָרען אין קאַלדוועל'ס הויף. די מענשען האָבען גערעדט הויך און אלעמאָל ארויסגעשאָטען א געמישטען געלעכטער.

פרוי קאַלדוועל איז אקעגען געלאָפען דעם דאָזיגען וואָגען און גע־שריגען מיט איהרע אלע קרעפטען:

— דער שווארצער אָגער איז דאָ!

עס איז באלד געוואָרען א רעש. די פערד וואָס זענען נאָכגעלאָפען צוגעבונדענע ארום און ארום דעם וואָגען האָבען אָנגעהויבען צו הירזשען און דער שווארצער אָגער האָט זיי געענטפערט מיט נאָך א שטארקערען הירזשען.

הער קאַלדוועל איז אראָפּ פון וואָגען, געוועזען בלייך ווי קרייד און זיך ניט געקאָנט רירען פון אָרט.

מארגארעט און ליזאבעט זענען אויך אראָפּ פון וואָגען.

— וואו איז ער? ווער האָט איהם געבראכט? איז ער אליין אהיים געקומען? מען איז אוועק צו דער שטאַל, איבערגעלאָזט דעם וואָגען מיט

די פערד אין מיטען הויף. די פערד האבען זיך געריסען און געהויבען זייערע קעפ און מיט אויסגעצויגענע העלזער פרעהליך געשריגען צו דעם אגער און דער אגער האט זיי צוריק אפגעענטפערט.

קאלדוועל איז געבליבען שטעהן, זיין פנים האט זיך אויסגעקרימט און זיינע אויגען האבען זיך ניט געקאנט גלויבען, אז זיי זעהען דעם שווארצען אגער.

— ווער האט איהם געבראכט?

— דער איסטערנער.

— בען, פון דער איסט?! — האט קאלדוועל זיך געוואונדערט — וועלכע טייוואלים, איז ער דען ניט אוועק צוריק אין דער איסט? ווי קומט ער אהער אויף דער פרעירי?

אין דעש און טומעל האט קיינער ניט באמערקט, אז אי מארגארעט אי ליזאבעט זענען אוועק אין הויז, אזוי ווי זיי האבען נאר דערהערט, אז בען פון דער איסט האט געבראכט דעם שווארצען אגער.

מארגארעט איז אריין אין הויז אויף די שפיצען פון איהרע שיך. אומעטום געזוכט, און בען'ן ניט געפונען. איז זי ארויף אין האך־שטוב שטילערהייט, געבליבען שטעהן אויף איהרע קניע ביי דעם בעט, אין וועלכע בען איז געשלאפען א שטילען, רוהיגען שלאף. זי האט זיך אנגעבויגען צו טאן בען'ן א קוש אין זיין האנט, אז זי האט דערזעהן שטעהן לעבען זיך ליזאבעטען.

ביידע מיידלעך האבען זיך אנגעקוקט.

— וואס ווילסטו דא, עליזאבעט?

— וואס ווילסטו דא, מארגארעט?

— שא, וועק איהם ניט, ליזאבעט, זיי אזוי גוט און שווייג.

ליזאבעט האט זיך שטילערהייט ארויסגעלאזען פון די טרעפ, אזוי ווי זי וואלט ערגעץ געזונקען און איז אוועק אין קיך העלפען דער באלעבאסטע מיט דעם מיטאג.

מארגארעט האט זיך אנגעבויגען צו דעם בעט און א קוש געטאן בען'ס האנט. זיך אויפגעהויבען זעהר שטיל און זיך געטאן א וואָרף א דערשראקענע, ווייל בען האט געעפענט זיינע אויגען און געטאן א שמייכעל, זיי ווייטער פארמאכט און דערנאכדעם אויפגעעפענט ברייטער מיט קלארע ווייסע ווייסלען און אויסגעשטרעקט זיין האנט.

מארגארעט.

סוף.

ו. נאָטאָנזאָהן:
דער איצטיגער וועלט קריזיס אין דעם ליכט
פון בערגסאָנ׳ס פילאָזאָפיע.

דר. ח. זשיטלאָווסקי:
אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען צו ה׳ יעקב מילך׳ס אַרטיקל:
„רעאַקציאָנערע שטרעמונגען אין אונזער היגען לעבען“.

יעקב דינעזאָהן:
זיינע בריף.

ש. ניגער:
דינעזאָהן דער בריפנשרייבער.

## ו. נאטאנזאָן.

דער איצטיגער וועלט קריזיס אין דעם ליכט
פון בערגסאָנ׳ס פילאָזאָפיע.

די איצטיגע סאָציאלע געעשהעניש אין אלע טיילען פון דער וועלט צייכענען זיך אויס צווישען אלעם איבריגען אויך מיט די פאָלגענדע צוויי שטריכען: ערשטענס, דערמיט, וואָס די דאָזיגע געשעהענישען קומען פאָר כמעט יעדען טאָג מער און מער להפוך צו דעם, וואָס די גרעסטע און בעסטע סאָציאָלאָגען און פאָליטיקער האָבען ערוואַרט, אזוי, אז עס קאָן שוין גאָר קיין פראגע ניט זיין וועגען פאָראויסזאָגען וואָסער עס איז וועגדונג אין דעם גאנג פון די נאָהענטסטע געשעהענישען. צווייטענס דערמיט, וואָס אין דעם לויף פון די געשעהענישען האָבען מענשען אָנגע־הויבען צו דערקלירען בפני כל עם ועדה, אז דער געפיהל אלס מאָטיוו פאר א געוויסער האנדלונג, אָדער פאר א געוויסער טאט איז גראָד אזוי וויכטיג און גראָד אזוי הויך, און אָפט, וויכטיגער און העכער, איידער דער פארנונפט־מאָטיוו. מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען רעכענען מיט דעם סוביעקטיווען דערשפּירען און באנעמען פון זאכען, מער איידער מיט זייער אָביעקטיווער אָפּשאצונג און צעגלידערונג.

אמת, אז פיל האָבען ערוואַרט א מלחמה, און אייניגע האָבען פאָר־אויסגעזאָגט א גראנדיעזע און שרעקליכע מלחמה. אָבער, ווער האָט ער־וואַרט, אז אין דער מלחמה וועט זיך, למשל, דער פּראָלעטאריאט, וועל־כער האָט מער פאר אלע געליטען פון די מלחמות, און וועלכער מוז אויס־לייזען די וועלט פון מלחמות, — אז ער וועט זיך ארייננווארפען מיט לייב און לעבען אין דער מלחמה? ווער האָט געקאָנט פאראויסזאָגען, אז דער קלאסענקאמף, די לאָזונג פון דעם נײַנצענטען יאָרהונדערט וועט פאלען קורעים פאר דעם נאציאָנאלען קאמף?

און וואָס פאר א גוואלדיגע איבערמאכט האָבען אין דעם דאָזיגען נאציאָנאלען קאמף די אינערליכע און טיפע געפיהלען גענומען איבער דער ריינער און שטארקער לאָגיק! פילאָזאָפען, וויסענשאפטסמענער און קינסטלער פון איין לאנד האָבען ניט געקאָנט און קאָנען נאָך איצט ניט זיך צונויפרעדען מיט די פילאָזאָפען, וויסענשאפטסמענער און קינסטלער פונ׳ם צווייטען לאנד, מחמת זייער לאָגיק איז איצט דערטרונקען אין דעם גרונדלאָזען ים פון זייערע געפיהלען און די פארבינדונגען צווישען די דאָזיגע ימים זענען איבערגעריסען געוואָרען.

אמת, אז פיל האָבען פאראויסגעזאָגט א סאָציאלען איבערקער, ווען מען האָט זיך אָבער ווען עס איז גע'חלומ'ט, אז די ערשטע און שטארקסטע סמנים פון אזא איבערקער אין דער וועלט וועלען זיך באווייזען אין אזא אינדוסטריעל צוריקגעשטאנענעם לאנד ווי רוסלאנד? ווער האָט עס געקאָנט איינפאלען, אז דאָס לאנד, וואָס האָט זיך אזוי ווייניג פארהעלטניסמעסיג אויסגעצייכענט אויף דעם געביט פון ציוויליזאציע, וועט זיין דאָס לאנד, וואָס וועט געבען דער גאנצער וועלט די שטארקסטע און אָריגינעלסטע לעקציע אין דער סאָציאלער עטיק?

ווער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלען, אז א לאנד מיט אזא רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע ווי פראנקרייך וועט שפּילען אין דעם איצטיגען קריזיס די רעאַקציאָנערסטע ראָל אין דער וועלט?

דאָס איז אלץ דערפאר, וואָס דער געפיהל־שטראָם האָט פארפלייצט די לאָגיק, און דאָס אָביעקטיווע, דאָס וואָס גיט פאר פארשידענע מענשען אין פארשידענע צייטען און לענדער, איז באזיגט געוואָרען פון דעם סוביעקטיוועז, פון דעם, וואָס איז איין און איינציג אין זיין ערשיינונג, און גילט דעריבער נאָר פאר איין מענשען, פאר איין צייט און פאר איין לאנד.

אין דעם ליכט פון דער דאָזיגער אויפגאבע וועלען מיר אריבערגעהן צו א קורצער עקספּאָזיציע פון בערגסאָנ'ס וועלטאנשויאונג.

זעהר אינטערעסאנט, הגם ניט זעהר ניי, אין בערגסאָנ'ס סיסטעם איז דער סוביעקטיוויזם. בערגסאָן דענקט, אז קיין זאך וועט אזוי ניט העלפען דעם מענשען צו דערקלערען די וועלט, אין וועלכער ער איז איינגעשלאָסען ווי א רינגעל אין א קייט, ווי דאָס וואָס דער מענש וועט זיך פארטיפען אין זיין אייגענער נשמה, זיך צוהערען צום פולס פון זיין אייגענעם גייסט און שענקען די גרעסטע אויפמערקזאמקייט צו די אָנשטרענגונגען און פעהיגקייטען, צו די פארלאנגען און באשטרעבונגען פון זיין אייגענעם איך. אקוראט ווי דאָס רינגעל אין דער קייט, ווען עס וואָלט געקאָנט זיך א גריבעל טאָן אין זיין אייגענער וועזענטליכקייט וואָלט געקאָנט האָבען א באגריף וועגען דעם תוך און תמצית פון דער גאנצער קייט אזוי וואָלט אויך דער מענש, ווען ער זאָל זיך דערגריבלען ביז'ן גרונד פון זיין אייגענער נשמה, פון זיין אייגענעם מהות, געקאָנט באקומען א גאנץ גענויען באגריף וועגען דער נשמה און וועגען דעם מהות פון דעם גאנצען וועלטאל.

אָט אזא גריבלען זיך אין דער טיפעניש פון דער נשמה איז שטארקער פאר דער אינטענסיוועסטער לאָגיק, פאר דעם אָנגעשטרענגסטען דענקען, מחמת דאָס דענקען און די לאָגיק זענען נאָר א טייל פון דעם מענשליכען איך, ווערענד דאָס זעלבסט גריבלעריי פאָדערט דאָס אריינטאָן זיך פון דער גאנצער פערזענליכקייט. אין דעם דאָזיגען פּראָצעס באטייליגען זיך די חושים, די געפיהלען און דער ווילען אזוי גוט ווי דאָס דענקען.

און ווען דער מענש זאָל זיך צוגעוואוינען דורך אויסערגעוועהנליכען

צוואַנג צו אַרבייטען גייסטיג מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטקייט און גאַנצקייט פון זיין זעלבסט, וואָלט ער דערשפירט אין זיך מאָמענטענוויייז אַן איבערמענשליכע פעהיגקייט צו באַנעמען זאַכען און פּאַסירונגען. דאָס איז די פעהיגקייט פון דער אינטואיציע. וואָס וועגען איהר האָבען ביז איצט זעהר ווייניג מענשען געהאַט די מינדסטע אהנונג. דאָס וואָס האָט זיך ביז איצט ניט איינגעגעבען דעם שכל צו באַנעמען און צו דערגרייכען, דאָס וואָלט זיך איינגעגעבען דער אינטואיציע, וואָס איז אַ גייסטיגע צונויפשמעלצונג פון שכל, ווילען און געפיהלען. דער מענש דאַרף זיך נאָר אָנטאָן אַ כח ארויסצורופען אָט די דאָזיגע אינטואיציע פון די פאַרבאָרגענסטע ווינקלען פון זיין נשמה. מער פון אַלע מענשען דאַרף זיך וועגען דעם באַמיהען דער פילאָזאָף.

וואָלט דער גרויסער פילאָזאָף קאַנט געווען געמאַכט אַזאַ אָנשטרענגונג, וואָלט די אויפמערקזאַמקייט פון זיין באַוואוסטזיין צוגעצויגען געוואָרען צו דער קראַפט פון אינטואיציע, וואָס האָט געאַרבייט אין איהם אומבאַוואוסטערהייט, און וואָס איז בייגעשטאַנען איהם ביי יעדער גרויסער אַנטפּלעקונג וואָס ער האָט געמאַכט, שטודירענדיג דעם גאַנג פון קאָסמאָס — אין אַנדערע ווערטער, וואָלט קאַנט געווען געמערקט, אַז די לאָגיק איז נאָר אַ טייל פון דער אינטואיציע און אַז דאָס אינטואיטיווע דערקענטניש שטייגט איבער דאָס לאָגישע דערקענטניש, און וואָלט קאַנט געוועזן זיך פאַרטיפט אין דער אינטואיטיווער דערקענטעניש, ווי ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער לאָגישער, וואָלט פאַר איהם שוין ניט געקענט מער עקזיסטירען די „דינג אַן זיך". פאַר אים וואָלט שוין מער ניט עקזיסטירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס פאַר דעם מענשען איז אוממעגליך תופס צו זיין, עפּעס אַזעלכעס וואוהין דעם מענשענ'ס גייסט קאָן ניט אריינדרינגען. ווארים דער מענש איז דאָך מאָמענטענווייז אַן א י ב ע ר - מ ע נ ש און מיט זיין איבערמענשליכען גייסט קאָן ער דאָך אודאי אריינדרינגען אין דעם תוך פון אַלץ. „די אינטואיציע איז אַן אָנשטרענגונג איבערצושטייגען די מענשליכע באַגרענצונג און באַדינגטהייט". און אויב דער שכל קאָן ניט אריינדרינגען אין דער זאַך ווי זי איז, קאָן די אינטואיציע יאָ.

אריינדרינגענדיג מיט דער הילף פון דער אינטואיציע אינ'ם הארץ פון דעם קאָסמאָס, האָט זיך בערגסאָן אָנגעשטויסען אויף עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועגען דעם האָט קיין פילאָזאָף ביז בערגסאָן קיין שום אַנונג ניט געהאַט. ער האָט זיך אָנגעשטויסען אויף דער ד ו י ע ר פון דער רעאַליטעט.

די דויער איז שוין ניט נאָר ווי די אינטואיציע אַן אינטערעסאַנטער באַגריף, נאָר אויך ווי מיר האָבען שוין געזאָגט אַ שפּאָגעל נייער אין דער וועלט פון דענקען. און ווי יעדער אמת אָריגינעלער געדאַנק ברייגנט אריין אויך דער דאָזיגער נייער געדאַנק אַ גאַנצען איבערקער אין דער פילאָזאָפישער און וויסענשאַפטליכער וועלט.

פרייש איז נאָך אין אונזער זכרון די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס דער

עוואָלוציאָנס באגריף האָט ארויסגערופען אין אלע צווייגען פון קולטור, ווי אויך אין דעם סאָציאַלען לעבען. דער באגריף, אז אלץ אין דער וועלט, פון דעם זעמדעלע אויפ'ן ברעג פון ים ביז די שטערען אין מיטען פון הימעל, פון דער קוים וואָס זי רירט זיך אמעקא, ביז דעם אומרוה ענליכען מענשען — האלט אויף קיין איין רגע ניט אָן זיין פאָרם, נאָר איז אונטערוואָרפען אן אומאויפהערליכען פראָצעס פון ענדערונג און אומ־בייטונג, — אָט דער דאָזיגער באגריף האָט געגעבען א נייעם שטויס צו אלע פאָרשונגען און אונטערזוכונגען צו אלע האנדלונגען און באנעמונ־גען. ער האָט געצוואונגען די מאָראל און די רעליגיע, די פילאָזאָפיע און די וויסענשאפט צו רעווידירען זייערע גרונטלאגען.

נאָך איידער מיר זענען געקומען צו זיך פון דער דאָזיגער רעוואָלו־ציע, זענען מיר שוין פון אן אנדערער געטראָפען געוואָרען, דאָסמאָל ווערט די רעוואָלוציע ארויסגערופען דורך דעם, וואָס דער עוואָלוציאָנס באגריף גופא ווערט רעוואָלוציאָניזירט.

ניט נאָר, זאָגט אונז בערגסאָן, בייט זיך די וועלט נאָר זי שאפט זיך. ניט נאָר ענדערען זיך די פאָרמען און די געשטאלטען אין דער וועלט, נאָר עס ווערען געשאפען נייע אינהאלטען נייע ווירקליכקייטען יעדע רגע, יעדען מאָמענט. צ י י ט, אין דעם אמת'ן זין פון וואָרט, איז אידענטיש מיט שאפונג. און אָט דער דאָזיגער אמת'ער „קאָנקרע־טער" צייט האָט בערגסאָן א נאָמען געגעבען דויער.

דויער, דאָס איז „ערפינדונג, די שאפונג פון נייע פאָרמען, דאָס באַ־שטענדיגע ווערען פון דאָס אבסאָלוטע".

דער אוניווערז דויערט, און דאָס מיינט, אז „זי איז ניט געמאכט, נאָר זי ווערט געמאכט אומאויפהערליך. זי וואקסט, גאָר אָהן א שיעור, אפשר, דורך דעם חיבור פון נייע וועלטען". בערגסאָן מאָלט זיך די רע־אליטעט פון דער וועלט אלס א צענטער, וואָס פון איהם שיסען ארויס נייע וועלטען, ווי ראקעטען פון א פייערווערק שפּיל.

בערגסאָן שטעלט אלזאָ אוועק אויף דעם אָרט פון אנטוויקלונג, שאַ־פונג, אויף דעם אָרט פון עוואָלוציע, קרעאטיווע עוואָלוציע.

אָנשטאָט צו זאָגען ווי קהלת, אז „דאָס וואָס איז געווען איז דאָס־זעלבע וואָס וועט זיין, און דאָס וואָס איז געטאָן געוואָרען איז דאָסזעלבע וואָס וועט געטאָן ווערען און ס'איז גאָר קיין נייעס ניטאָ אונטער דער־זון" — זאָגט אונז בערגסאָן, אז דאָס וואָס וועט זיין מוז זיין אינגאנצען אנדערש איידער דאָס וואָס איז געווען, און דאָס וואָס וועט געטאָן ווערען מוז געטאָן ווערען אנדערש איידער דאָס וואָס איז געטאָן געוואָרען. און נייעס אונטער דער זון קומט פאָר אָהן אן אויפהער.

און נאָך מער, דאָס, וואָס וועט זיין, דאָס, וואָס וועט געטאָן ווערען, דאָס נייע וואָס וועט פאָרקומען איז פון קיין זאך און פון קיינעם, אפילו פון גאָט אליין פון פריער ניט באשטימט. דאָס, וואָס געהט ערשט זיין איז ניט קיין פראָדוקט אָדער פועל יוצא פון פריערדיגע סיבות אָדער

באדינגונגען, סע איז ניט קיין בליהונג פון ערגעץ וואו פארבאהאלטענע קערענדלעך, סע איז ניט קיין ווירקונג פון פּאָטענציאַנעלע כחות, נאָר סע איז א ספּאָנטאנע שאפונג. די צוקונפט איז דעריבער ניט אָפּהענגיג פון דער פארגאנגענהייט, און זי איז דעריבער פון קיינעם ניט באשטימט פאָרױס און קאָן ניט פאָראויסגעזאָגט ווערען. און דערין באשטעהט די גרויסע נפקא מינה צווישען קרעאטיווער עוואָלוציע און סתם עוואָלוציע.

לויט דעם באגריף פון עוואָלוציע קומט די צוקונפט ארויס פון דער פארגאנגענהייט, מחמת ביידע, אי די צוקונפט, אי די פארגאנגענהייט, זענען א טייל פון דער אייביגקייט, וואָס איז אומפארענדערליך. און דארום באציהען זיך אלע ענדערונגען פון דער וועלט נאָר אויף די פאָרמען פון דער רעאליטעט און ניט אויף דעם אינהאלט, אויף דער שאָלעכץ און ניט אויף דעם קערענדעל. די געזעצען, למשל, וואָס רעגולירען אלע ענדערונגען זענען אייביג און אומפארענדערליך.

לויט דעם באגריף פון קרעאטיווער עוואָלוציע איז ניטאָ קיין אייביגקייט, ניטאָ קיין אָפּגעשלאָסענהייט. די צוקונפט אנטהאלט אין זיך דעם עבר, זי אליין אָבער איז אין קיין זאך ניט איינגעשלאָסען און איז פון קיין זאך ניט קיין טייל. זי שאפט זיך ספּאָנטאַן. דאָס געשאפענע ווערט אויפגעכאפּט פון אונזער לאָגיק און אונטערוואָרפען זיך אונטער געזעצען. דער שאפונגס-פּראָצעס גופא אָבער ווייסט ניט פון קיין לאָגיק און פון קיין געזעצען. אונזער לאָגיק העלפט אונז נאָר זיך צו אָריענטירען און צו רעאגירען אויף דער היים-פלאַמענדיגער לאווע, וואָס שיסט ארויס פון דעם אוניווערסאלען ווערזוּם — דער רעאליטעט פון דער וועלט. ווילען מיר אָבער אונז דערנעהענטערען צו דער רעאליטעט פון דער וועלט, אונז באהעפטען מיט דער שאפונג, מוזען מיר אונז צוריקציהען פון דער לאָגיק און זיך גריבלען אזוי לאנג אין אונזערע געפיהלען, אָנשטרענגען אזוי שטארק אונזער ווילען, ביז מיר קומען צו צו דער אינטואיציע, וואו עס טרעפען זיך צונויף אלע אויסדרוקען פון אונזער גייסט, די לאָגיק בתוכם. די אינטואיציע קאָן אָבער נאָר דערשפּירען דעם שאפונגס-פּראָצעס, זי קאָן ניט פאָראויסזאָגען ווי אזוי און וואָס עס וועט געשאפען ווערען, מחמת פרייוויליגקייט און אומבאשטימטהייט זענען די גרונט-איינענשאפטען פון די שאפונגס-כחות.

מיט יעדען מאָל וואָס עס ווערט עפּעס נייעס געשאפען, עפּעס נייעס געטאָן, ענדערט זיך דאָס גאנצע אויסזעהן פון דער וועלט'ס רעאליטעט. דאָסזעלבע קומט פאָר מיט דעם מענשען, וואָס איז א טייל פון דער רעאליטעט. אויך זיינע האנדלונגען און זיינע טאטען קאָנען ניט פאָראויסגעזאָגט ווערען, וואָרים מיט יעדער טאט זיינער שאפט ער זיך אין געוויסען א זין פון דאָס ניי. „סע איז ריכטיג, זאָגט בערגסאָן, צו זאָגען, אז מיר זענען אָפּהענגיג פון דעם, וואָס מיר זענען. סע איז אָבער אויך נויטיג צוצוגעבען, אז מיר זענען אין א גרויסען גראד דאָס, וואָס מיר טוען, און אז מיר שאפען זיך אליין אומאויפהערליך".

אזוי, אז פון א בערגסאָנישען שטאנדפונקט דארפען מיר ניט נתפעל ווערען דערפון, וואָס אין די איצטיגע געשעהענישען האָבען די געפיהלען מנצח געווען די לאָגיק. און מיר דארפען אונז ניט וואונדערען, וואָס די צוקונפט איז ווי אָפּגעשניטען געוואָרען פון דער פארגאנגענהייט. על פּי בערגסאָנ׳ס מעטאפיזיק קומט אויס, אז עס דארף אזוי זיין. עס איז אלע מאָל אזוי געווען און עס וועט אזוי זיין. ניט מער וואָס ביז איצט האָבען דאָס מענשען ניט איינגעזעהן, איצט אָבער איז דער קריזיס אזוי שטארק און גראנדיעז, אז זיי וועלען דאָס מוזען איינזעהן.

געפינען מיר אין בערגסאָנ׳ס מעטאפיזיק וועלכע עס איז טרייסט פאר די ליידען און שמערצען פאר דעם שרעק און יאוש, וואָס דער דאָזינער קריזיס האָט געבראכט? גיט זי אונז וואָס׳ארא גאראנטי, וועלכע עס איז נ ע ג א ט י ו ו ע פּראָוויסזאָגונג, אז אין דער צוקונפט וועלען שוין אזעלכע צעשטערענישען און פארוויסטונגען ניט פארקומען? ניין! א צוקונפט, וואָס איז לגמרי ניט פרעדעטערמינירט, וואָס איז גענצליך פריי קאָן ניט גאראנטירט ווערען. דאָס איז אָבער ריכטיג נאָר בנוגע דער נאָהענטער צוקונפט. וואָס אנבאלאנגט אָבער דער ווייטער צוקונפט, גיט אונז יאָ בערגסאָנ׳ס פילאָזאָפיע א גאראנטי, אז עס מוז סוף כל סוף געהן צום בעסערען צום העכערען צום שענערען און גראנדיעזערען.

בערגסאָנ׳ס באשאפענדע עוואָלוציע איז אידענטיש מיט פּראָגרעס אויף אזוי פיל אויף וויפיל ער זעהט אין יעדער אָנשטרענגונג פון דער וועלט׳ס טרייבקראפט א פארזוך מנצח צו זיין אלץ וואָס שטעהט אין וועג דעם שאפענדען גייסט. אלזאָ, וואָס איז לויט איהר דעפיניציע אידענטיש מיט דעם וועלט גייסט, וועלכער אין זיין קאמף מיט דער מאטעריע מוז ארויס דער זיגער. אָט דאָס גאראנטירט אונז, אז מיר זענען אויף דעם וועג, וואָס פירט צו פּראָגרעס. דאָס איז די טרייסט, וואָס מיר קאָנען געפינען אין בערגסאָנ׳ס וועלטאָנשויאונג פאר דעם איצטיגען וועלט קריזיס און אנדערע קריזיסען, אויב אזעלכע זאָלען חלילה קומען.

סעפּטעמבער, 1919, שיקאגאָ.

## דר. ח. זשיטלאָווסקי.

### אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען צו ה׳ יעקב מילך׳ס אַרטיקעל: „רעאַקציאָנערע שטרעמונגען אין אונזער היגען לעבען“.*)

יעדער איינער, וואָס איז באַקאַנט מיט אונזער היגען אידישען לעבען, מוז מודה זיין, אַז רעאַקציאָנערע עלעמענטען און רעאַקציאָנערע שטרעמונגען האָבען זיך זעהר באַדייטענד געשטאַרקט אין אים — אין דעם לעבען, מיין איך, — דער עיקר אין גאָר דער לעצטער צייט. די אויפגאַבע אויסצוגעפינען די סימפּטאָמען פון די רעאַקציאָנערע ערשיינונגען און אויפצודעקען די אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט צו זיי — איז דעריבער זעהר א וויכטיגע, און איטליכער פּאַרזון, מיט וויפיל עס איז צו העלפען דער דורכפירונג פון יענער אויפגאַבע, מוז פריידיג באַגריסט ווערען פון יעדען איינעם, וואָס איז פּאַראינטערעסירט אין דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון אונזער פאָלק.

פאַר אַזאַ ערשטען פּאַרזוך באַגריס איך ה׳ מילך׳ס אַרטיקעל: „רעאַקציאָנערע שטרעמונגען אין אונזער היגען לעבען“, וואָס איז ערשינען אין דעם פאָריגען באַנד „שריפטען“.

ליידער, אָבער, קאָן איך ניט איינשטימען מיט זיין טעאָרעטישען בליק אויף דעם מהות פון פּראָגרעס און רעאַקציע, אויך קומט מיר אויס פאַנאַנדערצוגעהן זיך מיט איהם אין אַ סך וויכטיגע פּרטים סיי בנוגע דער פראַגע װ ו אָ ס איז רעאַקציאָנער אין אונזער היגען לעבען, סיי בנוגע די אורזאַכען, וואָס האָבען דאָ צייטיג געמאַכט די רעאַקציאָנערע באַשטרעבונגען. און דערצו זיינען מיר איניגע זאַכען קשה אין ה׳ מילך׳ס כאַראַקטעריסטיק פון די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע פּאָרבאַדינגונגען, וואָס האָבען געהאָלפען דער פאַרשטאַרקונג פון דעם רעאַקציאָנערען גייסט. וועגען אָט די אַלע פונקטען וואָלט זיך מיר געוואָלט אַ ביסעל דורכרעדען.

איך וועל אָנהויבען מיט ה׳ מילך׳ס טעאָרעטישער דעפיניציע פון דעם, וואַס אַזוינס איז פּראָגרעס.

„אונטער דעם זאַץ, פּראָגרעסיווע טעטיגקייט“, שרייבט ער, „פאַרשטעה איך פאַר אַלעמען אַ באַוועגונג, אַן עפּענטליכע האַנדלונג, אַ צוזאַמענפיהרונג פון סאָציאַלע כוחות, וואָס פיהרט צו אַ בעסערע(ר) סאָציאַלע(ר) פאַרשטענדיגונג“.

„פאַר אַלעמען“ איז אָט דער זאַץ ניט קיין באַצייכנונג פון אַ פּ ר אָ ג ר ע ס י װ ע ר טעטיגקייט, נאָר פון י ע ד ע ר סאָציאַלער טעטיגקייט: פון אַ פּראָגרעסיווער אַזוי גוט, ווי פון אַ רעאַקציאָנערער. ווען קאָלטשאַק באַגעהט אַן „עפּענטליכע האַנדלונג“, כדי צונויפצופיהרען אַלע סאַציאַלע כוחות פון די באַזיצענדע קלאַסען אין רוסלאַנד און באַשאַפען

---

*) שריפטען, זומער, 1919.

צווישען זיי „א בעסערע סאציאלע פארשטענדיגונג“ לטובת דער ווידערערשטעלונג פון מאָנארכיזם און קאפיטאליזם אין רוסלאנד, הייסט דאָס נאָך ניט, אז זיין „עפענטליכע האנדלונג“ איז א „פראָגרעסיווע טעטיגקייט“.

ניט פיעל קלאָרער ווערט דער ענין פון פראָגרעס דורך דעם צווייטען שריט, וועלכען ה׳ מילך מאכט אין זיין דעפיניציע.

„קוים רעפלעקטירט דיזע האנדלונג א געזעלשאפטליכעס פארלאנגען, א שטרעבען צו ערפילען אן אלגעמיינע באדארפניש, סיי א מאטעריעלע, סיי א גייסטיגע באדארפניש, איז דאָס א פראגרעסיווע טעטיגקייט“.

לויט אָט דער דעפיניציע קומט אויס, אז י ע ד ע באפרידיגונג פון אן אלגעמיינע באדארפניש, אין ו ו אָ ס זי זאָל ניט באשטעהן, איז שוין א פראגרעסיווע ערשיינונג. ה׳ מילך קאן זיך, משמעות, ניט פארשטעלען, אז א געזעלשאפטליכער פארלאנג און אן אלגעמיינע באדארפניש זאָלען זיין רעאקציאָנער אין זייער תוך. אזוי צ. ב. אז אויב די פוילישע געזעלשאפט האָט דעם ברענענדסטען פארלאנג און די אלגעמיינע באדארפניש פטור צו ווערען פון אלע אידען אין פוילען, מוז — לויט ה׳ מילך׳ס דעפיניציע — יעדע האנדלונג, וואָס רעפלעקטירט דעם דאָזיגען געזעלשאפטליכען פארלאנג, דורכאויס זיין „א פראגרעסיווע טעטיגקייט“.

פיהלענדיג, הפנים, אז אויך דער צווייטער שריט זיינער פיהרט אונז נאָך ניט אריין אין דעם ענין פון פראָגרעס, מאכט ער דעם דריטען און לעצטען שריט.

„מיט אנדערע ווערטער“, שפינט ער ווייטער אוים זיין געדאנק: „די טעטיגקייט פון דעם יחיד צו פארבעסערען די סאציאלע לאגע פון דעם כלל; דאָס שטרעבען פון דעם יחיד צו דערווייטערען דעם בליק, אויסצופיינערען דעם געשמאק, צו פאראיידלען די געפיהלען, צו פארטיפען די אָנזיכט, צו פארשטארקערען די מאָראלישע באגריפען, צו באפעסטיגען די אומאָפהענגיגקייט און זעלבסטווירדע, צו פארמערען די נאטירליכע און געזעצמעסיגע באדארפנישען און פארלאנגען, צו פארלייכטערען די אויפגאבע פון די(דער) מאטעריעלע(ר) עקזיסטענץ פון דעם מענשען — דיזע טעטיגקייט... איז פראָגרעסיווע טעטיגקייט, דער רעזולטאט — דאָס איז פראָגרעס“.

מיר האָבען נאָר וואס געזאָגט, דאָס איז א דריטער שריט אין ה׳ מילך׳ס דעפיניציע פון פראגרעס. ריכטיגער וואלט געווען צו זאָגען: דאָס איז א ג ע ו ו א ל ט י ג ע ר ש פ ר ו נ ג. ווייל די ערשטע צוויי דעפיניציעס האָבען ניט געהאט אין זיך ק י י ן ש מ ץ פון א באשטימונג, וואָס פראגרעס איז, בעת די „אנדערע ווערטער“ האָבען אין זיך גאנץ זיכער אייניגע עלעמענטען, וואָס מוזען צוגערעכענט ווערען צו דעם ענין פון פראָגרעס. הייסט עס, אז דאָ גיט ער אונז ניט דעמזעלביגען געדאנק, (מעהר ניט „מיט אנדערע ווערטער“), נאָר ער גיט אונז א גאנץ נייעם געדאנק, ער רעדט צו אונז גאנץ נייע דיבורים.

עס קאָן דאָ ליידער ניט זיין מיין אויפגאבע, צו אנאליזירען ה׳ מילך׳ס פארמעל פאר דעם תוך פון פראגרעס. איך האָב וועגען דעם ענין געשריבען

אין אנאנדער אַרט באריכות. און אזוי ווי ה' מילך גיט אונז זיין פאָרמעל אָהן א ברעקעל באגרינדונג און באוויז, וועל איך מיר אויך ערלויבען אוועקצושטעלען אנטגעגען איהר דעם רעזולטאט פון מיינע אונטערזוכונגען אין דעם פּרט, אויך אָהן א ברעקעל באגרינדונג און באוויז.

פּראָגרעס, רעכען איך, איז ניט יעדע באוועגונג, וואָס פירט „צו א בעסערער סאָציאַלער פארשטענדיגונג", ניט יעדע באוועגונג, וואָס שטאמט פון אן אַלגעמיינעם פארלאנג און באדאַרף, נאָר א ז א באוועגונג, וואָס האָט צו איהר ציל די פארמערונג און פארשטארקונג פון פ ע ר ז ע נ ל י כ ע פ ר י י ה י י ט, ק ו ל ט ו ר ע ל ע ר י י כ ־ ק י י ט, ס אָ צ י א ל ע ג ל י י כ ה י י ט (אָדער „גערעכטיגקייט") א ו ן א י נ ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ס אָ ל י ד א ר י ט ע ט.

געוויס איז יעדער פּראָגרעס א רעזולטאט פון אזא באוועגונג; אָבער ניט יעדער רעזולטאט פון א פּראָגרעסיווער באוועגונג איז פּראָגרעס. ניט זעלטען אין דער געשיכטע קומט פון דער פּראָגרעסיווער באוועגונג ארויס — א בוידים. (זעה דאָס קריסטענטום!)

מיר מוזען דאָ לאָזען אָן א זייט ה' מילך'ס ווייטערדיגע טעאָרעטישע אויספירונגען וועגען דעם תוך פון פּראָגרעס און זיינע סימנים: דאָס וואָלט אונז אוועקגעפירט אין צו ווייטע דרכים. בדרך כּלל מוז איך זאָגען, אז קיין איין געדאנק זיינער איז ניט פריי פון א געוויסער אויבערפלאַכיגקייט און מטושטש'קייט. און אקוראט, ווי ער גיט אונז דעפיניציעס פון פּראָגרעס, וואָס קאָנען אריינגעמען אין זיך די ערגסטע רעאקציאָנערסטע ערשיינונגען, אזוי ווייזט ער אונז אויך אָן אויף אזעלכע סימנים פון רעאקציע, וואָס מוזען ניט דוקא זיין רעאקציאָנער, וואָס קאָנען, אונטער געוויסע אומשטאנדען, זיין דוקא די סימפּטאָמען פון אן אויפקומענדער פּראָגרעסיווער כוואליע אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

אזוי צעהלט ער אינדיווידואליזם, פּעסימיזם און מיסטיציזם צו די אייביגע סמנים פון רעאקציע, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם, א י ן ו ו אָ ס איינער זעהט דעם תוך פון זיין אינדיווידואליטעט, ו ו אָ ס עס רופט ארויס ביי איהם דעם יאוש און די ביטערע זאָרג, ו ו ע ל כ ע פּראַקטישע לעבענס־לאָזונגען איינער שעפּט פון יענער מיסטישער איבערנאַטירליכער וועלט, מיט וועלכער ער גלויבט צו שטעהן אין א פּערזענליכען קאָנטאקט.

ה' מילך האָט, ווייזט אויס, פארגעסען, אז די פּראָגרעסיווסטע עפּאָכע אין דער מענשהייט, די אזוי אָנגערופענע רענעסאַנס־פּעריאָדע, וואָס האָט געמאכט א סוף צו דער מיטעלאלטערליכער פארגליווערונג, — א פּעריאָדע, וואָס איהר גייסטיגער אימפּעט האָט זיך נאָך ניט אויסגעלעבט עד־היום הזה, — האָט זיך אויסגעצייכענט דורך דעם מעכטיגען פּאנאָראַמע פון אינדיווידואליזם און מיסטיציזם.

וועגען פּעסימיזם און זיין ראָל אין פּראָגרעס און רעאקציע ווילען מיר דאָ ניט רעדען, ווייל דער ענין נויטיגט זיך אין צו לאנגע דערקלערונגען. איינס וויל איך נאָר באמערקען דאָ. ה' מילך מאכט א טעות,

ווען ער מיינט, אז „די סימנים, לויט וועלכע מען קאָן דערקענען א פּראָ־גרעסיווע באוועגונג, איהרע סימפּטאָמען, זענען האָפנונג און גלויבען אין א בעסערע צוקונפט פאר דעם כלל. דער אָפּטימיזם קאָן ניט זיין קיין סימן מובהק פאר פּראָגרעסיווקייט, ווייל ער געהט אויך האנט אין האנט מיט א קלאָר אויסגעשפּראָכענער טריאומפירענדער און יובעלנדער רע־אקציע. און אויף אזויפיל, גלויב איך, איז ה׳ מילך באהאווענט אין סאָ־ציאל־פּסיכאָלאָגיע, ער זאָל וויסען, אז עס זענען דאָ הונדערטער און טויזענטער רעאקציאָנערען, וואָס גלויבען באמונה שלימה, אז זייערע אי־דעאלען זענען א גליק פאר דער מענשהייט, און אז אויב זייערע רעאק־ציאָנערע אידעאלען זאָלען זיגען, וועט געזיכערט ווערען „א בעסערע צו־קונפט פאר׳ן כלל“.

מיר געהען איצטער איבער צו די קאָנקרעטע רעאקציאָנערע שטרע־מונגען אין אונזער לעבען, וועלכע ה׳ מילך געפינט אוים מיט דער הילף פון זיינע טעאָרעטישע בנינים.

נאָכדעם, ווי ה׳ מילך האָט אונז געשילדערט פארשידענע געזעל־שאפטליכע גרופּען, וואָס האָבען זיך געבילדעט ביי אונז דאָ אין לאנד, און די פארשידענע סאָציאל־פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען, וואָס זיי האָבען דורכגעמאכט, באווייזט ער אונז, ווי זיי אלע האָבען זיך צונויפ־געגאָסען אין איין גרויסער רעאקציאָנערער באוועגונג.

די באוועגונג איז די צ י ו נ י ס ט י ש ע „מיט דריי פארשידענע געשטאלטען. א נייער מין דריי־איינינקייט, א אידישע דריי־איינינקייט. מיר האָבען די אלגעמיינע ציוניסטען, די מזרחי ציוניסטען און די פּועלי־ציון... א ל ע צ ו ז א מ ע ן ש ט ע ל ע ן פ א ר א י י ן ג ר ו י־ ס ע ר ע א ק צ י אָ נ ע ר ע ב א ו ו ע ג ו נ ג“. (אונטערשטראָכען פון מיר, זש.)

מילא, די מזרחיים וועלען מיר ארויסלאָזען פון קאָן: וועגען דעם רעאקציאָנערען כאראקטער פון אָט דער באוועגונג איז ביי מיר קיין ברע־קעל ספק ניטאָ, און דעריבער וועל איך מיך ניט אמפּערען מיט ה׳ מילך וועגען יענער פּראָגרעס־טעאָריע, וואָס אויף איהר סמך מוזען מיר דער־קלערען זיי פאר רעאקציאָנער.

מיט די אלגעמיינע ציוניסטען און די פּועלי־ציון שטעהט אָבער דער ענין ניט אזוי פּשוט, ווי דאָס דוכט זיך ה׳ מילכ׳ען.

קודם, די אלגעמיינע ציוניסטען. לאָמיר אויף זיי אָנווענדען יענע פאָרמעל און סימנים פון פּראָגרעס, וועלכע ה׳ מילך גיט אונז, ווי א קרי־טעריום, אויף אָפּצושאצען געזעלשאפטליכע טעטיגקייטען און באוועגונ־גען.

סימן נומער איינס באשטעהט, ווי מיר האָבען געזעהן, אין דער „טעטיגקייט, צו פארבעסערען די סאָציאלע לאגע פון דעם כלל“.

איך גלויב, אז די אלגעמיינע ציוניסטען קאָנען גאנץ גוט נאָכקומען נאָך אָט דער פאָדערונג.

דער וואָס איז באקאנט מיט דער געשיכטע און דער טעאָריע פון דעם ציוניזם וויים, וואָס פאר א גרויסע ראָל אין זיי שפּילט די קריטיק

פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע צושטאַנדען, וואָס הערשען ביי די איי־דישע מאַסען אין די גלות־לענדער, און וואָס טרייבען זיי צו אַ שטענדיגען ארויסוואַנדערען פון די אַנגעזעסענע פּלעצער. די ציוניסטען דערקלע־רען יענע צושטאַנדען דורך ריין נאַציאָנאַלע מאָמענטען, הויפּטזעכליך דורך דעם אַנטיסעמיטיזם און דעם לעבען אין גלות. ה׳ מילך האָט אָבער ערגעץ ניט ארויפגעלעגט קיין חרם אויף דער אָדער יענער טעאָריע וועגען דער אידישער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ווירקליכקייט. און ווי פּאַלש אָדער איינזייטיג זייערע דערקלערונגען זאָלען ניט זיין — זייער שטרע־בען איז אַפּצושאַפען אין אַן אייגענעם לאַנד יענע אַבנאָרמאַלע סאָציאַלע לאַגע, וואָס טרייבט אידישע מאַסען צו עמיגראַציע: ד. ה. אז איינס פון די צילען פון זייער טעטיגקייט איז „פאַרבעסערען די סאָציאַלע לאַגע פון דעם כלל״ .

ס׳איז אמת, אז אונטער „דעם כלל״ פאַרשטעהען די אַלגעמיינע ציוניסטען ניט דעם „כלל־מענשהייט״, נאָר דעם „כלל־ישראל״. אָבער אַזאַ תנאי האָט ה׳ מילך ניט אויסגענומען, אז יעדע פּראָגרעסיווע טע־טיגקייט זאָל האָבען אין אויג ד י ר ע ק ט די פאַרבעסערונג פון דער סאָציאַלער לאַגע פון דער גאַנצער מענשהייט מ י ט א י י ן ק ל א פּ. און עס וואָלט געווען לעכערליך אַזאַ תנאי אויסצונעמען. קיין פּראָגרע־סיווע פּאַרטיי פון אַ פּאָלק, אפילו ניט די סאָציאַליסטישע, ארבייט ניט ד י ר ע ק ט פאַר דער גאַנצער מענשהייט. זי טוט דאָס א י נ ד י־ ר ע ק ט דורך דער פאַרבעסערונג פון דער סאָציאַלער לאַגע פון איהר אייגענעם פּאָלק, — פּונקט ווי דאָס שטרעבען צו טאָן די אַלגעמיינע ציוניסטען פאַר זייער (און ה׳ מילך׳ס) פּאָלק: פאַר דעם „כלל־ישראל״.

אי — זיי זענען ניט קיין סאָציאַליסטען? — אָבער ה׳ מילך האָט אין זיין אַרטיקעל ערגעץ־ניט ארויסגעשטעלט די פאָדערונג פון סאָציאַ־ליזם, ווי אַ נויטווענדיגען סימן פאַר יעדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

סימן נומער צוויי: „דאָס שטרעבען צו דערווייטערען דעם בליק״. געוויס טוען דאָס די אַלגעמיינע ציוניסטען אין זעהר אַ גרויסער מאָס! זיי האָבען די ערשטע דערווייטערט אונזער בליק אויף דעם מהות פון דעם אידישען פּראָבלעם, ווען זיי האָבען געקעמפט אַנטקעגען דער ע נ ג ק י י ט פון דער ביז צו זייער אויפטרעטען געהערשטער אָנשוי־אונג, אז דער איד, ווי אַ קינד פון אַ געוויסער נאַציאָן, איז ניט מער ווי אַ „סתם־מענש״ און אז דעריבער דאַרפען אונזערע פאָדערונגען און באַ־שטרעבונגען אין דער אידישער פראַגע ניט געהן ווייטער, איידער ביר־גערליכע גלייכבאַרעכטיגונג. זיי האָבען אונז באַוויזען, אז דאָס אידישע פּאָלק איז ניט נאָר אַ סכום „סתם־מענשען״, נאָר אַן איינגענאַרטיג פּאָלק, מיט אַן אייגענער געשיכטע, אַן אייגענאַרטיגער קולטור, אַן אייגענע שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון דעם מענשליכען לעבען. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלע באַרייכערונג און „דערווייטערונג פון אונזער בליק״, וואָס האָט דערווייטערט אונזערע פאָדערונגען און שטרעבונגען ביז צו דעם אידעאַל פון אַן אייגענעם לאַנד.

סימן נומער דריי: „אויסצופיינערען דעם געשמאַק״. אין

אז די אַלגעמיינע ציוניסטען האָבען זעהר פיל אויפגעטאָן אין דעם פּרט, ווען זיי האָבען פאַר אונז פאַנאַנדערגעקייט דעם מאכל'דיגען טעם פון דעם אסימילאַטאָר, דעם טעלערלעקער ביי דער פרעמדער קולטור, דעם מאַן מיט די פאַרשטאָכענע אויגען, וואָס שפּייט אים אין פּנים, זאָגט ער: „מאָרגען פאַרשוווינדען אַלע פעלקער!" אָט די בריאה איז דאָך פאַר אונז אַמאָל געווען גאַנץ באַ'טעם'ט, און אויב איצטער שלאָגט אונז פון איר צו דער גאַל, קאָן מען דען אָפּלייקענען דעם גרויסען פאַרדינסט, וואָס דער ציוניזם בכלל האָט אין דעם געהאַט?

סימן נומער פיר: „צו פאַראיידעלען די געפיהלען". דער פּונקט קאָן געדעקט ווערען מיט דעם נאָר וואָס באַהאַנדעלטען סימן נומער דריי: אַן אויסגעפּיינערטער געשמאַק פירט אויך צו געוויסע פאַראיידעלטע גע־פיהלען. אָבער די ציוניסטען קאָנען נאָך אויפווייזען אויף זייער העבראַאיזם, ווי אויף א דירעקטע טעטיגקייט אויסצופּיינערען דעם אידען'ס שפּראַך־געשמאַק און צו פאַראיידעלען זיינע שפּראַך גע־פיהלען. איך בין ניט קיין העבראַאיסט און ווינש קיינעם ניט צו זיין א העבראַאיסט, אָבער אז דער העבראַאיזם האָט זיינע וואָרצלען אין א גע־וויסען עסטעטישען פאַרפיינערטען געשמאַק און אין געוויסע זעהר איי־דעלע ראָמאַנטישע געפיהלען, — דאָס קאָן קיין געגנער פונ'ם העבראַ־איזם ניט אָפּלייקענען. לפי עניית דעתי — און א סך מענשען דענקען און פיהלען אזוי ווי איך — קאָן אָט די עסטעטישע שפּראַך־באַדאַרפניש נאָך בעסער באַפרידיגט ווערען מיט א העכער אַנטוויקעלטען אידיש (דעם אידיש פון אונזערע „יונגע": אַן ערנסט־געמיינטער קאָמפּלי־מענט!) און די איידעלע געפיהלען פון דער עבר־ראָמאַנטיק קאָנען דער־הויבען ווערען צו נאָך א העכערער מדרגה דורך דער צוקונפט־ראָמאַנטיק פון אידיש. אָבער — ווען מיר פאַרגלייכען דעם מצב פון שפּראַך־געשמאַק און געפיהלען ביי די גרויסע מאַסען פון דעם פאָלק, איידער די אידעאַלען פון דעם העבראַאיזם און דעם אידישיזם דרינגען אין זיי אריין, מוזען מיר צוגעבען, אז אויך דער העבראַאיזם קאָן אויסהאַלטען יענעם עקזאַמען אויף פּראָגרעסיוויטעט, וועלכען ה' מילך פאַרלאַנגט פון די ציוניסטען אין די סימנים נומער צוויי און נומער דריי.

סימן נומער פינף: „צו פאַרטיפען די אָנזיכט" — אז, לאָמיר זאָגען, די נאַציאָנאַלע לאַגע פון אונזער פאָלק וועט קיינמאָל ניט ווערען נאָרמאַל און מענשליך, סיידען די גרעסטע מאַיאָריטעט פון דעם אידישען פאָלק וועט וואוינען אין אַן אייגענעם לאַנד.

סימן נומער זעקס: „צו פאַרשטאַרקערען די מאָראַלע באַגריפען". גאַנץ אין ערנסט מוזען מיר דאָ צוגעבען, אז די מאָראַלע באַגריפען פון יענע מ א ס ע ן, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער אַלגעמיין־ציוני־סטישער באַוועגונג, האָבען זיך באַדייטענד פאַרשטאַרקט. דער שרעקלי־כער עגאָאיזם, דאָס לעבען נאָר צוליב זיך און דער אייגענער קליינער פאַמיליע, וואָס האָט גענומען הערשען ביי די אידישע מאַסען אין דער בין־המששות־צייט צווישען דעם אָפּשטאַרבענדען חסידיזם און דעם אויפבליהענדען סאָציאַליזם, איז צו א גרויסען טייל געמילדערט גע־

וואָרעז דורך דעם ציוניזם, וואָס האָט פאר די פאָלקס־מאסען ווידער מעג־ליך געמאכט א לעבען צוליב א הויכען אידעאל און ברענגען קרבנות צו־ליב איהם.

סימן נומער זיבען: „צו באפעסטיגען די אומ־אָפּהענגיגקייט און זעלבסטווירדע!" — דאַרף מען נאָך פּירושים צו דעם פּונקט? איז דאָ אויף דער אידישער גאס אן אנדער פּארטיי, ביי וועמען אָט די שטרעבונג: „באפעסטיגען די אומאָפּהענגיגקייט און זעלבסטווירדע פון דעם אידישען פאָלק" זאָל האָ־בען ווען עס איז פארנומען אזא וויכטיגע, אזא צענטראלע פּאָ־זיציע, ווי אין דעם ציוניזם פון אלע זיינע געשטאלטונגען און ריכטונגען?

סימן נומער אכט: „צו פארמערען די נאטירליכע און געזעצמעסיגע באדארפנישען און פארלאנגען". איך האלט — און ה' מילך וועט מיר מודה זיין — אז וואוינען אין אן אייגענעם לאנד, וואו קיינער זאָל מיר ניט קאָנען שפּייען אין פּנים און אָפּהאקען די באָרד מיט א האלבער באק, אָדער צווינגען מיך צו טאָן דערנידעריגענדע ארבייטען, אָדער אויפוואר־פען מיר זיבען מאָל א טאָג, אז איך בין דאָ א פרעמדער און אן איבריגער, אָדער אין בעסטען פאל קוקען אויף מיר קרום און זיך גרויסהאלטען מיט דעם, וואָס מען איז טאָלעראנט צו מיר; אז וואוינען אין אן אייגענעם לאנד, וואָס גיט מיר די מעגליכקייט צו באפעסטיגען די אומאָפּהענגיגקייט און זעלבסטווירדע פון מיין אייגענעם פאָלק, זאָג איך, איז א דורכאויס נאטירליכע באדארפניש, א דורכאויס געזעצמעסיגער פארלאנג. האָבען מיר אידען געהאט אָט די נאטירליכע באדארפניש, אָט דעם געזעצ־מעסיגען פארלאנג, איידער דער ציוניזם איז געקומען? האָט ער דען ניט פארמערט אונזערע „נאטירליכע און געזעצמעסיגע באדארפנישען און פארלאנגען" מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגעצונדען אין אונז די בענק־שאפט צו אן אייגענער פרייער, זעלבסטשטענדיגער היים? און וואָס איז מכח דער נאטירליכער באדארפניש און דעם געזעצמעסיגען פארלאנג צו לעבען דירעקט פון דער נאטור, אויפהערען צו זיין א לופט־פאָלק, א שטאָט־און־שטעטעל־פאָלק, א דורכאויס מקח־וממכר־פאָלק? קאָן דען זיין א נאטירליכערע באדארפניש, איידער דער אומקער צו דער נאטור? קאָן ווער אָפּלייקענען, אז צו די באשטרעבונ־גען פון דעם ציוניזם געהערט אויך די פארמערונג פון אונזערע באדארפ־נישען מיט אָט דער נאטירליכסטער פון אלע נאטירליכע און געזעצ־מעסיגע באדארפנישען?

סימען נומער ניין, וואָס איז דער לעצטער. „צו פארלייכטערען די אויפגאבע פון דער מאטעריעלער עקזיסטענץ פון דעם מענשען". כדי א מענש זאָל קאָנען „פארלייכטערען די אויפגאבע פון זיין מאטעריעלער עקזיסטענץ" (וואָס אזוינס ה' מילך זאָל ניט מיינען מיט די ווערטער) מוז ער קודם־כל קאָנען זיין א באלאבאָס אויף זיין מאטעריעלער עקזי־סטענץ, און האָבען א דעה וועגען דעם, ווי אזוי זי צו פארלייכטער־רען. דאָס אייגענע איז אויך מיט א סכום פון מענשען, מיט א גאנצען פאָלק. א פאָלק, וואָס קאָן קיין דעה ניט זאָגען וועגען די באדינגונגען

פון זיין מאטריעלען לעבען, קאָן ניט פארלייכטערען זיין מאטעריעלע עק־זיסטענץ. כדי א פאָלק זאָל קאָנען ווערען א באלאבאָס אויף די באדינגונ־גען פון זיין מאטריעלען לעבען, דארף ער זיין א  מ א י אָ ר י ט ע ט אין דעם לאנד, אין וועלכען ער וואוינט, און האָבען די גזעצגעבערישע סואווערעניטעט אין זיינע הענט, לפחות, אויף אזוי פיל, אז ער זאָל קאָנען גזעצמעסיג דורכפירען זיין ווילען בנוגע די באדינגונגען פון זיין מאטע־ריעלער עקזיסטענץ. יעדע באוועגונג, וואָס האָט צום ציל, צו פארשאפען פאר דעם אידישען פאָלק א מעגליכקייט צו ווערען א מאיאָריטעט אין אן איינענעם לאנד און צו באזיצען די נויטווענדיגע גזעצגעבערישע סוא־ווערעניטעט אין די ענינים פונ׳ם מאטעריעלען לעבען, איז ממילא אין דערזעלביגער צייט א באשטרעבונג „צו פארלייכטערען די אויפגאבע פון דער מאטעריעלער עקזיסטענץ פאר דעם מענשען“. קוואָד עראט דעמאָנ־סטראנדום!

אויף אזא׳ן אופן, איז ניטאָ קיין איין פאָדערונג, וועלכע ה׳ מילך שטעלט ארויס פאר פראָגרעסיוויטעט, וואָס די אלגעמיינע ציוניסטען זאָלען ניט האָבען אריינגענומען אין זייער טעטיגקייט און זייערע באַ־שטרעבונגען. און דערמאָנט מען זיך נאָך, אז „די סימנים, לויט וועלכע מען קאָן דערקענען א פראָגרעסיווע באוועגונג, זענען האָפנונג און גלויבען אין א בעסערע צוקונפט פאר דעם כלל“, און האָט מען אין זין, אז די ציוניסטען זענען פעסט אין גלויבען און רייך אין האָפנונג אויף א בעסע־רע צוקונפט פאר דעם כלל־ישראל, יעמאָלט קאָן שוין גאָר קיין ספק ניט זיין, אז די אלגעמיינע ציוניסטען זענען א פראָגרעסיווע פארטיי און זייער באוועגונג איז א פראָגרעסיווע באוועגונג...

בראוואָ, אלגעמיינע ציוניסטען! איהר האָט גלענצענד אויסגע־האלטען דעם עקזאמען ריגאָראָזום ביי ה׳ מילכ׳ען! פאָדערט פון איהם, ער זאָל צוריקציהען זיין אורטייל וועגען אייך, אז איר זייט רעאקציאָנע־רען, ווייל אזא אורטייל פאטשט אין פנים אלע זיינע טעאָרעטישע דער־קלערונגען וועגען פראָגרעס און רעאקציע. פאָדערט פון איהם, ער זאָל אייך ארויסגעבען א דיפלאָם אויף פראָגרעסיוויטעט און דוקא מיט דער מארקע: „סוממא קום לאודע“!

און דאנקט גאָט, וואָס אייער עקזאמינאטאָר איז ה׳ מילך, ד. ה. א מאָן מיט אזעלכע אויבערפלעכליכע און מטושטש׳ע באגריפען וועגען פראָגרעס און רעאקציע. ביי אן אנדער עקזאמינאטאָר, האָב איך מורא, וואָלט איר ניט אזוי גרינג און גוט אָפגעשניטען...

עס זענען נאָך דאָ איינינגע אנדערע פונקטען אין ה׳ מילך׳ם ארטי־קעל, וואָס נויטיגען זיך אין א נעהענטערער באלייכטונג. לייידער אָבער ערלויבט מיר די צייט ניט, אָפצושטעלען זיך אויף זיי.

איך וועל דאָס מוזען איבערלאָזען אויף דאָס נעקסטע מאָל. אויך אין א פערטעל יאָהר ארום וועט דער ענין — דאכט מיר — נאָך זיין געוווג אקטועל: די רעאקציאָנערע שטרעמונגען אין אונזער היגען לעבען — איך מיין דאָ ניט דעם ארטיקעל, נאָר די פאקטישע ערשיינונגען — וועלען דערווייל פון אונז — לייידער! — ניט אנטלויפען.



**יעקב דינעזאָהן:**

זיינע בריף.

**ש. ניגער:**

דינעזאָהן
דער בריפנ־
שרייבער.

יעקב דינעזאָהן, געבוירען 1859;
געשטאָרבען — 1919. (באַרעליעף.)
פון דער „אילוסטרירטער וועלט“, ווארשא.



יעקב דינעזאָהן אויפ'ן טויטענבעט
פון דער „אילוסטרירטער וועלט“, ווארשא.

נאָר טויטשען, אָדער טרפה'נע ליטוואַקעס. אין גן עדן אָבער לאָזט מען אזעלכע ניט אַריין, דאָרט זיצען נאָר גרויסע צדיקים, גערער און קאָצקער חסידים, אָדער אַזוי פרומע פוילישע יודען, געבוירענע אויף גרזשיבע גאַס, פרעטא אָדער פראנציסקאַנער אפילו, און אזעלכע פרומע יודען פערגינען זיך אַ שטיקעל לויתן נאָר פון אַ עונג שבת וועגען —

פונקט ווי דאָס דינסטמיידעל, פלעג איך אויך זאָגען, פערשטעהט זיך, בעת איך בין נאָך אַ נאַריש יונגעל געווען: „ווען איך זאָל זיין ראָטשילד וואָלט איך אויסקויפען דאָס גאַנצע פאַפּיער פון גאָר דער וועלט, און וואָלט פאַר מיר אַליין אויסקלויבען די שעהנסטע בייגעלעך, און וואָלט שרייבען אויף זיי „שלום לאהובי בריוועלעך" מיט גאָלדענע, זילבערנע און בריליאַנטענע פענעס!

און מיינט איהר די דאָזיגע פאַפּיער תאוה איז ביי מיר בטל געוואָרן אפילו איצט ווען איך בין שוין אַ אַלטער יוד, אָהן עין הרע — ? — בכלל מוז איך אייך מודה זיין, אַז די אַלע קינדישע תאוות פון אַמאָל לעבען נאָך און בושיווען נאָך אין מיר, גלייך ווי אין יענע יאָהרען; דערזעהט איך, למשל, ווינ־טער אַ גליץ, גלוסט זיך מיר אַ גליץ צו טהון מיט אַלע פרטים און דקדוקים; דערטאַפּ איך אַ גלאַט שטיינדעל ביי אַ ברעג טייך, ווילט זיך מיר עס אַ וואָרף טהון איבערן וואַסער, עס זאָל שפּרינגען און פּלעשטשען ביז'ן צווייטען ברעג, אויף וואָס איך בין אַ מייסטער געווען אינגעלווייז. און אַזוי אין אַלץ צו וואָס אַ לעבעדיג יונגעלס הארץ טהוט גלוסטען אין זיין צייט. קיין חידוש ניט, וואָס די תאוה פון אַ שעהן בייגעלע פאַפּיער געוועלטיגט נאָך איבער מיר, און דערזעה איך נאָר אַזוינס קען איך זעלטען דעם נסיון ביישטעהן, עס ניט צו קויפען, אָדער עס ניט צוצוגנבענען האַטש, אויב פאַר מזומן געלד לאָזט זיך עס ניט נעהמען.

דעריבער ליעבער ר' הירשביין, געלויבט און געאַכפּערט זאָל זיין כבוד האדון ר' מנחם מענדיל למשפחת עלקין מק"ק באברויסק, וואָס האָט מיר אַזוי פיעל דערפרייהט און דערקוויקט ממש מיט דעם סאַרפּריז וואָס ער האָט מיר געמאַכט מיט דעם אַריינשיקען מיר, גאָר אונפערהאָפט און אונערוואַרטעט אזוי פיעל טהייערע, שעהנע און ציכטיגע בויגעלעך פאַפּיער מיט קאָנווערטען, אַ ברכה צו מאַכען ממש!...

פערשטעהט זיך, אַז איך האָב מקבל געווען זיין מיר אַזוי פיעל ליעבע מתנה, נישט נור בסבר פנים מאירות, אָבער בשעתי ידים ובזרועות נטוית און האָב איהם באַלד אַ הייסען דאַנק געשריבען כדבעי.

אַריינטראַכטענדיג אָבער אַ ביסעל טיעפער אין דעם ענין, בין איך געקומען לכלל הכרה, אַז אָהן אייער השתדלות, אָדער זכות, וואָלט אפשר דעם ליעבען הערר'ן עלקין גאָר נישט איינגעפאַלען, מיר אַזאַ מתנה צו שיקען, על כן איז מצדי אַ יושר, אויך אייך ליעבער הירשביין, אַ הייסען גרויסען און הארציגען דאַנק צו שרייבען, און דאָס טהו איך טאַקי במכתבי זה.

וואָלט איך וויסען וואו דער הערר עלקין איז אַצונד וואָלט איך מסתמא מיט פערגניגען ענטפערן איהם בחבה יתירה פאַר זיין גרוס אין דעם בריוועלע, וואו איהר און די איבריגע צדיקי הדור והמקום האָבען זיך אונטערגעשריבען. ווייס איך אָבער ניט, על כן בעט איך אייך, באופן ווען איהר שרייבט צו איהם, שרייבט אַ הערצליכען גרוס בשמי ובשם ידידנו ר' יצחק לייבוש פרץ שלנו פאַר זיין גרוס אויך צו איהם.

אזוי הויס און אזוי הארציג גערים איך און דאנקע איך די דאָזיגע אשלי רברבי, די עמודי התורה והיראה, די מ"ע'ן מיט די ד"ע'ן און גם די פ"ע'ן שבאו על החתום אין דעם דאָזיגען בריוועל, און זאָגט זיי אגב, אַז איך בין מצרף אויך מיין תפילה צו זייער תפילת שבלב ושבלחש, שיתמו חטאים מן הארץ והרשעים עוד אינם, אכי"ר.

ביחוד טהו איך טהון געריםען לכבוד הרבנית המהוללה והמשובחה בכל

מדות של שבת שמנו חכמים בנשים צדקניות וחכמות, כבוד תפארת שמה מרת שרה למשפחת הירשביין שתחי׳ און איך דאנק איהר וואס זי פערגעסט מיך ניט.

און נייעס, אויב איהר ווילט? נישט א לעק! אפילו פאר א רפואה, ווען איהר זאלט זאגען! — הכל כמקדם כימי עולם וכשנים קדמוניות — לבד וואס ידידנו מר י״ל״פ ארבייט שוין מעהר ניט אין „הייגט״ — אוים מחותן מיט יצקנ׳ן....

נאך א נייעס. געווען דא א אמעריקאנער טעאטער סטאר ט..... געשפילט דא עטליכע מאל אין קאמינסקי׳ס טעאטער, געבראכען שויבען, טעלער, שטולען און בענקלעך אין ק׳ס „פ. — — ג. — — ע.״ — —*) (פאר וואס האט ק..... בעסער דעם... נישט פארלירען איידער ער האט גענומען א פעדער אין האנד אזא שמאטע, אזא קאקאפאניע, רחמנה לצלן, אנצושרייבען? — און מעהר יושר וואלט געווען ק.׳ען בעסער דעם קאפ און לייב און לעבען צו צעברעכען, איידער אזוי פיעל טעלער, שטולען און בענקלעך, וואס דער דאזיגער ט..... האט דא אויסגעבראכען אויף דער ביהנע אין די עטליכע אווענדען, וואס ער האט דא גשפיעלט אדער געבילט. קיין גרויסער אונטערשייד ניט). אויב די ווירקליכע קונסט פון א גרויסען שוי־שפילער באשטעהט אין ברעכען שויבען און טעלער, מוז איך מודה זיין, אז ט..... איז א גרויסער ארטיסט, אויב אבער דער קינסטלערישער טאלאנט מוז זיך ארויסווייזען אין נאך עפעס, זאל ער מיר מוחל זיין, איז ער א בייגעל בעקער, א שטיוועל פוצער אדער א באד רופער אין א אידיש שטעדטעל, א אויסגעצייכענטער. איך גיב איהם דארויף ארוים א אטעסטאט מיט אלע קליפערלעך. דערפאר שפיעלט דא איצט דוד קעסלער. און זעהט איהר, פון אי־דישע שוישפילער, איז ער דערווייל דער ערסטער, פון וועלכען איך בין אין טעאטער ענטציקט געווארען און בין ארוים מיט׳ן בעסטען און טיפסטען איינדרוק.

געשפיעלט האט ער דאס ערסטע מאל „שלמה׳קע שארלאטאן״, א איבער־קאלעטשעטע שטיק „ביעדנאסט ניע פאראק״ פון אסטראווסקי׳ן, וואס האט צו טהון מיט׳ן אידישען לעבען וויפיעל א קאצאפ האט צו טהון מיט יום כפור קטן. געשפיעלט אבער האט קעסלער זיין ראלע גוט, באטש דער איינדרוק אויף מיר איז דערזעלבער, ווי א באריהמטער רייטער זעצט זיך אויף א הילצערן פערד און מאכט די אייגענע באוועגונגען און ערנסטע מינעס גלייך ווי ער וואלט געריטען אויף א אמת׳ן פערד.

דערפאר אבער האט ער נעכטען געשפיעלט „גאט פון נקמה״ יענקעל שאבשאוויטש, און האט זיין ראלע דורכגעפיהרט אויסגעהאלטען מיט׳ן אמת׳ן ארטיזם.

שרייבט א מאל! דער עיקר, האט א טבע, תמיד אנצוגעבען אייער אדרעסע. גאט אליין ווייסט ווי אין ספק איך בין צו מיין בריוועלע וועט אייך אנקומען צו ניט — ?

זייט מיר אבער געזונד און שטארק מיט די אלע גוטע ברידער און גוטע יודען, מיט וועלכע איהר זענט בחברותא אין אייער ווילנא.

מנאי ר׳ יעקב בן דינה.

---

*) די פולע נעמען, פון וועלכע מיר גיבען דא נאר די ערשטע בוכשטא־בען, געפינען מיר ניט פאר ראטזאם צו פארעפענטליכען. — רעד.

זעהר געעהרטער הערר ד. איגנאַטאָוו!

אייער געעהרטען בריעף נעכטען ערהאלטען. אייער ווי׳ זאמעלבוך „שריפטען“ — שוין מיט עטליכע וואָכען צוריק. איך האָב געמיינט, דאָס בוך איז טאַקי מיר געשיקט, און האָב נישט געוואוסט וועמען צו דאנקען דאפיר.

זיין אנלאַקענדעס אויסערליכעס אויסזעהן האָט מיך פעראינטערעסירט, אויך מיט זיין אינהאלט זיך צו בעקענען, איז עפּעס ווי א בעשערטע זאַך געווען, אַז אייער בוך זאָל אָנקומען טאַקי דער פערזאָן צו וועלכער עס איז געשיקט. — געזעסען בעת מעשה ביי מיר מיין פריינד ד״ר איזידאָר עליאַשעוו, (בעל מחשבות) און מיר דערצעהלט, אַז ער ערוואַרט אויך אַזאַ בוך צו בעקומען, און אויב איך וויל איהם די געפעליגקייט טהון, זאָל איך איהם געבען מיין עקז׳ און אז ער וועט ערהאלטען זיין עקז׳, וועט ער מיר אָבגעבען וועלכען עקז׳ איך וועל ווען. ער ברויך דאָס בוך צו אַ קריטישער אַרבייט. אַזוי האָט ער געזאָגט. פון דעמאָלט אָן איז טאַקי יענס עקז׳ ביי בעל מחשבות.

שפּעטער מיט עטליכע טעג האָב איך ביי פּרץ׳ן אויפ׳ן טיש געפונען אייער בריעף, איך וועלכען איהר שרייבט, אַז גלייכצייטיג שיקט איהר איהם אויך א עקז׳ פון אייער זאמעלבוך שריפטען. פּרץ האָט מיך געפרעגט, צו ווייס איך וועגען וואָס פאר א בוך די רעדע געהט, האָב איך איהם ערקלערט, אַז דאָס מוז געמיינט זיין דאָס בוך, וואָס איך האָב ערהאַלטען און אוועקגעליהען דעם ד״ר עליאַשעוו.

ביז היינט, קען איך אייך זאָגען, האָט שוין אויך פּרץ אייער זאמעלבוך דורכגעליעענט און איז בכלל מיט זיין אינהאלט גאנץ צופרידען. אלס מייסטער ווערק ערקענט פּרץ דעם ראָמאַן פון א פערד גנב. מעגליך, ביי א פּריוועטער שטימונג וועט פּרץ נאָך שרייבען איין קריטישען ארטיקעל איבער איהם. איך אליין, האָב נאָך דאָס פערגניגען ניט געהאַט מיט דעם אינהאַלט פון אייערע „שריפטען“ זיך צו בעקענען. איך האָב שוין אַזאַ מזל. נעהמט מען צו ביי מיר אַ בוך, זעה איך עס שוין קיינמאָל נישט צוריק. אויף געגענווערטיגעס מאָל האָב איך קיין טענות ניט, ווי איהר שרייבט איז יענס עקז׳ לכתחילה געשיקט פיר בעל מחשבות. יהי לו אשר לו! זאָגט דער העברעער. אַז אייער בוך וועט מיר אָנקומען, לויט ווי איהר שרייבט, וועל איך עס זיכער דורכלעזען און שרייבען אייך מיין מיינונג אויב זי איז אייך נור אינטערעסאַנט.

וועגען אייער פערלאַנג, פּרץ זאָל זיך בעטהייליגען אין אייער זאמעלבוך מיט אַ אַרטיקעל וועגען הירשביין, איז מיין עצה: אויב איהר זענט נור ביכולת, זאָלט איהר אזוי גוט זיין ארויגשיקען איהם זיין האָנאָראַר פארן בעשטעלטען ארטיקעל. וויפיעל? דאָס ווענדט זיך אָן אייער קעשענע. גאָר אָהן האָנאָראַר שרייבט פּרץ פּרינציפּיעל נישט.

מיט די „צענטראַל“ לויט האָב איך גערעדט נאָך מיט א טאָג צעהן פריהער איידער איך האָב אייער בריעף ערהאַלטען, און לויט מיין עצה האָבען זיי געשריבען צו זייער פערטרעטער אין ניו יאָרק, אַז ער זאָל ביי אייך קויפען 200 עקז׳ און זיי צושיקען אַהער קיין ווארשא — מעהר ווי 200 עקז׳, זאָגען זיי, לויהנט זיך זיי בשום אופן נישט. — שפּעטער, ווען זיי וועלען בעמערקען, אז מען קען פערקויפען מעהר, וועלען זיי ביי אייך קויפען אין א גרעסערן קוואנטום.

עס טהוט מיר לייד, וואָס אייער זאמעלבוך איז געדרוקט אין אזא בעשרענקטער צאָהל עקז׳, און דיזעלבע זענען אויך שווער אין גאנצען צו פערקויפען. די אורזאכע פאר וואָס דאָס איז אזוי, קען איך נישט געפינען. אין זיין אינהאלט, לויט ווי פּרץ פערזיכערט מיר, זיכער ניט.

דאבט זיך, איך האָב אייך אויף אלץ געענטפערט. איך וויל אייך אָבער אום איינע געפעלליגקייט בעטען. היות ווי אין דעם כתב אויפן קאָנווערט פון אייער בריף צו מיר דערקען איך פּרץ הירשביינס האנדשריפט, וואָס דאָס איז א מופת חותך, אז ער לעבט נאָך צווישען לעבעדיגע, בעט איך אייך, איהם ער־

סטענס גריסען אין מיין נאָמען גאַנץ וואַרם, ברידערליך און הערצליך. — זאָגט איהם אגב, ער זאָל קיין ענדיג נישט זיין און זיך נישט בלאָזען. דערצעהלט איהם, אז דער „ספר הבריות" שרייבט, אַז דאָס וואָס דער ענדיג בלאָזט זיך, מיינט ער דערמיט נושא חן צו זיין אין די אויגען פון דער כשרה'ר ענדיצקע; אין מיינע אויגען, אָבער, זאָגט איהם, וועט ער מיט בלאָזען זיך קיינמאָל נישט נושא חן זיין.

אין כעס זיין אויף מיר מעג ער. איך בין איהם טאַקי שולדיג אנטוואָרט אויף א פּאָר לעצטע בריוועלעך, ווייסט ער דאָך, אז אזא טבע האָב איך שוין — שרייבט זיך, שרייב איך, נישט געקאָרגט האָטש דריי און פיער בויגעלעך פּאַפּיער מיט אמאָל; שרייבט זיך ניט — שרייב איך ניט, נישט ווייל איך וויל ניט, נור ווייל עס שרייבט זיך ניט.

אָט דאָס, זייט מוחל, דערקלערט איהם, איז די גאַנצע אורזאַכע פון מיין נישט ענטפערן אויף זיינע לעצטע בריוועלעך פון יוראָפּ. פון אמעריקא האָב איך פון איהם נאָך אפילו א תמונת אות נישט ערהאַלטען.

ווי געהט עס איהם? וואָס מאַכט ער בגופו, בנפשו ובממונו? — ביי אונז דאָ, איז ער דאַכט זיך געווען א מענש מיט אלע חושים ווי א מענש, ווי קומט עס, וואָס ער איז אין אמעריקע געוואָרען אזוי ניט קלוג, אַזוי ניט קלוג? זאָל ער מיר מוחל זיין. אַ קלוגער מענש ברוגזט זיך נישט, בלאָזט זיך נישט, און קען אונטערשיידען בין אור לחושך בין איש לחברו. וואָלט ער אזוינער נאָך געווען האָט ער בעדאַרפט פיהלען און וויסען, אַז נאָך אלע כעס'ן וואָס ער האָט אויף מיר, האָב איך איהם ליעב. אלע מאָל ליעב. ווען איך שרייב איהם יאָ, און ווען איך שרייב איהם אפילו ניט. זייט מיר געזונד, און זאָל מיר הירשביין אויך געזונד און שטאַרק זיין. אייער און זיין פריינד י' דינעזאָהן.

---

ווארשא ערב פסח תרע"ג.

ליעבער טהייערער פריינד און קאָלעגא דוד איגנאַטאָוו!

אין ווילנע גרינדעט זיך איצט א מוזעאום פיר יודישער ליטעראַטור און קונסט. און די גרינדער בעטען מיך, איך זאָל זיי פיר דעם מוזעאום צושיקען וואָס נאָר איך פאַרמאָג פון אייגענע און בעפריינדעטע יודישע שרייבער שריפטען, אָדער איבערהויפּט אזוינס, וואָס איך געפין פאַר ווערטה, עס זאָל אין א מוזעאום ערהאַלטען ווערן, לזכרון פאַר די צוקונפטיגע דורות.

איבערלייענענדיג אייער זעהר טרויעריגען בריעף, וואָס איך האָב נאָר וואָס טאַקי ערהאַלטען, געפין איך, אז קיין בעסערע און פּאַסענדערע מתנה פאַר בייגעגרינדעטען מוזעאום ווי עבען אָט דעם בריעף אייערן פערמאָג איך

ער איז א דאָקומענט, וואָס ענטהאַלט א שטיק געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור, פון איהר ענטוויקלונג און פון איהר געגענוואַרטיגען עקזיסטענץ אין אונזער איצטיגער טרויעריגער צייט.

וועט די לאַגע פון דערזעלבער ליטעראַטור אין די צוקונפטיגע דורות א מאָל א בעסערע און א גלענצענדערע זיין, וועלן די בעזוכער פון דעם דאָזיגען מוזעאום אין די ווייטע צוקונפטיגע דורות, אין אייער בריעף א בילד האָבען פון דער שווערערער ביטערער לאַגע פון דערזעלבער ליטעראַטור און ליטעראַטען אין די לאַנג פערגאַנגענע דורות צוריק. וועט אויך אין די צוקונפטיגע דורות די לאַגע פון דערזעלבער ליטעראַטור און ליטעראַטען ניט א בעסערע און ניט אַ גלענצענדערע זיין ווי זי איז איצט, זאָלען די יודישע שרייבער פון דעמאָלט זיך טרייסטען, אז די לאַגע פון דער יודישער ליטעראַטור איז קיינמאָל נישט בעסער געווען, או זזאָלען זיי, אין זייער צייט, דעם מוטה און ענערגיע געפינען, וואָס האָט זייערע פאָרגענגער קיינמאָל נישט געפעהלט.

עס טהוט מיר לייד דער גאַנצער טרויעריגער איגהאַלט פון אייער בריעף,

צו פערמאָגען, אז איהר טהוט אייער זעעלן־פליכט ווי עס דיקטירט אייך אייער געשמאק און טאלענט.

עס טהוט מיר לייד אייער ליידען. עס פרייהט מיך אָבער, וואָס איהר בעהמט די ליידען אויף זיך פרייוויללינ, און איהר ענטפערט ניט אויף דער פראגע: חביבין עליך יסורין, ווי יענער תנא: לא הן ולא שכרן!

די פראגע: צי האָט יעקב אָבינו רעכט געהאט מתפלל צו זיין, אז מלמדים און סופרים, זאָלן זיין קבצנים אביונים, דאכט מיר, איז שוין לאנג פארענט־פערט געוואָרען מיט יאָ. — גערעכט. טויזענד מאָל גערעכט! — איינס נאָר האָט יעקב אָבינו געגריזט, וואָס ער האָט פערגעסען צוגלייכער צייט מתפלל צו זיין, אז די יודישע פערלעגער און פובלישער זאָלן מענשליך און מיט געוויסען בעהאַנדלען די שרייבער, ווענעמנס ווערק זיי גיבען ארויס.

אָט אין דעם גרייז פון יעקב אָבינו ליגט די שווערע קללה, וואָס דער־דריקט, נישט נור די יודישע ליטעראטען אָבער אויך די יודישע ליטעראטור.

קיין ספק ניט, אז דער הערר ב. א. קלעצקין, וואָס האָט זיך גענומען אויסצולייזען איצט די יודישע ליטעראטור און ליטעראטען פון דער קללה, ד. ה. פון די ביז איצטיגע יודישע פערלעגער און פובלישערס איז ווערטה גע־קרוינט צו ווערן מיטן נאָמען „גואל צדק". דען ער מיינט חלילה ניט די פרנסה. ער איז בה"ש געגוג רייך פון זיינע גרויסע אנדערע עסקים, און ער וויל, נור די ליטעראטור אין איהר געהעריגע לאגע אריינברענגען און די יודי־שע ליטעראטען פאר זייער מיה, ארבייט און שאפען ווי ווייט מעגליך בעלוית־נען. דאָס אלץ איז ביי מיר קיין ספק נישט. א ספק א גרויסער אָבער איז ביי מיר, צי וועט ער אזוי פיעל אָפּפער און ענערגיע וועלן פערוועגדען, וויפיעל עס איז אונבעדינגט נויטהיג, דעם קאמפף בייצושטעהען און געווינען געגען די אלע אנדערע הערויסגעבער און פערלעגער, וואָס ווענדען אָן אונגעהייערע כחות און מיטעל געגען איהם?

ווי דאָס איז, פאָר אייך האָב איך דערווייל קיין אַנדער עצה ניט, ווי תיכף, ווי איהר וועט נור מיין געגענווערטיגען בריעף ערהאלטען, ארויסשיקען פער־זענליך דעם העררן קלעצקין צו איין עקז' פון אייערע ביידע בענדער שריפטען — פערשטעהט זיך, — אויב איהר האָט עס שוין ביז אהער נישט געטהון — און צו גלייכער צייט, שרייבען איהם א בריוועל בזה הלשון:

„לויט פאַרשלאג, וואָס פרץ און דינעזאָהן האָבען אויך געשריבען פון ווארשוי אויספיהרליך, שיק איך אייך די בענדער פון מיין אויסגאבע, אום איהר זאָלט אייך איבערצייגען ווי ווייט דיזע ארבייט איז ווערטה געשטיצט צו ווערן, צוליעב איהר וויטערער עקזיסטענץ און ענטוויקלונג.

„פאללס איהר וועט געפינען פאר מעגליך אָנצונעהמען דעם אויבענדער־מאנטען פאַרשלאג, פערלאָז איך זיך אין גאַנצען אויף די בעדינגונגען, וועלכע איהר וועט מיט זיי מושוה ווערן. מיט אכטונג א. ז. וו."

פארשטעהט איהר שוין, אז איך, ווי אויך פרץ, וועלן מיר אונז נישט פוילען, צו שרייבען און מיט אונזער גאַנצען איינפלוס צו ווירקען, אז קלעצ־קין זאָל אונזער און אייער פאַרשלאג אָננעהמען און דערמיט, אייך פערגריני־גערן אייער וויטערע ליטערארישע טהעטיגקייט, אויף וועלכע מיר לעגען גרוי־סע און פיעל פערשפרעכענדע האָפנונגען.

ס'איז היינט ערב פסח. אַרבייט ביי מיר ביז איבער'ן קאָפּ. דעריבער קען איצט מיט אייך ניט אזוי רעדען ווי איך וויל עס גערן. איך קען אייך נאָר צו־זאָגען, באלד נאָך יום טוב, אייך ווידער צו שרייבען, און אייך מודיע זיין קלעצקינס אנטוואָרט אויף דעם פאַרשלאג, וואָס איך מיט פרץ'ן וועלן איהם אונבעדינגט באלד שרייבען.

אייער עקז' שריפטען. ניט דאָס ערסטע, נישט דאָס צווייטע — אויסער נס, וואָס ד"ר עליאשעוו האָט ביי מיר צוגענומען — האָב איך נאָך ביז היינט

ניט ערהאלטען — געווים ערגעץ אויף דער פּאָסט, אָדער דורך דער פּאָסט פערפאלען געוואָרען — פרץ, זעהט איהר, האָט דוקא ערהאלטען די ביידע בענ־דער. ער איז פּשוט ענטציקט פון זייער אינהאלט. ער קלויבט זיך שרייבען וועגען דעם אַ גאַנצע אָבהאַנדלונג. איז ער אָבער, לא עלינו, ניט געזונד, ליידט שטאַרקע שמערצען אין זיין רעכטער האנד, און דאָס שרייבען איז איהם כמעט אונמעגליך. די ערצטע זאָגען דאָס איז ביי איהם ארטרעטיזם. ווי דאָס איז ער קען איצט אָהן העפטיגע שמערצען די פעדער אין האנד ניט האלטען. וועט איהם נאָר גרינגער ווערן, וועל איך זעהען, ער זאָל וועניגסטען איך שרייבען פערזענליך.

איך מוז אייך נאָך אויסדריקען מיין טיעפסטען בעדויערען, וואָס מיר איז נאָך ביז היינט ניט געלונגען מיט אייער שרייבען און שאַפען זיך צו בעקער־נען. פשוט, ווייל איך האָב דאָס ערסטע עקז' אוועקגעגעבען עליאשעוון, ווי איהר ווייסט, און דעם צווייטען באנד — ניט ערהאלטען. — פרץ האָט, נאָכ'ן דורכ־לעזען, זיין עקז' אַוועקגעגעבען דעם איינבינדער איינצובינדען — (איהר מעגט דערמיט שטאָלץ זיין — ווארום עס מוז איהם אַ ווערק גאָר בעזונדער ליעב און טהייער ווערן, ער זאָל עס לאָזען איינבינדען אַוועקצושטעלען אין זיין ביב־ליאָטעק אַריין) — דער לעצטער האַלט עס שוין עטליכע וואָכען און דערווייל בעקום איך עס ניט דורכצולעזען.

נאָך אַ מאָל, אז איהר וועט שיקען, זאָלט איהר שיקען רעגיסטרירט, заказное — און אויב איהר האָט אייך דאָס איצטיגע מאָל געשיקט זאקאזנאָיע, זאָלט איהר זיך ווענדען צו דער פּאָסט ביי אייך מיט דער אָנפראגע און טענה, פאר וואָס איז אייער זענדונג דעם אדרעסאט ניט אָנגעקומען? דאָס איז דורכ־אויס נויטהיג צו טהון.

די עקז' וואָס איך ראטה אייך שיקען ה' קלעצקין זאָלט איהר אונבעדינגט שיקען רעקאָמאנדירט. זיין אדרעססא איז:

Б. А. Клецкину, Мало Степановская, 23, Соб. д., ВИЛЬНА.

זייט זשע מיר געזונד און שטאַרק. אייער י' דינעזאָהן.

---

ליעבער טהייערער דוד איגנאַטאָוו!

מיט אמת'ר פרייד און פערגניגען זאָג איך אייך אָן, אז איך האָב ביי מיס־טער קלעצקין פאר אייערטוועגען גע'פועל'ט אלץ וואָס איך האָב געוואָלט. היינו. ראשית וויל ער ביי אייך אָבקויפין אללע עקז' פון אייערע צוויי בענדער שריפ־טען וויפיעל איהר האָט נאָר ביי זיך. **חוץ די צאָהל, וואָס איהר ברויכט אויסשליסליך בלויז פיר אַמע־ריקא אַליין.** געלד אויף „פדיון שבויים“, דאָס הייסט, אויף אויס־לייזען פון דרוקער, אָדער פון אנדערע אייערע בעלי חובות, וועט ער אייך אַרויסשיקען, באלד ווי ער, אָדער איך וועל נאָר מקבל זיין אייער אנטוואָרט אויף דעם בריעף וויפיעל איהר ברויכט דערצו. פאר'ן געלד בין איך פאר אייך ערב, אַז ער מעג זיכער זיין, אז איהר, ליעבער אונבעקאנטער און פאָרט מיר נאָהענ־טער בעקאנטער פריינד, וועט איהם ניט אָבטהון ווי עס האָבען, בעונותינו הרבים, שוין איהם און שוין מיר כמה וכמה מאחינו ומחברינו אָבגעטהון. ד. ה. צוגענומען די עטליכע גילדען און אַ גוטען טאָג!

פארשטעהט זיך, אז ניט אין די עטליכע גילדען איז דער פערדרוס, נור די גוטע זאך, וואָס מען מאכט תמיד קאליע דורך אזא הנהגה פערדריסט זיך... איהר אָבער — איך בין אין דעם א רגע אין ספק ניט — וועט די געלעגנהייט אויסנוצען פיר דער גוטער זאך, איך מיין: צו האָבען די מעגליכקייט ווייטער

צו שאפען און רייבער צו מאכען אונזער יודישע ליטעראטור און דעם בעסערן און פיינערן געשמאק אין איהר ענטוויקלען.

מכח אייער פארשלאג צו קויפען ביי אייך די מאטריצען פון די ביידע ביכער, איז ער אויך נישט געגען, וועגען דעם האט ער מיר צוגעזאגט, זיך דורכשרייבען מיט אייך דירעקט. יעדענפאללס ראטה איך אייך צו שיקען איהם צוזאמען מיט די עקז׳ אויך די מאטריצען פון די גרעסערע ארטיקעל.

אין אייער מזל, איז ער גראד די טעג געוועזן דורכפאהרענד אין ווארשא, וואו ער איז שוין 18 יאהר נישט געוועזן. און איך האב אויסגענוצט די געלעגענהייט און צוזאמען מיט פרץ׳ן האבען מיר אויף איהם דעם איינפלוס געהאט, אלץ ביי איהם אויסצווירקען.

און איך מוז אייך, אגב אורחא, זאגען, ליעבער איגנאטאוו, אז איך האב פיעל פערגניגען געהאט, פערזענליך זיך צו בעקענען מיט׳ן הערר קלעצקין. ער איז א יוד א דזענטעלמען אין פיינסטען בעגריף פון דעםווארט. טהוט פיעל גוטס און איז קאנזעקוועגט אין זיין טהון. א דורכדרונגענער ליעבהאבער פון דער יודישער ליטעראטור. א פריינד פון דער ארבייטער קלאסע, און א מענש פון פיינעם געשמאק.

אין מיין פאריגען בריעף האב איך אייך געזאגט, אז דער ה׳ קלעצקין שיינט מיר צו זיין דער מלאך הגואל פיר דער יודישער ליטעראטור. נאך מיין זעהען זיך מיט איהם פערזענליך, זאג איך אייך עס מיטן פולען מויל נאך א מאל.

הכלל, ליעבער איגנאטאוו, שלאפט ניט דערין, און תיכף ווי דאס בריוועל וועט אייך אנקומען, און גלייכצייטיג וועט אייך אנקומען אויך א בריוועל פון ה׳ קלעצקין זעלבסט, זאלט איהר אונז מודיע זיין די ריכטיגע צאהל עקז׳ פון ביידע ביכער בעזונדער, וויפיעל איהר האט נאך, און וויפיעל געלד איהר ברויכט, זיי אויסצולייזען, אום זיי באלד ארויסצושיקען צו ה׳ קלעצקינ׳ס פערלאג אין ווילנא. איך מוז אייך נאך דערקלערען דערביי, אז הערר קלעצקין מיינט נישט אבצוקויפען ל ח ל ו ט י ן ביי אייך די עקז׳. ה׳ קלעצקין האט זיין פערלאג געגרינדעט, נישט לשם ביזנעס, נור צו שטיצען יודישע שרייבער ווי ווייט מעגליך, און ניט דערלאזען, זיי זאלן ארוינפאלען צו די אלערליי פערלעגער. א שטייגער ווי צענטראל ביי אונז, אדער די היברו פובלישינג קאמפ׳, דארט אין געבענשטען לאנד ביי אייך.

הערר קלעצקין ווענדט אן אללע מעגליכע מיטעל, ערסטענס, דאס יודישע ביכער זאלן האבען א אנשטענדיג אויסזעהען, זשאלאוועט נישט קיין קאסטען אויף שעהן פאפיער און דרוק, רעקלאמירט זיינע אויסגאבען, און פערקויפט די ביכער לחשבון פון זייערע פערפאסער. דאס הייסט: דאס גאנצע בוך מיט מאטריצען בלייבט דאס אייגענטום פון מחבר.

דער פערלאג קלעצקין נעהמט נור 10% פון ריינעם פערדינסט, צו דעקען די הוצאות, וואס פאללן ביי יעדער אויפלאגע. אויף די 90% פערדינסט, וואס פאלט על חשבון פון מחבר, גיט ה׳ קלעצקין עד לחשבון ארויס דעם פערפאסער א געוויסע סומע אוואנס. און אזוי וועט ער אויך פעררעכענען די סומע, וואס ער וועט אייך ארויסשיקען איצט, איהר זאלט האבען מיט וואס די עקז׳ אויסצוקויפען פון דרוקער און איהם זיי צוצושיקען.

אום די צייט אבצוקורצען, וואלט איך אייך ראטהען, אפשר איז מעגליך, אז אייער דרוקער זאל איינשטימען, די עקז׳ טאקי תיכף ארויסצושיקען אויף ה׳ קלעצקינס ארדערע, און אויפ׳ן בעטראג וויפיעל איהם קומט פון אייך אויף זיי. זאל ער מאכען נאכנאהמע. דער אופן, שיינט מיר, איז דער בעסטער. ווארום עס איז פשוט א שאד די צייט, וואס מוז דויערן ביז מיר וועלן דא אייער תשובה אויף דעם בריעף בעקומען, און ביז מיר וועלן אויף אייער תשובה אייך דאס געלד צושיקען א. א. וו.

פאללס אבער איהר מוזט דערצו בכל אופן, האבען עטליכע רובל, מוזט

איהר זיך א עצה געבען, די עטליכע רובעל — מיין איך, דאָלאר — צו בעקומען בגמילות חסד ביי א גוטען ברודער. און אויף די איבריגע סומע מאכט א נאכנ' אויף די עקז', וואָס איהר שיקט ארויס צו קלעצקין.

איך האָב אין ניו־יאָרק א גוטען און זעהר ליעבענסווירדיגען פריינד, איהר קענט איהם געוויס. ער הייסט ישראל זעווין, ער וואָיהנט, ווי איך בין משער, נישט ווייט פון אייך, נעמליך:

1044 Bryant Ave., Bronx.

געהט אַריין צו איהם, גיעט איהם אָב ערסטענס אַ האַרציגען גרוס פון מיר, בעוויזט איהם דעם גאנצען בריעף וואָס איך שרייב דאָ איצט צו אייך. ער איז זעהר א גוטער מענש. פרעגט ביי איהם א עצה, ווי אזוי צו טהון, איהר זאָלט קענען ארויסשיקען די עקז' תיכף, נישט ווארטען ביז ה' קלעצקין וועט אייך דעם אוואנס ארויסשיקען. זאָגט איהם, אז איך בעט איהם זעהר, ער זאָל אייך, אזוי צי אזוי, שאַפען די מעגליכקייט די עקז' זאָלן ארויסגעשיקט ווערן וואָס פריהער. אפשר וועט ער וועלן אויסלעגען דאָס געלד, וואָס איהר ברויכט פיר'ן דרוקער און אויף די סוממע וואָס ער וועט פאָרלעגען, זאָל ער מאכען א נאכנאהמע? מיינער זייטע פערזיכער איך איהם, אַז תיכף ווי די זענדונג וועט אָנקומען קיין ווילנא וועט די נאכנ' אויסגעקויפט ווערן.

נאָך עפּיס וויל איך אייך אויפמערקזאם מאכען, איהר זענט נישט מחויב צו שיקען די זעמטליכע עקז' ביז'ן לעצטען. א הונדערט, אָדער עטוואָס מעהר, קענט איהר לאָזען פיר אמעריקאנער פערקויף. פאר אייראָפּא אָבער, נעהמט ה' קלעצקין אויס א תנאי מיט אייך: נישט צו פערקויפען מעהר, חוץ זיין פערלאג, נישט איין עקז' אַפילו. געדענקט עס! קוים וועט צענטראל, למשל, האָבען אַ געוויסע צאָהל עקז', וועט צענטראל פערקויפען דיזעלבע פאר האלב אומזיסט, אום, צוליעב קאָנקורענץ, דעם פערלאג קלעצקין צו שאדען. געדענקט עס, דאָס איז זעהר וויכטיג פיר דעם ערפאָלג פון קלעצקינס אונטערנעהמונגען.

איך בעט אייך, גיעט איבער א הערצליכען און א ברידערליכען גרוס אייער חבר מאני לייב'ן. איך בין פון זיין מענשליכער און ברידערליכער גוטסקייט ביז צו טרעהרען גערוהרט. זאָגט איהם, אַז איך ווינש זיך, אז ירבו כמותו בישראל. און זייט מיר ביידע געזונד און שטארק אייער ו' דינעזאָהן.



ש. אַנ־סקי ביים קראַנקענבעט פון יעקב דינעזאָהן
פון דער „אילוסטרירטער וועלט“, ווארשא.

## ש. ניגער.

דינעזאָהן דער בריפנשרייבער.

אין די לעצטע יאָרען האָט דינעזאָהן וועניג געשריבען, נאָך וועניגער געדרוקט. מיט די ווערק פון אנדערע האָט ער זיך אָפּגעגעבען מער, ווי מיט זיינע אייגענע ווערק, מיט ליטעראַטען — מער, ווי מיט ליטעראַטור: קוים וואָס מען פלעגט ארויסבאַקומען ביי אים א קאפּיטעל זכרונות...

און אפשר טאקע דערפאר האָט ער אָנגעוואָרען דעם חשק צו שרייבען, ווייל מען פלעגט זיך ווענדען צו אים נאָר נאָך עראינערונגען. ער האָט נישט געוואָלט קוקען אויף זיך, ווי אויף אזא, וואָס האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן. עס האָט זיך אים נישט געגלוסט איינגאַנצען זיך אָפּגעבען דער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געוואוסט, אז הינטער זיך קוקט דער, וואָס וועט באלד, ווי לוט׳ס ווייב, ווערען אייביג פארגליווערט. דער קליינער גרויער אַלטינקער האָט נאָך געהאַט א צוטרוי און א ליבשאפט צום לעבען.

ער איז דאָך געשטאַנען נאָהענט צו א הייסען לעבענסקוואל — צו פּרצ׳ען. ער האָט זיך אזוי אָנגעאָטעמט מיט זיין פריינד׳ס זודיגען לעבנסאָטעם. דער אומרוהיגער פּרץ־שטראָם האָט פארכאפּט אויך אים, דעם געלאסענעם, און ער וואָלט נישט געקאָנט אוועק פון לעבען, ווען ער וואָלט עס אפילו וועלען. ער האָט געמוזט האַלטען — אויב נישט טראָגען — אין די הענט פּרצ׳ס פאָן, וועלכע איז אין מיטען העלען פלאטערן פארגליווערט געוואָרען... איז ער געוואָרען א כלל־טוער, א „פירער“, א „פאָרשטעהער“... ער האָט געפּרופט פארנעמען דעם פּלאַץ פון י. ל. פּרץ אין לעבען, לאָזענדיג פריי זיין אָרט אויבענאָן אין דער ליטעראַטור... אין פּרצ׳ס לופט האָט ער זיך אליין אפשר דערפיהלט צו אויסגעוואקסען, אז ער זאָל קאָנען אויף זיך ארויפציהען צוריק די ליבע קינדערשע בגדים פון זיין אמאָליגען שאפען...

און דער גרויסער עולם אין וואַרשע האָט מיט גרויס טומעל געפירט אויפ׳ן בית עולם דינעזאָהנ׳ען, „דעם טאַטען פון די קינדער־היימען“, דינעזאָהנ׳ען דעם אדרעסאט פון כל׳ערליי אמעריקאַנער געלדער, דינעזאָהנ׳ען דעם כלל־טוער, אָבער ניט דעם שרייבער דינעזאהן, ניט דעם שטילען פארפאסער פון די שטיל און ברייט צעגאָסענע ערציילונגען — פון א קינד דערציילט פאר קינדער: פון א פאָלקקינד פאר פאָלקקינדער...

אז דינעזאָהן איז א שרייבער האָט דער עולם גאָר אזוי ווי פארגעסען.

אָבער אין אים איז די ליבשאפט צו דער פען, וואָס איז ביי אים געווען א געבוירענע זאך, ניט אויסגעלאָשען געוואָרען. ווי יעדע לעבע־

דיגע ענערגיע, האָט זי אינוועניג אין אים געגליהט — און געזוכט אן אויסדרוק.

אַט דעם דערלייזונגס־אויסדרוק האָט זי געפונען אין די לאַנגע געמיטליכע בריף, וואָס ער פלעגט אָפט אזוי שרייבען צו זיינע פריינט און באקאַנטע.

די בריף זענען געווען פאַר אים א במקום ליטעראטור: פלעגט ער זיך זעצען ענטפערען אויף עפּעס א בקשה פון א פריינד אָדער אפילו גאַר פון א ווילדפרעמדען, פלעגט אויפוואכען, אויפציטערען אין די פינגער — און אין דער נשמה — ביי אים די אלטע שרייבלוסט, די ניט געשטילטע יוגענד־ליבע — און ער פלעגט זיך נישט קאָנען אָפרייסען פון דער פען, פון דעם פאַפּיר. ווי א קליינשטעטעלדיגער סופר, פלעגט ער זיצען אין זיין האלב־טונקעלען אלט־בחור'שען צימער אויף דיעלנא 15 — און שרייבען, שרייבען, שרייבען מיט דער שטילער, געלאסענער ניט־איילינגער פען. צענדליגער זייטלעך, געשריבען מיט א ברייטען, ניט געקארגטען, אָבער גאַנץ געדיכטען כתב, פלעגען פאַרנעמען אָפט די בריף זיינע. און פונקט ווי אין די מינדליכע געשפּרעכען מיט אים פלעגט איר פיהלען אָפט זיין צו פריה אנטשוויגען־געוואָרענעם דערציילער־טאלענט און זיין נישט באפרידיגטע, ווייל נישט פאַרקערפּערטע דיכטער־פאַנטאזיע (ער פלעגט אָפט דערציילען זאכען, געשפּונען פון זיין כח הדמיון) — אזוי שפּירט זיך אין די בריף ביי אים דאָס ארויסשפּארען פון זיין ניט־געזעטיגטער שרייב־גלוסטונג. דער גאַנצער סענטימענטאליזם פון די ניט דערשריבענע ראָמאַנען, אלע זיסע זאכען, אלע צערטליכקייטען פון די ניט אוועקגעשיקטע חתן־בריף, אלע טרייקייטען פון א מענשען, וואָס האָט א נאַטירליכע באַדערפעניש צו זיין טריי עמיצען און איבערגעגעבען — זענען אריבערגעגאָסען געוואָרען אין די בריף.

זיינע בריף — דאָס איז זיין ל י ט ע ר א ר י ש ש א פ ע ן אין דעם לעצטען פּעריאָד פון זיין לעבען. צווישען זיינע בריף און די אמאָליגע ווערק זיינע איז ניטאָ כמעט קיין אונטערשיד. ביי שלום עליכמ'ען — אַט דעם קלאסישען בריפנשרייבער — זענען די בריף אָפט קונציגער, געשליפענער און קאָנצענטרירטער, ווי זיינע ווערק; ביי דינעזאָהנ'ען — דעם צווייטען בריפנשרייבער אין דער אידישער ליטעראטור נאָך שלום עליכמ'ען — שטעהען די בריף אויף איין מדרגה מיט די ווערק. אז איך פלעג באקומען פון אים אמאָל א פולען קאָנווערט מיט א צען־פופצען בויגעלעך פאַפּיר מיט א צושריפט צום סוף, אז ער האָט היינטיגס מאָל גראָד נישט געקאָנט שרייבען אויספירליך: איך זאָל קיין פאראיבעל נישט האָבען אויף איהם — פלעגט זיך מיר דוכטען, אז עס ליגט פאַר מיר אָפען „דער שווארצער יונגערמאנטשיק“, און בילדער פון די איינגעלשע יאָרען פלעגען אויפשטעהן אין זכרון. דעריבער בין איך זיכער, אז ווען די הונדערטער בריף זיינע וועלען אויפגעקליבען ווערען, וועלען אַט די דיקע בענד זיך באהעפטען ברידערליך מיט די בענד זכרונות און אויך

מיט די יוגענד־ווערק זיינע. די ברייטקייט, די געלאַסענקייט, דאָס הרחבת־הדעת און די נאַאיווע פּאָלקטימליכע, מיט משכיל'ישער מליצה'־דיגקייט פאַרפּוצטע, נאַטירליכקייט פון דער מיטטיילונגס־גאַב, מיט וועל־כער עס זענען געבענטשט זיינע ווערק, איז פאַראַן אויך אין זיינע בריף. אויך אין זיי איז דאָס צ ע ג י ס ע ן ־ ז י ך — א צעגיסען־זיך פון א קוואַל, וואָס איז נישט גענוג טיף, אָבער נישט פון א פלאַכען געפּעס־לאָזען וואַסער. דאָס איז דאָס פּאַסיווע איבערגעבען זיך דעם פאַרלאַנג „אויסצוגיסען דאָס הארץ", דאָס זענען די ניין מאָס פּרויענהאַפּטיגקייט, וואָס זענען געווען אין דעם גאַנצען לעבען און דעם גאַנצען שאַפען דינע־זאָהנ'ס.

דינעזאָהנ'ס בריף דאַרפען, אַלזאָ, געזאַמעלט ווערען ניט בלויז פון פּיעטעט וועגען, נאָר אויך פון וועגען דער אייגענאַרטיגער ליטעראַרישער פּערזענליכקייט פון דעם געשטאָרבענעם שריפטשטעלער.

אָבער נישט נאָר צוליב דעם אַליין.

איך האָב געזאָגט פריער, אז צווישען די בריף און די ווערק דינע־זאָהנ'ס איז ניטאָ קיין אונטערשיד. דאָס האָב איך גערעדט וועגען דעם ס ט י ל פון דינעזאָהנ'ס בריף און ווערק; וואָס איז שייך אָבער צום ש ט א ף, איז דאָ צווישען זיי אַן אונטערשיד; דער שטאָף פון די ראָ־מאַנען און ערציילונגען דינעזאָהנ'ס איז איצט שוין פאַרעלטערט פּונקט אזוי, ווי די פאָרם זייערע; אין די בריף איז אָבער דאָ א מאַטעריאַל, וואָס איז ביז איצט נאָך אקטועל, ווייל ער איז פאַרבונדען מיט דעם לע־בען און שאַפען פון כמעט אַלע אידישע שרייבער, די אינגערע אזוי גוט, ווי די עלטערע. די בריף זענען פאַר דעם לעבענפאָרשער פון פיל אידישע שרייבער פּונקט אזוי וויכטיג און אינטערעסאַנט, ווי פאַר דעם ביאָגראַף פון דינעזאָהנ'ען אַליין.

דער עיקר אָבער איז דאָס, וואָס די בריף, ווי די ווערק, דינעזאָהנ'ס האָבען זייער אייגענעם ס ט י ל. און סטיל — דאָס איז אייגענאַרטיג נעפורמטע מענשליכקייט. און אייגענאַרטיג געפורמטע מענשליכקייט איז א זאַך, וואָס ווערט קיינמאָל נישט פאַרעלטערט, מען דאַרף עס נאָר קאָנען געניסען.

די בריף, ווי די ווערק, פון יעקב דינעזאָהן קאָנען איצט געניסען, פון איין זייט, די גאָר פּרימיטיווע, פון דער אנדער זייט — די זעהר ראַפי־נירטע אידישע לעזער. די גאָר פּרימיטיווע געפינען אין אים ז י ך, די זעהר ראַפינירטע — א י ה ם.

## נאָטיצען:

### באָראָדולין:

וועגען דער ענציקלאָפּעדיע אין אידיש.

### זישאַ לאַנדוי:

ביי שטראָמוגגען אין דער אידישער דיכטונג.

### ר. אייזלאַנד:

וועגען מלך ראַוויטש.

### ב. ריווקין:

די שוואַרצע מעסע.

(וועגען א. מ. דילאָנ׳ס „געלע בלעטער".)

### י. שטיינבוים:

די אידישע קינדער ליטעראַטור אין אַמעריקא.

# אַ פּאָר ווערטער וועגען דער נייער „אלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע“ אין אידיש.

איך האָב ערהאַלטען דעם „פּראָספּעקטוס“ פון דער אלגעמיינער אילוסטרירטער ענציקלאָפּעדיע“, וואָס ווערט ארויסגעגעבען אין אידיש פון דער „אדוועכס ענציקלאָפּעדיע, אינקאָרפּאָריטעד“ און וואָס איהר „סובסקריפּציאָנס פּרייז“ איז אַזוי פיל און אַזוי פיל דאָלאַר, און איר „זאָנסטיגער פּרייז“ איז אַזוי פיל און אַזוי פיל דאָלאַר. וואָס איז דאָס פאַר אַ „זאָנסטיגער פּרייז“ — איז פאַר מיר ניט אזוי קלאָר, איך רעכען אָבער, אַז ווען די ענציקלאָפּעדיע וועט ערשיינען, וועל איך ארייַנקוקען אויף דעם בוכשטאַב „ז“, און דאַן וועל איך שוין וויסען, וואָס דאָס איז אזוינס. אויף דעם איז עס דאָך אַן ענציקלאָפּעדיע, אַז עס זאָל ערקלערען די באדייטונג פון אזעלכע טערקישע ווערטער.

די ענציקלאָפּעדיע, וואָס דאַרף מיט זיך פאָרשטעלען אַ ריזיג ווערק אין 10 בענד, 500 זייטען אַ באַנד“ איז „צוזאַמענגעשטעלט און רעדיזשירט פון דוד גאָלדבלאַט מיט דער מיטווירקונג פון א גאַנצער רייהע באַוואוסטע וויסענשאַפטליכע שריפטשטעלער און געלערנטע פון אמעריקא און אייראָפּא“. ווער עס זיינען אָט די „באוואוסטע וויסענשאפטליכע שריפטשטעלער און געלערנטע“ איז ניט באוואוסט; זייערע נעמען זיינען ניט אָנגעגעבען. און דאָס איז זייער טריפה’נער גליק, אנדערש וואָלטען זיי פון מיר געכאַפּט אַ וויסטען פּסק.

דער „פּראָספּעקטוס“ שטעלט מיט זיך פאָר א בראָשורע פון א 30 זייטען. די ערשטע העלפט איז פארנומען מיט פארשידענע ערקלערונגען און באקאנטמאכונגען פארפאסט אין דעם סטיל און מיט דעם לשון פון די פּאָרעדעס צו די „העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען“ פון שייקעוויטש’עס צייטען. אָט האָט איהר א סעמפּעל:

„אין ניומארק איז מיט א פּאָר יאָר צוריק אָנגעקומען א זעהר געבילדעטער י ו ד פון סויט־אפריקא, מיט 22 קאסטענס מאטעריאל פאר אזא ענציקלאָפּעדיע, אויף וועלכער ער האָט געאַרבייט כמעט 30 יאָהר. אהער קומענדיג האָבען אים פילע שטעט אין ענגלאַנד און פראַנקרייך אויפגענומען בכבוד גדול, ווי אזא געלערנטען מאַן פּאַסט.“

דאָס דאַרף מען, הפנים, פארשטעהן אַזוי, אַז קומענדיג אהער, קיין נויאָרק, האָט מען אים אויפגענומען „בכבוד גדול“ און פילע שטעט אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. און איצטער ווייטער:

„אָט דער געלערנטער מאַן איז א י ו ד, וואָס האָט איוניגע טיטלען און שרייבט זיך גאַנץ איינפאַך דוד גאָלדבלאַט.“

און ווייטער לאָזט מען אונז וויסען, אַז ער האָט

„דאָ דערווייל געמאכט א לעבען פון לעקטשורען איבער פילאָלאָגישע און היסטאָרישע פראגען“...

און

„...צוגלייכע צייט האָט ער אָפּגעדרוקט מערערע זעהר באלערענדע און אינטערעסאַנטע ארטיקלען אין „טאגעבלאט“, אין „אידישען קעמפּער“ און אין „טאָג“, מיט וועלכע ער האָט זיך קונה שם געווען אין דער אַמעריקאַנער אידישער לעזער וועלט פון אלע פּאַרטייען.“

הכלל — דער מאַן, וואָס האָט „איניגע טיטלען און שרייבט זיך גאַנץ איינפאַך דוד גאָלדבלאַט“ איז ניט אומזיסט אהערגעקומען אזש פון סויט אפריקא.

דערנאָך געהען עטליכע זייטלעך, וואָס זיינען פארנומען מיט „הסכמות פון גאונים, פילאָזאָפען, פּראָפעסאָרען, נאַטורפאָרשער“. איניגע פון די אָנגעגעבענע נעמען קלינגען מער אָדער ווייניגער באקאנט, אָבער ווער זיי זיינען האָב איך זיך דערוואוסט ערשט איצטער, ווען זיי האָבען געגעבען זייערע הסכמות אויף אזא, איך זאָלט מיר מוחל זיין, „ענציקלאָפּעדיע“.

די צווייטע העלפט פון דעם „פּראָספּעקטוס“ שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּראָבע פון

די ערשטע 15 זייטלעך פון דער ענציקלאָפּעדיע. ביי געוועהנליכע באדינגונגען זיינען 15 זייטלעך ניט גענוג אָפּצושאצען א ווערק, וואָס אַנטהאַלט 5,000 זייטען. אָבער אָט די 15 זייטלעך זיינען אזוי כאראקטעריסטיש, אַז מען קאָן פון זיי האָבען א פולקאָמענעם באגריף וועגען דעם, מיט וואָס פאר א „ווערק" מיר האָבען דאָ צו טאָן.

ווען מען בלעטערט איבער אָט די זייטלעך וואַרפט זיך פריהער פון אַלץ אין די אויגען, אַז די זייטלעך זיינען זעהר קליינע, צו קליין פאר אזא ערנסט ווערק, ווי אַן ענציקלאָפּעדיע האָט געדאַרפט זיין, און דערצו זיינען די זייטלעך געדרוקט שווין צו שפּאָרעוודיג. דער טעקסט איז באגלייט מיט אילוסטראציעס, וואָס זיינען אייגענטליך רעפּראָדוקציעס פון אַלטע גראַווירעס, וועלכע מען באַגעגענט ניט אין וויסענשאַפטליכע ביכער שוין העכער ווי א פערטעל יאָרהונדערט. און אזוי ווי די זייטלעך זיינען זעהר קליינע קומען די אילוסטראַציעס אויס צו גרויס און פאַרנעמען פּראָפּאָרציאָנעל צופיעל פּלאַץ. אייניגע אילוסטראציעס זיינען אזעלכע, וואָס מען וואָלט זיך זעהר לייכט געקאָנט באגעהן אָהן זיי. דאָס וואָרט „אָדע" (אַ געטין) צ. ב. איז באַגלייט מיט אַ פיגור פון אַ נאַקעטער פרויענצימער, אָהן וועלכער מען וואָלט זיך לייכט געקאָנט באגעהן און וועלכע איז געגען די עלעמענטארסטע געפיהלען פון באשיידענהייט. די געשטאַלטען פון נאַקעטע פרויען קאָן מען זיך ערלויבען צו דרוקען נאָר דאָרטען, וואו דאָס איז אבסאָלוט נויטיג, דאָ אָבער איז עס דורכאויס איבריג. דער איינציגער מאָטיוו, וואָס קאָן באַרעכטיגען אָט די פיגור אויף אָט דעם אָרט, איז, וואָס עס פאַרנעמט א האַלבען קאָלום, וואָס וואָלט אנדערש געדאַרפט אָנגעפילט ווערען מיט טעקסט, און וואָס זי איז סענזאציאָנעל און ציהט אויפמערקזאמקייט... א צווייטע פיגור, וואָס אילוסטרירט דעם טערמין „אארטא קאָמפּרעסיאָן", איז אַזאַ, פון וועלכער מען וואָלט מיט א לייכטען געוויסען געקאָנט אָפּקראַצען א געוויסען שטיקעל צוליב דעמזעלבען געפיהל פון באשיידענהייט.

נאָך אַ זאַך, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, איז, וואָס ביי דעם צוזאמענשטעלער פון אָט דעם „ווערק" פעהלט דער געפיהל פון מאָס און פּראָפּאָרציע. אַזאַ וואָרט, ווי „אאל" (אַ פיש אַזאַ) פאַרנעמט ביי אים קאַרגע פיר קאָלומס, און דאָס וואָרט „אאָזע" (אָאַזיס) פאַרנעמט איין קאָלום מיט דריי פערטעל. איך האָב אבזיכטליך אַ קוק געטאָן אין דער ענגלישער „אינטערנאציאָנאַלער ענציקלאָפּעדיע", אַ ווערק פון 23 בענדער צו 16 הונדערט קאָלומס אין א באנד, און דאָרטען פאַרנעמט דאָס וואָרט „אָאַזיס" איין פערטעל פון אַ קאָלום. אויב אַלע ווערטער, וואָס האָבען אַן אַנאַלאָגישע באדייטונג, זאָל אָפּגעגעבען ווערען דיזעלבע מאָס פּלאַץ, טאָ ווי אזוי וועט ער קאָנען אַרומרעדען די אַלע ווערטער, וואָס דאַרפען אריינגענומען ווערען אין אַן ענציקלאָפּעדיע, ווי צוזאמענגעפּרעסט זי זאָל ניט זיין?

דאָס איז דער אַלגעמיינער איינדרוק פון אַן אויבערפלעכליכען איבערבליק. נאָך ערגער ווערט די לאַגע, ווען מען קוקט אריין אינעווייניג, אין די שורות אַריין.

ערשטענס איז די שפּראַך דאָ א שווער דייטשמערישע און ערטערווייז איינפאַך בעזגראַמאטנע. איר באגעגענט איינפאַך אזעלכע ווערטער, ווי „עוראָפּא", „אוואואהין", „צערשניטען", „הערץ", „גאַטונג", א. א. וו. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז דאָ האָבען מיר צו טאָן ניט מיט קיין צופעליגען ארטיקעל אין אַ צייטונג אָדער זשורנאַל, נאָר מיט אַן ענציקלאָפּעדיע, וואו יעדער זאַץ, יעדעס וואָרט באזונדער מוז זיין א מוסטער פון דער שפּראַך. אָבער, — ווי זאָגט מען — אַלע שיסטער געהען באָרוויס, און איינער, וואָס האָט געלעקטשורט איבער פילאָלאָגיע, איז דאָך ניט מחויב צו קענען א שפּראַך פאַר אייגענעם געברויך.

אָבער נאָך ערגער פון דער שפּראַך איז דער אינהאַלט. דאָ האָט די אומוויסענהייט פון דעם אפריקאנער „צוזאמענשטעלער" דערגרייכט איר העכסטע מדרגה.

רעדענדיג וועגען א געוויסען טייך זאָגט ער, אַז ער פאַלט אריין אין „דעם דייטשען אָקעאַן". דאָס וואָלט אפשר געווען אי גוט, אי שעהן, אי פיין, ווען... ווען אזא אָקעאַן זאָל ערגעץ ווירקליך עקזיסטירען אויף דער ערד. עס איז אמת, אַז די לעצטע מלחמה האָט אַריינגעבראַכט געוויסע ענדערונגען אין דער געאָגראַפיע, אָבער די ענדערונגען זיינען דאָך געמאַכט געוואָרען אין דער פּאָליטישער, און ניט אין דער פיזישער געאָגראַפיע. טאָ וואו זשע געפינט זיך אָט דער זעקסטער, „דייטשער" אָקעאַן?

ערקלערענדיג דאָס וואָרט „אארגלעטשער" זאָגט ער, אַז דאָס זיינען „צוויי אייז־בערג

אין די בערנער אלפּען, וועלכע"... א. א. וו.

איך ווייס, אַז די אייז־בערג, וואָס פאָרמי־רען זיך אויף דעם ארקטישען אָקעאַן, פאַר־שווימען מאנכעס מאָל אזוי ווייט אויף דעם אטלאַנטישען אָקעאַן, אַז שיפען, וואָס שווי־מען צווישען איראָפּא און אמעריקא, זיינען אין געפאר אַן זיי זיך אָנצושטויסען. די שיף „טיטאניק" איז אומגעקומען אָנשטוי־סענדיג זיך אַן אַזאַ אייז־בארג. אָבער אז צוויי אייז־בערג זאָלען פארקריכען אזש אויף די בערנער אלפען, דאָס איז פאר מיר ווירק־ליך אַן איבערראשענדע נייעס. איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען, דורך וועלכען טייך, אָדער דורך וואָסער אַן אנדער וועג אָט די צוויי אייז־בערג האָבען זיך אהין פארקליבען.

אָבער שענער פון אלץ זיינען די דער־קלערונגען, וואָס זיינען אָנגעגעבען געוואָ־רען אין פארבינדונג מיט דעם וואָרט „אאל" (אַזאַ פיש). דאָרטען זיינען פאראן א סך פער־לען, אָבער מער כאראקטעריסטיש איז פאָל־גענדער זאץ:

„דער עלעקטרישער אאל האָט אַן עלעקטרישען שטראָם, וואָס איז שטאַרק גענוג צו הרג'ענען 10 פערד מיט איינמאָל."

אַזוי בפירוש שטעהט דאָרטען אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייס.

איך רעד שוין ניט וועגען דעם, וואָס אַן עלעקטרישער אאל האָט איבערהויפּט ניט קיין עלעקטרישען שטראָם, נאָר אַן עלעקטרי־שע אָנשטרענגונג. אָבער דאָס בין איך אים מוחל. נאָך אלעמען איז דאָך אַ „פילאָלאָג" ניט מחויב צו וויסען אלע איינצעלהייטען וועגען עלעקטריציטעט. שעהן איז אָבער די באַהויפּטונג, אַז אַן עלעקטרישער אאל קאָן הרג'ענען 10 פערד מיט איינמאָל.

עס איז אמת, אַז עס זיינען פאראן עלעק־טרישע אאלען, וואָס הרג'ענען קליינע פיש מיט זייער עלעקטריציטעט. עס זיינען זאָגאר פאראן אַזעלכע מעכטיגע עלעקטרישע אאלען, וואָס קאָנען מיט זייער עלעקטריציטעט פּאַרא־ליזירען אַ מענשען אויף אַ קורצער ווייל‏ע, אָבער דערצו איז גאָר ניט נויטיג קיין גרויסע עלעקטרישע אָנשטרענגונג. און צו באהויפּטען, אַז עס זיינען פאראן אזעלכע עלעקטרישע אאלען, וואָס קאָנען מיט זייער עלעקטריציטעט הרג'ענען 10 פערד מיט אמאָל, איז אזא אבסורד, ווי צו באהויפּטען, אַז עס איז פאראן אַזאַ קעראָסינענער לאָמפּ, וואָס קאָן באלייכטען א גאנצע שטאָט.

אויף איינעם פון די ערשטע זייטלעך פון דעם „פּראָספּעקטוס" ווערט ערקלערט, אַז בראש פון דעם פארלאג, וואָס גיט אַרויס אָט די „ענציקלאָפּעדיע" זיינען: דוד גאָלדבלאט, פּרעזידענט און דר. ק. פאָרענבערג, וויצע־פּרעזידענט. במילא — הער דוד גאָלדבלאט איז א „איד", וואָס קיינער קאָן אים ניט און קיינער ווייס אים ניט און קיינער קאָן פון אים ניט פאָדערען קיין דין וחשבון. אָבער דר. ק. פאָרענבערג איז ביי אונז אַ מענש מיט אַ נאָמען, און קיינער קאָן אין זיין וויסען ניט צווייפלען. ער האָט טאַקע גע־קאָנט האָבען געוויסע פינאנציעלע פארבינ־דונגען מיט אָט דער „נאָבעלער" אונטער־נעמונג, ער איז דאָך אָבער ניט געווען מחויב אַרויסצושטעלען זיין נאָמען כאָטש „ביזנעס איז ביזנעס". און אויב ער האָט זיין נאָמען יאָ אַרויסגעשטעלט, מוז ער אויף זיך נעמען די מאָראלישע פאראנטוואָרטליכקייט פאר דעם אינהאלט פון אָט דער „ענציקלאָפּעדיע", וואָס איר „זאָנסטיגער פרייז" איז אַזוי פיל און אזוי פיל דאָלאר.

ל. באַראָדולין.

## נייע שטרעמונגען אין דער אידישער דיכטונג.

דאָס שוין טויזענד מאָל ביז עקעל איי־בערגע'חזר'טע. — מוז א דיכטער זיין אומבאדינגט אויפריכטיג? מוז א דיכטער שאַפען בלויז פון דער טיפעניש פון זיין הארצען, ארויסברענגען בלויז זיין געמיטס־צושטאנד, זיין נשמה, און ווי די ארומיגע וועלט שפּיגעלט זיך אָפּ אין איהם? פאר וואָס זאָל ער ניט טאָרען אַ פּאָר א זויג טאָן פון פינגער, פון מארך. א לעק טאָן פון זער פרעמד? פארשטעהט זיך, אלץ דארף געטאָן ווערען מיט לייכטע פינגער, גענומען ווערען פון ניט צופיל באקאָנטע קוואלען, אז ניט ווירקט עס ניט איבריג אָנגענעם.

די אויפגאבע פון דעם דיכטער איז צו זיין אינטערעסאנט, ער דארף פאראינטריגי־רען. ווי אַזוי ער זאָל דאָס דערגרייכען, דאָס דארף אונז ניט ארען. יעדער — לויט זיינע כוחות.

אויב איר ווילט דאווקע די נשמה פון דעם דיכטער, זייט איר גרייט הונדערט און צוואנציג יאָר נאָכאנאנד צו שטעהן מיט אויפגעשפּיצטע אויערען און איינזאפּען אין

זיך, למשל, יעדען געמיטסצושטאַנד פון אייער קנעכט, דעם זוהן פון אייער דינסטמויד? איר וועט שטאַרבען פון לאַנגוויילִיגקייט, רבותי, איך — זיכער. זאָל ער בעסער עפּעס צוטראַכטען, פאַרטראַכטען, אויסטואַכטען, דערלאַנגען עפּעס אויסטערליכעס, וואָס זאָל ווירקען אויף אונזערע נערוועז, ווי א איטאַליעניש געקעכטס אויף אונזער אידישען גומען, זאָל ער זיך אָפּפאַרבען די האָר אויף גרין, ווי באָדלער, זאָל ער מיסטיפיצירען זיך און די אַרומיגע וועלט, ווי פּאָ, וואָרים אַלץ איז ערלויבט אין קאַמף מיט'ן שונא פון דער מענשהייט — מיט דער לאַנגוויילִיגקייט.

אָסקאַר ווײַלד איז פּאָזא אין דעם פראַפּונדיס ווי אין די פריהערדיגע זאַכען זיינע; אָבער א נייעם געביט פּאַראינטריגירט עס. פּרץ איז געבליבען אין תוך דער זעלבער משכיל אין זיינע לעצטע יאָרען ווי אין זיין יוגענד, (זעה, צום ביישפּיל, זיינע בריף וועגען טעאַטער, א קורצע צייט פאַר זיין טויט צו ישראל דער יענקי, פאַרעפענטליכט מיט א צייט צוריק אין דעם ניו יאָרקער טאָגעבלאַט) אָבער ער האָט זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען, נאָכגעגאַנגען דער לעצטער מאָדע, איינגעזאַפּט, ריכטיגער, געקליידט זיך לויט'ן לעצטען שניט און דערגרייכט דאָס העכסטע — געגאַנגען מיט'ן שטראָם.

פאַר מענשען, נו, פאַר מיר און אייך, איז דאָס וויכטיגסטע אין לעבען ניט אָפּצושטעהן פון דער צייט, קאָנען מיטגעהן מיט'ן שטראָם, בלויז קינדער, נאַראָנים, געטער, זשעניען, טאַלאַנטלאָזיגקייט און העלדען פון איבסענ'ס דראַמען קאָנען דעקלאַמירען וועגען דער העלדישקייט פון געהן געגען שטראָם. אומנויטיגע צו קאָסטבאַרע עקספּערימענטען.

מיר דאַרפען זיין ליכט און דערביי געדענקען, אַז יעדע נייע ריכטונג, שולע, מאָדע, קומט פאַרברייטערען דעם קרייז די ליטעראַטור און ניט שמעלער מאַכען, ווען אפילו יעדע נייע ערשיינונג האָט אין פּרינציפּ פון ווערען א טענדענץ צו פאַרלייקענען אַלץ פריהערדיגעס.

דער בעסטער מיטעל צו אורטיילען צי א נייע ריכטונג וועט פאַרבלייבען, אָדער עס איז בלויז א פאַראיבערגעהענדיגע ערשיינונג, איז די מאָס, אויף וויפיל זי האָט אימפּאָנירט די מענשען, וואָס שלעפּען זיך נאָך דער ליטעראַטור. די דאָזיגע לייט זענען ווי די לייכטע בלעטער פון ביימער וואָס בויגען זיך אין דער ריכטונג פון דעם מינדעסטען ווינטעל.

די טענדענץ פון די דיכטער, וואָס זענען ערשינען אין די יאָרען 9—1906 איז געווען די קינסטלערישע פאָלקאָמענהייט און דער פּערזענליכער קולט. די שטאַרקסטע טענער אין דער ריכטונג האָבען גראָד גענומען די, וואָס האָבען מיט א צייט פריהער נאָכגעצימבעלט די אַלטע קלעזמער. מייז זענען די ערשטע צו פאַרלאָזען א שיף ווען זי איז אין געפאַהר, און קומט די שיף אַרויס פון געפאַהר, ווער קוקט זיך אויף זיי דאַמאָלט אַרום?

נייע טענער האָבען זיך לעצטענס געלאָזט הערען אין דער אידישער פּאָעזיע.*) שווער נאָך צו באַשטימען, וואָס זיי ברענגען מיט זיך מיט, וואָס אייגענטליך איז דאָס נייע, וואָס זיי שטעלען פאָר, כאָטש עס איז קיין צווייפעל ניט אַז עפּעס נייעס ברענגען זיי מיט מיט זיך. אויסערליך איז עס דער ווערז ליבר, וואָס פאַרבינדט די נייע דיכטער, וואָס האַלטען ערשט אין אויסאַרבייטען זייער פיזיאָגנאָמיע. דאָס אַליין איז שוין א גרויס געווינס: אונזער דיכטונג ווערט רייכער אין פאָרמען, ווערט ברייטער. דאָס איבריגע וועט אודאי שפּעטער קומען און ווען אפילו ניט — איז חיה שעה אויך גוט. וואָס דאגה'ענען וועגען שפּעטער?

דערצו קומט דער אומשטאַנד, וואָס פון אונזערע עלטערע דיכטער האָבען מיר שוין קיין נייעס ניט צו ערוואַרטען. ראָלניק, לייוויק, מאַני לייב, האַלפּערין, אייזלאַנד, זישא לאַנדוי, שרייבען שוין אין דער ברייט און ניט אין דער טיף. זיי שרייבען איצט שענער, פאָלקאָמענער ווי אַמאָל, אָבער זיי האָבען שוין זייער פיזיאָגנאָמיע, קאָנען שוין אונז ניט איבערראַשען.

אָפּשטעלען זיך באַזונדער אויף יעדען איינעם פון דער גרופּע יונגע דיכטער, אויף גלאַטשטיינען, מינקאָוו'ן, קורץ'ן, קאַלושינער'ן, לואיס'ן, מיכל ליכט'ן און די איבריגע, וואָס האָבען זיך לעצטענס באַוויזען אויף די שפּאַלטען פון דער „פּאָעזיע", „פּעדער" און „צווייג", איז נאָך צו פריה. פון

---

*)זעה די מאַטאַטשריפטען „פּאָעזיע" (4 נומערן) „די פּעדער" (7 נומערן) און „די צווייג" (4 נומערן).

דעם ביכעל וואָס איז פון זיי ערשינען, איז שווער צו כאַפּען זייער פיזאָנאָמיע. אָבער די מויסטע לידער זייערע וועהען מיט פּריש־קייט, מיט יוגענד און אויף זייער פּאַרדינסט קאָן שוין צוגעשריבען ווערען דאָס, וואָס זיי האָבען אריינגעבראַכט נייע פאָרמען אין דער אידישער פּאָעזיע.

אַז דער ווערז ליבר איז געקומען צו פּאַרבלייבען, קאָן דינען דער פּאַקט, וואָס פילע, וואָס האָבען מיט גרויס חשק געשרי־מויטערט ביי די אַלטע קלעזמער, זענען ממש דער אוואַנגאַרד אין דעם ווערז ליבר כאַר. — לעיעלעס, שוויד און לוצקי, מאַרשירען פּאַראַוס. לוצקי איז שוין אַזוי מאָדערן, אַז זיין ליד אין 6—7 נומער „פּעדער", מאַכט דעם איינדרוק פון פּאַראָדיע.

און אַז פּאַראָדיע איז וואָס?

זענען דען זיינע ערנסטע לידער בעסער? איר דאַרפט דאָס אונבאַדינגט ער זאָל אַנט־פּלעקען פאַר אייך זיין נשמה? וואָס אַנבאַ־לאַנגט מיר, איז מיר ליבערשט, אַז אויב אַ מענש דאַרף שוין פּראָפאַנירען, זאָל ער שוין בעסער פּראָפאַנירען אַ נייע פאָרם, אַ נייע שטרעמונג, איידער אייגען האַרץ, נשמה און געפיהלען.

זישאַ לאַנדוי.

## וועגען מלך ראַוויטש.

עס איז שווער זיך אַריינצולעבען אין מלך ראַוויטש. ווייל צווישען אים און אונז שטעהט ווי אַ מחיצה זיין שפּראַך. דאָס איז אַ שלעכטע שפּראַך, אָפּטמאָל אַ שווידערליכע ווי ביי אַלע גאַליצישע פּאָעטען. עפּעס פאַר־מאָגען זיי אַלע אַזעלכע אויסדרוקען און ווערטער, וואָס זענען ניט אידיש, ניט דייטש, און ניט אפילו דייטשמעריש, נאָר אַ מין פּאָעטישער זשאַרגאָן. צו דעם קומען נאָך צו לאָקאַליזמען, העברעאיזמען און סלאַוויזמען, וואָס גרילצען אין אויער און פאַרדאַרבען אונז די פיינסטע עמפינדונגען.

די אַנדערע, אפילו די טאַלאַנטירטסטע, (און עטליכע פון זיי זענען אמת באַגאַבטע) פון אונזערע גאַליצישע קאָלעגען, ווערען אָפּטמאָל אין גאַנצען צודריקט אונטער דער לאַסט פון זייער אומגליקליכער שפּראַך. אָבער דאָס וואָס ווירקט אויף די אַנדערע ווי אַ דריקענדיגע שווערע און שעדליכע משא, ווערט ביי ראַוויטש'ן בלויז פּאַרוואַנדעלט אין אַ וואַנט. אַ דיקע וואַנט, וואָס טיילט אים אָפּ פון אונז. קוים אָבער געלינגט אונז דורכ־צוברעכען די וואַנט, דערזעהען מיר מיט אַ מאָל אַ גרויס ליכט, אַ העל ליכט, וואָס איז נאָר מעגליך אין דעם קעניגרייך פון דעם גרויסען דיכטער. און דאָס ליכט פירט אונז און מיר ווערען אַזוי מוטגעריסען, אַז מיר באַמערקען מער ניט די שטייכער אויפ'ן וועג, און מיר פאַרגעסען אַן דער שלעכטער שפּראַך אין אַלע אירע לעכערליכקייטען. ווייל צו־זאַמען מיט'ן דיכטער ווערען מיר דערהויבען איבער זיי. און צוזאַמען מיט אים שוועבען מיר אין זיין גרויסער אומענדליכער וועלט.

דער וואונדערליכער מלך ראַוויטש! דאָס איז אַ דיכטער פון גרויסען שניט, פון גאָר גרויסען שניט. איינער פון יענע וואָס שטע־הען מיט ביידע פיס פעסט אויף דער ערד און מיט'ן קאָפּ אין די הויכע הימלען.

צוויי מאָגערע ביכלעך האָבען מיר די טעג באַקומען פון אים. אַ זאַמלונג לירישע לידער „רואינענגראַז" און אַ פּאָעטישער פּרואוו „שפּינאָזאַ". צוויי מאָגערע ביכלעך, וואָס שטעלען מיט זיך פאָר איין גרויס וואונדער. אַ וואונדער, וואָס מיר זעהען, אָבער וואָס מיר קאָנען ניט דערקלערען. מיר קאָנען נאָר נתפּעל ווערען.

מיר ווערען נתפּעל פון דעם דיכטער, וואָס באַגריף ווערט ביי אים פאַרוואַנדעלט אין עמפינדונג, עמפינדונג אין געדאַנק און אַלץ דערהויבט זיך צו דער הויך און דער טיף פון הייליגען גלויבען:

„חכמה, געטליך וואָרט, הימלישע
אוממעגליכקייט,
באַהאַלט נישט אַזוי אומעטיג פאַר מיר
דיין פּנים.
הימלישע אוממעגליכקייט, זעה מעגליך
איז דער זין פון מיינע רייד:
כ'וויל זיין דער מינדסטער נאָר דאָ אונ־
טער די נאַראָנים.

„חכמה, געטליך וואָרט, רוהיגע אוממעג־
ליכקייט,
אַז איך האָב איינמאָל שוין דיין רוה גע־
פונען,
רוהיגע אוממעגליכקייט, וועל איך מיך
נאָכציהען נאָך דיין בלויען קלייד
צום גוטסקייט־ברונען, רוהע־ברונען, צו
דיין ברונען..."

מיר ווערן נתפעל פון דעם דיכטער, ביי וועמען דער אבסטראקטער באגריף ווערט אזוי פארזינליכט און פארבילדליכט, אז ער נעמט אן די פארם פון בלוט און פלייש:

„מיט צעהן פאר הענט, מיט האמערס,
העק און זעגען,
איז דיין ווילען געגאנגען פאראויס אויף
די וועגען,
פון דיין פאראייגזאמט לעבען.

„געצייכענט איז געווען דער ווייטער
גאנג.
געדאנק
האט געטראגען די פאקעל.

מיט צעהן פאר הענט, מיט האמערס, העק
און זעגען,
געגאנגען איז דער ווילען דעם ציל
אנטקעגען,
זיכער ווי דער זומערדיגער פולער רעגען"
(שפינאזא, דער טויט 1)

„— — — און די קרעאטור
האט מיט גלייכע שורות, ווי דאס דרייעק
קלאר,
איר לעבענס וועג געהאט געצייכענט, —
(שפינאזא, דער טויט, 2)

און ניט נאר ווערן מיר נתפעל, נאר אפטמאל בלייבען מיר שטעהן ענטציקטע פאר א בילד, וואס איז פון שטיין אויס־געהאקט מיט א פעסטער, זיכערער האנט:

„די האקמעסערס ליגען גרייט,
דרייצאקיג און שארף,
די קלעצער טריפען נאך פון נעכטיגען
בלוט;
און היינט פארטאג
ווען די בלאהע הימעל־שטויב־שפריזענ־
דיגע ראסע
האט יעדען מידען פארבייגעהער געקושט,
האבען זיך אין שעכט־הויז די חלפים
געגליטשט
איבער אויסגעשטרעקטע העלזער —
איבער אדערען ווי בארג־קוואלען שוואנ־
גער מיט בלוט,
העלזער פון לעמער,
אומשולדיג, גרויסאויגיג און סאמעט
פוסיג..."
(רואינענגראז, קצבים)

אבער צו וואס זיך אפשטעלען אויף אזעלכענע קלייניגקייטען, וואס סוף כל סוף זענען זיי דאך ניט מער ווי סמנים פון גרוי־סער מייסטערשאפט, ווען מיר ווערען נשתומם פון דעם גרויסען מענשען, וואס קוקט ארויס פון די שאפונגען? פון דעם גרויסען מענשען, וואס קאן ווערען קליין ווי א ווארים און גרויס ווי א נביא און אייביג מענשליך טיף און מענשליך גרויס.

פון איין זייט אזא הינגעבונג ווי:

„...איך בין ווי די שטיינער אין די
שטראזענעקען;
דריי פוס די לענג און איין פוס די פלאך
ווילסטו אפשר בויען א מקדש פאר כרוי־
דען,
א מקדש מיט טערעמער (טורעמס) שטילע
ווי גייסט —
כ'בין דריי פוס די לענג און איין פוס
די פלאך.
האק פון מיר א טרעפ צו דיין הייליגען
געמאך..."
(רואינענגראז, שטילע ווילונג)

און פון דער צווייטער זייט אזא גע־וואגטער זעלבסטבאוואוסזיין ווי:

„באשערט איז מיר אפשר א לייכטער צו
זיין,
א לייכטער פאר מיין דור,
א וועגווייזער אפשר, וואס שטעהט אויף
דעם וועג,
אויף דעם אומענדליכען וועג צו גאט..."
(שפינאזא, אפהענגיגקייט)

אדער:

„כ'וועל בליהען אויפס ניי
אין דיין הייליגען נאמען,
בוימייסטער פון גליקליכע וועלטען!"
(שפינאזא, ניי לעבען)

און אין דערזעלבער צייט אזוי דערשלא־גען פארצווייפעלט, ווי:

„אויס לויטער יאוש בין איך געגאנגען
צו דיר,
מיט רויטע פלעקען פון צער אין דעם
פנים,
און כ'האב מיר געקילט אין דער שויב
פון דיין פענסטער
מיטען ביינאכט.
(שפינאזא, דערקענטעניש)

מיט ליבשאפט און דרך ארץ נעם איך אראָנטער דעם הוט פאַר אַ אינגערן גרעסערען ברודער. אָבער איידער איך פארענדיג מוז איך נאָך ציטירען דעם גאנצען סוף פון דעם נאָר וואָס דערמאָנטען ליד, וואָס איז אזוי וואונדערליך גרויס און אומענדליך שעהן:

„און דו האָסט אויפגעמאכט פריינדליך די
טיר,
פייער געמאַכט און האָסט אַפיר
גענומען דעם וויין און דאָס ברויט
און אָנגעהויבען (ווי ווייכער געזאַנג איז
עס פון דיינע ווערטער געגאַן):
קום פארגעס יונגער פריינד דעם טויט.

— — — — — — — — — — —

„— קום פארגעס יונגער פריינד דעם
טויט,
טו אוים די שיך, וואש די פיס פון דעם
שטויב,
וויין אוים דעם צער פון דעם טרויער-
געדאנק.
און מאך דיך גרייט צום ווייטסטען גאנג.

„און אז דו וועסט קומען אין גאס ארויס,
לאָז זיך דיר דאכטען, פארברענט איז
דיין הויז,
לאָז זיך דיר דאכטען, אז היינט
האָט דאָס לעצטע מאָל די זון אויפגעשיינט
און פרעה זיך מער מיט איר ליכט דערפאר.

„און אָטעם אריין דעם אויר פון שיין,
און געה אין דער וועלט, אין דער וועלט
אריין,
און געה אויף און אין איר.

ר. אייזלאנד.

## די „שווארצע מעסע".

(וועגען א. מ. דילאָנ'ס „געלע בלעטער"*)

דורכגעלייענט — שלעכט; דער מענש רעדט משונה. רעדט ער עס פון היץ צי פון אומבאהאָלפענקייט?

זיך אריינגעלייענט — און זיך אריינגעלעבט. איך פארשטעה און באַנעם. יעדע שורה רעדט צו מיר.

איצט ווען איך לייען — דערקען איך די ווערטער ניט. אלע פארוואנדעלטע. אַלץ האָט אַ זין. און אלץ איז איינס, איין גאנצעס. ניט קיין אַכצען לידער, נאָר א י י ן פּאָעמאַ אין אכצען געזאַנגען, און די פּאָעמאַ וועל איך רופען: די „שווארצע מעסע"!

אַ מענשען איז מיאוס און ענג געוואָרען די וועלט; ער האָט זיך געשטיקט און געוואָרגען מיט'ן לעבען.

איז ער געגאנגען און האָט פארקויפט די נשמה צום טייוועל כדי צו פאר'שכור'ען זיך מיט זיין אומגליק; כדי צו לאבען זיך מיט זיין פיין; כדי צו טאַנצען ביז וואנזין.

ער האלט אָפּ א קורצען גאָטעסדיענסט דעם טייוועל — אַ „שווארצע מעסע" — און באצאָלט גלייך דעם פרייז: שטארבט. און ערשט ווען ער קומט טויטערהייט צוריק פון קבר — געפינט ער אביסעלע גוטס אין לעבען: — די טרערען פון זיין מאמען איבער אים, דעם געשטאָרבענעם:

„אוי מאַמע... דו ביזט דאָך מיין מאַמע! — שרייט ער אוים.

דער צער פון דער מאַמען — דער איינציגער טרייסט אין אַ לעבען, וואָס לאָזט זיך אזוי לייכט צוגלייכען צום טויט, אין אַ וועלט, וואָס איז ווי אַ קבר.

דאָס איז דער קורצער אינהאַלט פון דער פּאָעמאַ.

די זעקס ערשטע לידער זיינען דער אריינפאַר אין דער פּאָעמאַ; זיי דערפירען ביז צום באגעגעניש מיט'ן טייוועל; דעם טייוועל קריגט ער ארוים פון זיך אליין, — פון וואנען דען זאָל ער אים ארויסקריגען? ער רופט אים ארוים פון זיך, ווען ער הערט אויף צו קלאָגען און יאָמערן און ער פאר'כעס'ט זיך. דאָס געשעהט נאָכדעם, ווי ער דערפיהלט, אז — „פארשפּילט איז שוין דאָס לעבען, פארשפּילט איז אויך דער טויט" (ליד ה'). איז דער טויט אויך קיין בארוהיגער, קיין טרייסטער, קיין ערלויזער ניט?

האָט ער שוין קיין ברירה ניט און באשליסט משוגע צו זיין:

*) „געלע בלעטער" פון א. מ. דילאָן, געצייכענט פון ז. מאוד. פארלאג „אמעריקא".

„און אויפשפרינגען וועל איך פאר
שאַנד און פאַר שפּאָט,
צערייצטערהייט לויפען אין וואלד
ווייט אליין ;"

ער פארברייננגט דאָרט א משוגענע נאַכט; פלעכט זיך פון חושך אַ קרוין ; און לויפט זיי ווייזען פאר די מענשען אין גאס, און לויפט גלייך צוריק אַ צערייצטער אין וואלד אריין — „און זאָל פון דעם וואַנזין זיך שמידען א כעס!" (ליד ו'.)

און גלייך אויף מאָרגען, אויף דער צווייטער נאַכט (ליד ז') :

„האָט דער טייוועל געקלאַפּט
אין מיין פענסטער ;
קום איך ווער דיינער אַ פריינד ;
איך בין אין דער פינסטער געלעגען,
מיין אויג האָט פון גליק אַזש
געשיינט."

גליקליך־ערלייזט דורך דעם טייוועל! ווען מען וויל פון פיין מאַכען פרייד, און פון אומגליק — גליק, און גאָט איז ניטאָ דערביי, מוז מען אָנקומען צום טייוועל ; די פארוואַנדלונג גופא איז אַ פּראָצעס פון פאר־טייוולען זיך.

נאַטירליך, אז אפילו א טייוועל קאָן מען פון נאַרנישט ניט שאַפען ; ער מוז שוין זיין. ער זיצט אין דעם מענשען, וואָס רופט אים צו הילף.

שוין אין ערשטען ליד, וואָס הויבט אָן די פּאָעמא און אין וועלכען דער העלד ווערט כאראקטעריזירט (דער פּאָעט אליין) — איז דער טייוועל שוין דאָ :

„אויף וועמענס מזל קלאָגט אזוי
דער רעגען ?
אויף מיינעם אפשר קלאָגט אזוי
דער רעגען ?
אָדער אויפ'ן מזל פון א בלינדען
הויקער,
וואָס שלעפּט זיך ערגעץ אויף
פארשטויבטע וועגען ?
צי אפשר אויפ'ן הונט, דעם גלגול
פון די וועגען ?
אויף וועמענס מזל קלאָגט אזוי
דער רעגען ?"

די זעקס לידער — ביז דער טייוועל קומט — זיינען מדרגות פון „שלעכט". זיי זיינען געשריבען געוואָרען פאר דילאָג'ס מתן תורה, איידער דער טייוועל האָט אים אויסגעלייזט און פארוואנדעלט זיינע גע־שרייען אין געזאַנגען.

ווען עס רעגענט, איז אים בעסער, ער פרעגט נאָך, ער קאָן נאָך פרעגען : „אויף וועמענס מזל קלאָגט אזוי דער רעגען ?". ער קאָן נאָך צווייפלען : „אויף מיינעם אפשר קלאָגט אזוי דער רעגען ?"

אָבער ווען עס רעגענט ניט, ווען די וועלט איז ווי געוויינליך און די מענשען פיהלען זיך באקוועם, יעמאָלט ערשט דער־פיהלט ער, ווי שלעכט אים איז. עס איז אים אזוי שלעכט, אַז ער קאָן די גאנצע וועלט אָנפילען מיט שלעכטס.

דער בלינדער הויקער טראָגט מיט זיך אַ טאָרבע געלע בלעטער און צעשיט זיי ביי יעדער שוועל און טיר, דאָס שפּרייט ער פון זיך טרויער און אומגליק. עס איז שוין גאָר קיין פראַגע ניט צו אים איז שלעכט ; עס איז אים שלעכט גענוג פאר דער גאנ־צער וועלט. די פראַגע, וואָס ער פרעגט, וואָס מענשען, וואָס עמיצער פרעגט, איז ניט קיין פראַגע פון ספק נאָר פון פאַרוואורף :

„וואָס שפּרייטסטו געלע בלעטער ?"
ענטפערט ער :
„פרעג ביי גאָט, ביי מענשען, ביי דער וועלט".

עס איז א פראַגע וועגען אומזין. עס איז דורך און דורך אומזין. צו וואָס ?

אָבער עס זיינען פאראן נאָך ערגערע פראַגען : „ווייסט דען עמיצער דערפון ? ווייסט דען עמיצער דערפון ?" ער, וואָס טראָגט אין זיך גענוג אומגליק פאַר דער גאַנצער וועלט, איז דער איינציגער וואָס ליידט אזוי, דער איינציגער אזוי ליידענדער און דער איינציגער פרעגער.

ווען די זון פארגעהט, — דאָס געהט ער אַליין אזוי אונטער !

ווייס דען עמיצער דערפון ?

דער זונען־אונטערגאנג איז געווען. עמיץ באוויינט די טויטע פעלדער. באוויינט אים אַ טויטער : „איך בין טויט, איך בין טויט. .. ווייס דען עמיצער דערפון ?"

אָבער דאָך, ווייבאלד ער פרעגט נאָך, איז נאָך ניט אַלץ אויס. אַז ער פרעגט, קאָן נאָך זיין אָן ענטפער : יאָ, עמיצער ווייס דערפון. ווען די זון געהט אונטער, פונקט ווי ווען עס רעגענט, איז עס נאָך צו דערליידען, אָבער ווען די זון געהט אויף און שלאָגט אָן רויטען שיין אָן די פענסטער־שויבען, ווע־קענדיג די מענשען צו די פריידען פון נייען טאָג — דאַן איז שוין ניט אויסצו־האַלטען, ווארים דאָס האָט ער מיט זיינע

צעבלוטיגטע פינגער אויסגעשמירט די פענסטער — פינגער צעבלוטיגט פון די דערנער, מיט וועלכע ער טראָגט זיך אַרום — זייַנע קווייטען! און

„זעהט די זון פאַרנאַכט — די פענסטער
זייַנען רויט,
געהט זי רויט און בלוטיג מאָרגען
אויף דער וועלט אַרויס."

דאָס, וואָס לויכט זיך רויט די מענשען ביים ערוואַכען, איז דאָס הייסע בלוט פון זייַנע וואונדען. ניטאָ מער קיין פראַגען, דער טאָג ברענגט פאָזיטיווע, זיכערען אומגליק. אַזוי לאַנג די זון געהט ארום אויפ'ן הימעל, צאַפּט זיך בלוט פון זיין הארצען.

אויך די וועלט האָט אַ פאַרבלוטיגט
האַרץ, און
„בוידענס הערצער וואָגלען און קלאָגען:
פאַרשפּילט איז שוין דאָס לעבען,
פאַרשפּילט איז אויך דער טויט".

מען דאַרף ניט לייענען יעדעס ליד באַזונדער. מען דאַרף דורכלייענען די לידער און לייענען זיי צוריק פון סוף צום אָנהויב, און ווידער אָנהויבען פון אָנהויב, האָבענדיג אין זינען דאָס גאַנצע, דאַן האָט יעדעס וואָרט אַ זין, קיין וואָרט איז ניט אומזיסט.

פריהער, אוידער מיר האָבען געהאַט די פּאָעמאַ „געלע בלעטער", האָט מען געקענט מיינען: אָנגעברענטע, אָנגעהיצטע לידער; ניט קיין אָנגעשטימטע טענער, נאָר וועהגעשרייען: „איך בין טויט, איך בין טויט!"

איך האָב אַמאָל געלייענט דילאָנ'ס אַ ליד. אַ נאַכט, אַ געלעגער, איינגעבעט מיט שרעקען און גרוילען, צוקאָפּענס אַ הונט און אַ מת. עס איז מיר פאָרגעקומען ווי אַן אויסגעגאָסענער געדיכטער פיבער.

איצט זעה איך, אַז דאָס איז געווען דער קנויל, פון וואַנען עס האָט זיך אָפּגעוויקעלט די פּאָעמאַ „געלע בלעטער". דער גאַנצער וועג פון פּאָעט ווערט אים צוערשט געגעבען אַ צוזאַמענגעוויקעלטער, ווי אַ קנויל.

איינעם, וואָס וויל ניט אַרייַנדרינגען און וואָס וועט זיך באַנוגענען מיט דורכבלעטערען די טאָפּעלטע בלעטער, וואָס פאָרקומען: דילאָן זאָגט לידער, זאָגט זיי אין פראָזאַ, ווי איינער, אַן אומבאַהאָלפענער הויבט ערשט אָן בינדען פראָזאַ אין לידער. אין דער פראָזאַ וואַרפט ער אַריין אויסגעשרייען אין אכזריות'דיגען אַלט־ראָמאַנטישען סטיל:

בלוט־באַפלעקט, בלוט־רויט; בלוטענדע טריט.

„און זעה מיין אייגען וועלט פול שמערץ און פּיין."

„שטאַרקער, שטאַרקער, עלענדער, זאָלסטו מיין עלענד זיין."

„עס וועט יענע נאַכט אַ שוואַרץ־פינסטערע זיין" — די מעלאַנכאָליע פון ראָמאַנטישען דייטשען בית־הקברות.

אָבער עס איז ניט אַזוי, דאָס זייַנען ניט קיין ראָמאַנטישע באַנאַליטעטען. „בלוט, בלוט־באַפלעקט, בלוט־רויט, בלוטענדע וואונדען, שמערץ און פּיין" — דאָס איז דילאָנ'ס שפּראַך, זיין אומגאַנגס־שפּראַך, די שפּראַך, וואָס ער רעדט מיט זיך אַליין. און מען דאַרף זיך צו איר צוגעוואוינען.

„ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטעהן, געה אין זיין אייגען לאַנד" — נאָך בעסער: געה אין זיין אייגען הויז.

דילאָן איז שטענדיג ביי זיך אין הויז, רעדט מיט זיך זיין אייגענע שפּראַך און ער ווייס ניט פון פּאָעטישע „טריקס". ביז ער קומט ניט צו זיין טייוועל־שפּיל, ווייסען מיר אפילו ניט, אַז ער דרעהט זיך אין אַ פּאָעטישען קרייז. ער אַליין אָבער מערקט זיכער אפילו דעם איבערגאַנג ניט: צי רעדט ער מיט זיך, צי רעדט ער מיט'ן טייוועל — און מענשען הערען אים — פאַר אים איז דאָס אַלץ איינס: פונקט ווי דער פּסאַלמיסט האָט ניט געוואוסט, אַז ער זינגט לידער; פונקט ווי דער ביבעל־דערצעהלער האָט קיין חשד ניט געהאַט, אַז ער דערצעהלט פּאָעטישע מעשה'לעך. דאָס ווייסען מיר ערשט.

פון דעמזעלבען סאָרט פראָזאַ־פּאָעזיע זייַנען אויך דילאָנ'ס לידער; ניט גראָד פון דעם פאַרצייטיגען ביבלישען סאָרט, נאָר פון אַן ענליכען: דאָס איז די תמימות פון אַ מענשען, וואָס איז אַ וועלט פאַר זיך. וואָס ער רעדט זייַנען פּראָסטע ניכטערע רייד מיט אַ פּאָעטישען „שגיון".

---

אַלע 18 לידער פון די „געלע בלעטער" האָבען איין סוזשעט — אַ דראַמאַ, וואָס דער פּאָעט האָט אָנגעוועבט אויף זיך אַליין — דאָס קאָן נאָר אַ פּאָעט! — ווי ער האָט

געזוכט גליק און אַנטציקונג אין פּאַרטיווילען זיך — און אַפילו די זעקס לידער פון פאַר דער באַגעגעניש מיט'ן טייוועל פאַלען ניט אַרויס פון סוזשעט. יעדעס ליד האָט אַ שורה — אַ טאָן, וואָס שליסט זי איין אין דעם געזאַנג. און אַן דעם שליסעל טאָן איז אַנגעשטימט דאָס גאַנצע ליד.

די ערשטע זעקס זיינען נאָך אַלץ אַ מאָנאָלאָג פון דעם פּאָעט מיט זיך אַליין, אָהן אַ געגענשפּיל; די לעצטע צוועלף זיינען אַ דיאַלאָג צווישען אים און דער געשטאַלט, וואָס ער האָט פון זיך אַרויסגעקראָגען — אַ פּאָעטישער שפּיל!

ער האָט אויסגעשריען פאַר שאַנד און שפּאָט און מיט כעס זיך אַריינגעביסען אין זיינע וואונדען — ער מוז נקמה נעמען אַן זיין פּיין! — און די פּיין איז אַלץ שאַרפער, שטעכיגער געוואָרען, ביז זי איז זיך פאַרגאַנגען אין תענוג, און זיין וואַנזין האָט שיינענדיג אַ שמייכעל געטאָן: געזיגט!

אַזוי איז דאָס דער טייוועל געבוירען געוואָרען, און אַלס ערשטען לעבענסצייכען, האָט ער פון זיך אַרויסגעגעבען פאַרטרויליך־אינטימע ווערטער!

— קום איך ווער דיינער אַ פריינד!

פון איצט אַן וואָס פּיין געוועזען, וועט פריוד זיין פאַר איהם. שאַנד און שפּאָט איז זיין פרעהליכער מאָלצייט.

„ער גיט מיר אַ מיצעל מיט גלעקלעך,
מיר געהען אַרויס אין דער נאַכט,
איך ציה — און עס קלינגען

די גלעקלעך,
דער טייוועל, ער טאַנצט און ער לאַכט".

בייזע פריוד, שאַדען־פריוד, נקמה־פריוד, צו'להכעיס פריוד!

זיי שפּאַנען זאַלבענאַנד און קוקען אַריין אין פענסטער:

„דאָרט צאַפּלען געקוילעטע מענשען,
אַן איז אַ מעסער, אַ האַק;
שטיקער לייב אויף צעבראָכענע טישען,
אין אַ ווינקעל אַן אויג און אַ באַק."

אַ פּאָגראָם! אַ נבואה אויף אַ פּאָגראָם אין טייוועלשען עקסטאַז! אויך דער טייוועל קאָן אַריינגעבען נבואה אין די יעניגע, וועלכע גיבען זיך צו איהם איבער מיט לייב און לעבען. איצט פּראַוועז זיי זייער העכסטען נצחון:

„מיר הייבען אָן קלינגען און ברומען;
שרעקען מיט קולות די נאַכט".

קען דען זיין אַ העכערער נצחון פאַר אַ אידישען פּאָעט, ווי אַ טייוועלשער געלעכטער איבער אַ אידישער שחיטה!

דאָס איז געווען דעם פּאָעט'ס ערשטער גאָטעסדינסט צום טייוועל, זיין שחרית!

דאָס איז וואָס איך רוף די שוואַרצע מעסע, ווען דער טייוועל ווערט צו גאָט געקרוינט און מען טוט צו אים תפילה אין שוואַרצער הייליגקייט, אין פינסטערען יראת הכבוד!...

עס רוהט אויף אים איצט דעם טייוועל'ס ברכה. ער איז אַ דערלייזטער. אַפילו אליין אָהן טייוועל, איז ער שוין אויך ניט אַליין. דער טייוועל איז ערגעץ דאָ אין אים. און די וועלט איז אַנדערש, די ביזנאַכטיגע וועלט (בייטאָג איז די וועלט נאָך אַלץ קיין וועלט ניט פאַר אים). ער דאַרף ניט אויסשפּילען די גאַנצע וועלט מיט זיין יאָמער. זי שיידט זיך אָפּ פון אים, זי איז אַן אָביעקט פאַר זיך און ער קאָן דאָך באַשטעהן געגען איר.

די וועלט ווערט אַן אָביעקט אויף צו שפּיעלען זיך. דילאָן ווערט אַ פּאָעט צו פּאָעטען גליך. ער שפּיעלט זיך מיט דער וועלט, מיט זיין אומגליק, מיט זיין בענקשאַפט און איינזאַמקייט, מיט די שאָטענס פון דער נאַכט און מיט דער פינסטערניש, ווי אַן אמת'ער האַר פון פינסטערניש.

אין דריי לידער שפּיעלט ער זיך מיט'ן טויט — אַ שפּיעל, וואָס ענדיגט זיך, נאַטירליך, אין קבר.

איך וועל די לידער ניט ציטירען: זיי זיינען די שענסטע לידער וועגען טויט, וואָס זיינען פאַראַן אין דער אידישער פּאָעזיע. און איך וויל דעם לעזער ניט פאַרדאַרבען דאָס פאַרגניגען אַנטציקט צו ווערען. זאָל דער לעזער זיי לייענען אין די גע'כתיבה'טע אותיות פון ז. מאָוד, וועט ער האָבען אַ טאָפּעלטען פאַרגניגען פאַר זיין טרחה!

דער עפּילאָג פון דער פּאָעמע־דראַמע, וואָס דער פּאָעט האָט אויפגעשפּילט אַרום זיך מיט דער הילף פון טייוועל, שפּילט זיך אָב אויף יענער וועלט.

דער פּאָעט שטעהט אויף פון קבר, באַקוקט די אַלטע מצבות, דאָס געבויגען הויזעל פון אַלטעטשקען קברן —

„אַ הייזעל — ווי נאָך אַ מצבה אויף
איינעם אַן איינזאַמען קבר".

און פאַרלאָזט דעם בית עולם.

ער געהט צוריק אין דער וועלט אַריין און טרעפט אַלע זיינע אַלטע באַקאַנטע:

„עס טראגען זיך אום אין די גאסען
צוהוליעט שכורים געזאנגען."

„און פלוצלונג — אַ שוין אין א שוין
אין א פענסטער — עס צאפּעלט
אַ מענש זיך און גוסס'ט."

דער טויט — אויך אן אלטער באקאנ־טער זיינער פון דער צייט, ווען ער האָט נאָך געלעבט:

„און נאָך אַ טראָט ווייטער — אַ געסעל
און אָט אין מיין צימער.
ס'אַמאָליגע הויז. איך דערקען עס
מיט איצטיגע אויגען."

ס'אַמאָליגע הויז, איצטיגע אויגען — אזעלכע איינפאכע ווערטער, אָבער ווי מען דאַרף זיין איינגעשלאָסען אין זיך און איינגעלעבט אין טויט, כדי צו קענען זאָגען אויף זיך, לעבעדיגערהייט, ווי טויטערהייט! — אזא איינפאך וואָרט: מיט איצטיגע אויגען!

מיר ווייסען שוין, וואָס ער האָט טויטערהייט דערזעהן דורכ'ן פענסטער פון זיין הויז: זיין מאמען, וועלכע האָט אויסגעוויינט אירע אַלטע אויגען אויף איהר פאַר־לוירענעם זוהן.

הגם דער פּאָעט האָט פארקויפט די נשמה צום טייוועל און האָט באצאָהלט מיט'ן לעבען דערפאַר, אָבער ער האָט אויך זיין שכר אויף יענער וועלט: ער געפינט אויס, אַז עס איז דאָ אַ הייליגע, ניט פארגעהענדע, אייביגע זאַך אין לעבען: דער מאַמעס טרערען!

אַ הילכיג געשריי דורכ'ן פענסטער:

„אוי מאמע, דו ביזט דאָך מיין מאמע!
און אויפשרעקען וועט זי מיין שטימע,
און אויפשפּרינגען וועט זי פון אימפּעט
און וועט זיך דערמאָנען אין יאָרען,
וואָס זיינען לאנג שוין פאַרגאנגען.
און איך וועל פארשווינדען."

אָבער איין הייליגע זאך בלייבט: דער מאַמעס טרערען!

וואָס פאר א לאנגען וועג, וואָס פאר א ווייטען גלגול קרייז דער בלינדער פּאָעט האָט געדאַרפט דורכמאַכען — בלינדערהייט שרייען צו דער וועלט: טויט! טויט! — זיך פארבינדען מיט'ן טייוועל, זיך לאָזען אויסלייזען פון אים פאר אזאַ טייערען פּרייז — דאָס לעבען! — געהן אין קבר אריין און געהן צוריק — כדי די אויגען זאָלען זיך איהם עפענען און ער זאָל דערזעהן די וועלט, אַן אָביעקטיווע וועלט, וואָס פאַר־מאָגט צווישען מיליאָנען אָביעקטען אויף צו שפּילען זיך, אויך אזעלכע הייליגע פּערלען ווי אַ מאַמעס טרערען.

איך האָב פארוואָרפען אַן אילוזיע אי־בער דעם פּאָעט דילאָן, וואָרים אזוי דאַרף מען טאָן מיט יעדען פּאָעט. די אילוזיע — דאָס איז דער פּאָקוס, צו וועלכען ער צילט מיט זיין שאַפען און צילענדיג צו וועלכען ער ווערט און מוז גרויס ווערען.

ווען איך האָב אָנגעהויבען שרייבען דעם אַרטיקעל, האָב איך זיך ניט אַרומגע־קוקט, אַז אין ווינקעל־טאָוועל איז מיט קליינינקע אותיות אָנגעצייכענט: פארלאַג „אמעריקא" — דערזעלבער פארלאג, וואָס גיט אַרויס די „שריפטען"; איך האָב ניט געטראכט, אַז איך וועל דאַרפען נעמען אויף זיך די ארבייט צו לויבען דעם פארלאג און דעם פארלעגער פון די „שריפטען", פאר וועלכע איך שרייב דעם אַרטיקעל.

אָבער איך ריזיקיר און נעם אויף זיך די עבירה און לויב דעם פארלאג און דעם פארלעגער — ווייל ער האָט מיט אזויפיל געטרייזשאַפט און ליבע, אזוי רייך אַרויס־געגעבען אַ פּאָעט פון אזעלכע איינפאַכע ווערטער. זאָל אויך געלויבט זיין דער צייכ־נער מאָוד, וואָס האָט די אַלע איינפאַכע ווערטער איבערגעשריבען מיט זיין האנט און גע'כתב'עט, ווי מען שרייבט איבער די ווערטער פון א הייליגען ספר, וואו יעדעס וואָרט מוז פארשריבען ווערען, קיין וואָרט טאָר ניט פארלוירען געהן, ווייל יעדעס וואָרט האָט אַן איינפאַכען און א טיפערען זין!

ב. ריווקין.

---

# די אידישע קינדער ליטעראטור אין אמעריקא.

## 1 מעשות

א. סעריע „ראָזשינקעס מיט מאנדלען", 6 נומערן. מייזעל'ס פארלאג — 1918.

ב. סעריע „פאר איך און אייערע קינדער", 8 נומערן. פארלאג „אידיש" ניו יאָרק, 1918—19. (אילוסטרירט).

ג. אליהו הנביא מעשות — נומער איינס. מייזעל'ס פארלאַג 1918.

ד. מעשהלעך פאר אידישע קינדער, פון י. ל. מאלאמוט. פארלאג „מעשה׳לעך“, סט. לואיס.

ת. מעשה׳לעך פאר קינדער פון תשר״ק, אילוסטריט פון לאָלא, היברו פּאָבלישינג קאָמפּאני, 1919, 222 זייטען.

ו. פון פאָלק׳ס מויל צוזאמענגעשטעלט פון יואל ענטין, אילוסטרירט פון ס. ראסקין. היברו פּאָבלישינג קאָ., 1919, 201 זייטען

ז. י. ל. פרץ, דין תורת מיט׳ן ווינד,

ח. ש. אנ־סקי, די גרים אין רוסלאנד,ביידע ארויסגעגעבען פון אידיש נאַציאָנאלען ארבייטער פארבאנד, ניו יאָרק.

ט. די אידישע קינדער וועלט, ארויסגעגעבען פון פארבאנד פון די נאצ. ראד. שולען ניו יאָרק.

ניט אלע פון די אויסגערעכענטע מעשה־לעך שטעלען צופרידען די פּעדאַגאָגישע און ערציהערישע פאָדערונגען, וואָס ווערען געווייגטליך געשטעלט יעדער זאך, וואָס קומט ערציהען דאָס קינד. דאָס איז מסתמא דערפאר, וואָס די באשאפונג פון אַ קינדער ליטעראטור געפינט זיך נאָך ביי אונז אין דער התחלה, און די מחברים, איבערזעצער, און איבערדערצעהלער האָבען נאָך נישט פאר זיך קיין גענויען פּלאַן און קיין גענויע אויסרעכענונג און פארשטעהען אפשר ניט וואָס עס איז נויטיג און וואָס ניט. מ׳לערנט זיך ערשט שרייבען פאר׳ן אידישען קינד אין אידיש, און מען מוז דעריבער אמאָל פארקוקען אָן אַ זייט, אפילו ווען דאָס ווערט געטאָן אויפ׳ן קינד׳ס חשבון. און דער פאקט אליין, וואָס אין משך פון אזא קורצער צייט זענען ארויסגעגעבען געוואָרען עטליכע מעשה־סעריעס און גאנצע צוויי בענדער, אן ערך פון הונדערט און פופציג גרעסערע און קלענערע מעשות, דארף אונז דערפרייען און צוגעבען האָפנונג אז אונזער קינדער ליטעראטור וועט וואָס שנעלער דערגרייכען איהר אמת׳ע הויך, און וועט באפרידיגען די נויטען פון דער היגער אידישער שול.

דאָס איז ווען מיר רעדען אין אלגעמיין, אלס הייסע אָנהענגער פון דער אידישער שול און אידישער שפּראַך. קומען מיר צו די דעטאַלען, צו דעם ווערט פון די מעשית, און צו די פאָרמען, אין וועלכע זיי זעניין איבערגעגעבען געוואָרען, באקומען מיר, אפשר מיט איין וויכטיגען אויסנאם, א גאנץ טרויעריג בילד.

לאָמיר צוערשט דערמאָנען אונזער אויסנאם. כ׳האָב אין זין די סעריע „ראָזשינקעס מיט מאנדלען“.

די דאָזיגע סעריע באשטעהט, א חוץ נומ. זעקס, פון זעכצעהן מעשה׳לעך פון יהודה שטיינבערג, איבערגעזעצט פון העברעאיש דורך ש. שאפּיראָ — אן אמת׳ע מתנה פאר׳ן קינד, וואָס לייענט אידיש. שטיינבערג׳ס מעשה׳לעך זענען אָנגעפילט מיט א לייכטען קינדערשען הומאָר, און לעזענדיג זיי פיהלט זיך דאָס קינד אזוי ווי ביי זיך אין דער אייגענער וועלט, ווייל זיי דערצעהלען אים פון זאכען, איבער וועלכע עס טראכט טאָג און נאכט די קינדער געפינען דאָרט זייערע שטענדיגע פראגעס „פארוואָס“, „ווי אזוי“, זייערע שטענדיגע חלומות (צוויי באגערען) און זייערע באציהונגען צו דער גאנצער וועלט. שטיינבערג געהט צו צום קינד ניט ווי א גרויסער, וואָס לאכט זיך אויס פון זיינע קינדערשע שטיק, נאָר ווי אן אמת׳ער פריינט, ווי א קינד. דעריבער זיצען די קינדער געשפּאנט אויסהערענדיג שטיינבערג׳ס א מעשה׳לע, און לאכען הארציג ווען ער טרעפט זיי צו.

די איבערזעצונג איז כמעט אין אלע פרטים געלונגען. איר כאפּט זיך קוים, אז די אלע מעשה׳לעך זענען אָנגעשריבען געוואָרען אין אן אנדער שפּראך. אין דער איבערזעצונג איז גאנץ געבליבען ניט נאָר דער תוך, נאָר אפילו די פאָרם. ה. שאפּיראָ׳ן קומט געוויס א דאנק, בפרט ווען מיר געדענקען , אז אזא ארבייט ווערט נאָך ביי אונז ניט געהעריג אָפּגעשאצט.

און דערפאר וואָס מיר זענען אזוי צופרידען מיט דער איבערזעצונג, פארדריסט עס אונז ביז גאָר, וואָס מ׳האָט זיך ניט אויסגעהיט פון שפּראַכליכע און עסטעטישע פעלערען. די ביכלעך זענען ארויס אָהן אילוסטראציעס, מיט געוויסע גרייזען און מיט עטליכע ניט געלונגענע זאַצען. די אָרטאָגראַפיע איז כמעט אין גאנצען אן אויסגעהאלטענע, א זעלטענער פאל אין אונזער ליטעראטור. אַזאַ זאַץ ווי: „זי איז געווען צניעות׳דיג ווי די לבנה סוף חודש“, איז פאר קינדער אזוי גוט ווי טערקיש. איר געפינט אויך „גוטעס“, אָבער „שלעכטעס“. דאָס וואָרט „הויז“ קומט דאָרט אין מענליכען געשלעכט (שטיינערנעם הויז), און „מדבר“ — אין ווייבליכען: א וויסטע מדבר.

נאָך א וויכטיגער חסרון, איז וואָס דאָרטען געפינען זיך אזעלכע „אויסטערלישע“

נעמען ווי: אמרו—אלקיש, צלת—עדיו, קרת—הכילי — וואו און ווען הערט דאָס אידישע קינד אין אַמעריקע אזעלכע נעמען, און ווער קאָן זיי איבערליינען?

נומער זעקס פון „ראַזשינקעס און מאַנדלען", אַנטהאַלט צוויי מעשה׳לעך: 1. בן עמי׳ס פייוועל דער גרויסער און פייוועל (ניט „טויפעל" ווי ס׳שטעהט אויף דער ערשטער זייט) דער קליינער, און 2. ז. ב. סלוצקי׳ס די ערד דרעהט זיך ניט. דאָס ערשטע איז א פיינע איבערדערציילונג פון פון אנדערסענ׳ס א מעשה; די דאָזיגע מעשה׳לעך קאָנען אָבער ניט צוגעשריבען ווערען צו אַמעריקע, ווייל זיי זענען פריהער ערשינען אין רוסלאַנד.

זעהר א ניצליך ביכעל האָט אויך געקאָנט זיין תשר"ק׳ס „מעשות פאר קינדער". די גרעסטע צאָל זענען, אַזוי צו זאָגען, „פראַקטישע" מעשות, וועלכע דער לעזער קאָן באַנוצען אין שול ביי אלערליי געלעגענהייטען. די „שפּיץ־קעפּיגקייט" פון א סך מעשה׳לעך, איז זעהר פארשטענדליך פאר׳ן קינד, און די מוסר־השכל׳ס אזוי בולט, אז זיי מוזען ווירקען.

און דאָס דאָזיגע ביכעל וואָלט זיכער געווען א וויכטיגער צוגאָב צו דער אידישער שול־ליטעראַטור, ווען ניט די שפּראַך. ניטאָ קיין סטיל, ניטאָ קיין פאָרם, ניטאָ קיין שפּראַך ריינקייט, און דעריבער קומען א סך מעשה׳לעך ארויס אזוי בלאַס, און אזוי ו ו אָ כ ע ד י ג. איר דערמאָנט זיך ניטווילענדיג אין דעם „טאגעבלאַט", אין וועלכען א סך פון די מעשות זענען, ווי מיר שיינט געדרוקט געוואָרען. איר געפינט אין דעם ביכעל אן אָפּשפּיגלונג פון אלע פאָרמען פון אָרטאָגראַפיע (דיעזער, דיזער, עוויגקייט א. א. וו.), אַ היבש ביסעל דייטשמעריזמען און ענגליציזמען (קארפּעט, גיד אָפּ! באַי, באַי, פּאַלאַסט, קראַנפּרינץ א. א.). די אידישע גראַמאַטיק איז דאָ „אויף צרות", פון „דער" ווערט „די" פון „די" — „דער" און פון „דאָס" ווערט „די" („די קעלבעל", „די געבעט" א. א.)

דאָס איז גענוג צו דערקלערען, פארוואָס דאָס ביכעל זאָל ניט האָבען דעם נויטיגען ערפאָלג. ס׳איז באמת א שאָד, וואָס ה׳ תרש"ק קאָן אזוי ווייניג אידיש.

אַ פראַגע: פארוואָס האָט ה׳ תרש"ק ניט אָנגעגעבען פון וואַנען ער האָט איבערזעצט אָדער איבערגעשריבען די מעשה׳לעך? דאָס האָט דאָך זיכער געקאָנט געטאָן ווערען, און וואָלט זעהר באהילפיג געווען פאר׳ן לערער. לכל־הדעות האָט ער געמעגט אָנגעבען, וועלכע זיינען זיינע אייגענע. לצים קאָנען אויסטייטשען.....

די גרעסטע אנטוישונג פון די אלע מעשה־זאמלונגען, איז יואל ענטינ׳ס „פון פאָלקס־מויל". די אַנטוישונג קומט סיי פון דעם אינהאַלט פון זיין זאַמלונג, סיי פון דעם אופן ווי אַזוי די דאָזיגע מעשות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען. די שפּראַך איז אפשר פון זעכצענטען און זיבעצענטען יאָרהונדערט, אָבער באַנוצען זי אין א היינטיגער מאָדערנער שול איז פונקט אזוי מעגליך, ווי ס׳איז מעגליך זיך דורכצורעדען אין אַן ענגלישער שול אין דעם ענגליש פון פופצענטען יאָרהונדערט. ווי אַזוי קאָן אַ לערער דערציילען אַ מעשה אין אַ שפּראַך און אין אַ סטיל, וואָס ער באנוצט אליין ניט, און הערט קיינמאָל ניט? אָבער פאר ה׳ ענטינ׳ען איז דאָס ווייניג — דער אַ מ אָ ל י ג ע ר גייסט איבער אלץ!

די גרעסטע צאָל מעשות (מיט א צוויי דריי אויסנאַמען), קאָן מען אין אַ מאָדערנער שול ניט אַריינגעמען. זיי זענען אָנגעפילט מיט אַזאַ גייסט, וואָס שטעהט אין געגענזאַץ צו אַלע אונזערע אָנגענומענע פּרינציפּען וועגען דער ערציהונג פון אונזערע קינדער. דאָס וואָס ווערט אומעטום באַטראַכט ווי נישט געשטויגענע מעשות (נאָנסענס־טוילס) ווערט דאָ צוגעשריבען צום „פאָלקס־מויל", און מיר דאַרפען עס טאַנצען קדוש פאר זיי. אָבער לאָזענדיג די פראַגע פון פאָלקטימליכקייט אַן אַ זייט, פרעגט זיך, צי אלצדינג וואָס איז פאָלקסטימליך קאָן מען געבען אונזערע קינדער אין אַמעריקא, אפילו דעמאָלט ווען די דאָזיגע פאָלקטימליכקייט באשטעהט אין דעם גלויבען פון רוחות, שדים, כישוף, און אַלע אַנדערע גייסטער פון אונזערע אָבות־אבותינו? און ס׳איז נישטאָ אין ה׳ ענטינ׳ס זאמלונג קיין איין מעשה׳לע, וואָס זאָל פריי זיין פון אָט די עלעמענטען, אראָפּרעכענדיג די „מעשה מיט דריי ברידער" (דער נאָמען האָט באַדאַרפט זיין „דער קלוגער נאַר"), וואָס איז ניט קיין אידישע, און וואָס פּאַסט זיך צו די איבריגע מעשות, ווי אַ פינפט ראָד צו א וואָגען.

אויב מיר קאָנען ניט געפינען קיין א י י ג ע נ ע מעשות פאר אונזערע קינדער, וואָס זאָלען פריי זיין פון געטשקעס, מעגען מיר נעמען ביי אַנדערע און זיי גע־

בען. ס'איז ניט אַזוי וויכטיג דער „ו ו ע ר האָט עס באַשאַפען", ווי דער „ו ו אָ ס האָט מען באַשאַפען."

דאָס ביכעל אַנטהאַלט אויך אַ היבש ביסעל קאָמיזם — כ'מיין די טראַנסקריפּציע פון די העברעאישע ווערטער, וואָס פאַרנעמט כמעט אַ העלפט פון ביכעל.

איך פרעג אין ריינעם ערנסט: וועלכער לעזער — און דער לעזער וועט דאָך מסתמא זיין אַ היג קינד, וואָס לערנט זיך אידיש, וויל קיין דערוואַקסענע וועלען די מעשות ניט לייענען — אַלזאָ וועלכער לעזער, וועט וויסען ווי דאָס צו לעזען און וואָס עס מיינט: שעישעס יעימעי בערעישיס, מי יעידעיא, בעזדן שעל מאַאַלאָ? און דאָס חזר'ט זיך איבער אויף יעדער צווייטער זייט.

איך וויל אויך אויפמערקזאם מאַכען ה' ענטינ'ען אויף אַ גרויסען פּאַנעטישען טעות אין וועלכען ער איז אַריינגעפאַלען. ס'איז אַ כלל, אַז דער העברייאישער שוא נע, ווערט אין אידיש אויסגערעדט ווי אַן ע, ווען דער דאָזיגער שוא קומט אונטער י', ל', מ', נ'. האָט ה' ענטין מסתמא דעם כלל פאַרגעסען, און האָט אין דער טראַנסקריפּציע אומעטום געשריבען אַן ע, וואו אין העברייאיש איז געווען אַ שוא. דער רעזולטאַט: בעסורע (בשורה), צעדאָקע (צדקה), זעכוס (זכות), קעוואורע (קבורה) א. א.

אין דעם ביכעל איז אַריינגעלעגט געוואָרען אַ סך ענערגיע, סיי אין איבערגעבען דעם אַלטען אידישען סטיל, און סיי אין אַריינפּאַסען העברייאישע ווערטער און אויסדרוקען, אפילו דאָרטען, וואו אידיש באַנוצט זיך ניט מיט זיי, בפרט פאַר קינדער. אָבער ווי ווייניג נוצען וועט עס ברענגען פאַר דער אידישער שול!

די סעריע „פאַר איך און אייערע קינדער", איז אויסערליך די שענסטע אויסגאַבע וואַרשיינליך דערפאַר, וואָס זי האָט אָנגעהויבען ערשיינען אונטער דער נאָהענטער מיטווירקונג פון דוד איגנאַטאָוו. זי אנטהאַלט אַ ניש'קשה'דיגע איבערזעצונג פון אַ באַקאַנטער צויבער־מעשה („געטרייער אמת"), צוויי אָריגינעלע אידישע מעשות („בערעל פּראַגער" און „אין וואַלד"), צוויי ביבלישע מעשות („יוסף און זיינע ברידער", און „משה") אַ זאַמלונג פאַבלען פון נחום י., און צוויי מעשה'לעך פון אברהם רייזען.

דאָס ערגסטע פון דער סעריע איז הערמאַן גאָלד'ס „אין וואַלד" מיט א צוגאָב פון א לידעל („אַ מיל"), וואָס איז ניט קיין פּאָעזיע און ניט קיין פּראָזאַ. משמעות איז דאָס א הוילער פוטוריזם...

איגנאַטאָוו'ס „בערעל פּראַגער" איז אַ ש י י נ ע מעשה מיט אַ נאָך שענערער פּאַנאָראַמע. און אויב מיר זאָלען אָננעמען די געשפּאַנטקייט און דעם אינטערעס מיט וועלכען די קינדער הערען אויס די דאָזיגע מעשה, וואָס דאָס איז אגב די ריכטיגע מאָס מיט וועלכער מיר זאָלען מעסטען דעם ו ו ע ר ט פון אַ קינדער מעשה, איז „בערעל פּראַגער" נישט נאָר שיין, נאָר אויך גוט פאַר קינדער. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די קינדער באַגרייפען ניט די אידעע פון דעם מעשה'לע, דעם כח פון קידוש לבנה. און ס'קאָן זיין, אַז ביי זיך טראַכטען זיי, אַז דער רבי האָט טאַקע אַזאַ קראַפט מיט וועלכער ער קאָן אַראָפּציהען אַ פליהענדיגען מענשען צו דער ערד. ס'בלייבט אָבער אַ גרויסע פראַגע צי דאַרפען מיר די קינדער באמת לאָזען ביי אַזאַ גלויבען, דורך די מעשות וואָס מיר דערציילען זיי.

די צוויי ביבלישע מעשה'לעך וואָלטען אַן און פאַר זיך, ניט רעכענדיג זיך מיט'ן פאַקט, אַז די אידישע שול נויטיגט זיך אין אַזעלכע ב א ז ו נ ד ע ר ע מעשה'לעך צום ווינציגסטען, געווען אויסגעצייכענט ווען ניט די געטרייקייט צום טעקסט. גיבער האָט מען גערארפט אין זין האָבען די כסדר'דיגקייט פון פאַסירונגען, אוידער די איבערזעצונג פון ווערטער און זאַצען, וואָס שפּילען אין דער מעשה קיין ראָל ניט, און גיבען גאָר ניט צו צו דער דערציילונג. דאָס איז דאָך ניט געווען קיין איבערזעצונג פאַר אַקאַדעמיקער, וואו יעדעס פּינטעלע מוז איבערגעשריבען ווערען.

דער וואָס האָט רעדאַגירט די ביכלעך האָט מסתמא אין איין נומער פאַרגעסען, ווי אַזוי ער האָט געוויסע ווערטער געשריבען אין אַ פריהערדיגען נומער, און האָט כמעט פאַרגעסען, אַז ס'איז פאַראַן אַ אידישע גראַמאַטיק. אין אידיש זאָגט מען: מיך געשיקט, זעהר אַ גרויסער, און ניט: מיר געשיקט, אַ זעהר גרויסער. פון רייגער אָרטאָגראַפיע איז שוין אָפּגערעדט!

דער סך־הכל: זעהר א סך מעשות, אָבער זעהר ווייניג צום לעזען און צום דערציילען, און נאָך ווייניגער פאַר'ן קינד אַליין צו לייענען.

וועגען די איבריגע ביכלעך און וועגען די קינדער־לידער — אַן אנדערש מאָל.

י. שטיינבוים.